ר. דזשיאָוואַניאָלי

# ספּאַרטאַק

היסטאָרישער ראָמאַן

איבערזעצט פון
ל. לאַקסאָן.

בעאַרבייט פון
ע. גאָדמער.

מיט דער ביילאַגע פון אַ קורצען ערקלערונגס ווערטערבוך.

ניו יאָרק.

M. GUREWITCH, PUBLISHER
202 East Broadway New York

ערשטער קאַפּיטעל.

# אין צירק

דעם 10טען נאָוועמבער אין יאָהר 675 נאָך דער רוימישער צייטרעכענונג (און נאָך דער קריסטליכער צייטרעכענונג 78 יאָהר פאַר קריסטוס'ער געבורט) באַלד נאָך זונענאויפגאַנג, האָט רוים שוין געקאָכט מיט מענשען, וואָס האָבען פון אַלע עקען שטאָדט זיך געצויגען צום גרויסען צירק.

אין דעם דאָזיגען ענדלאָזען לעבעדיגען שטראָם האָבען זיך צונויפגעגאָסען מענשען פון אַלע עלטערס און שטאַנדען. אַלע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט איין באַגעהר צו זעהן די פּיעל־פאַרשפּרעכענדע פאָרשטעלונג, אַלעמענס פּנים'ער האָבען אויסגע־דריקט אומגעדולדיגע ערוואַרטונג.

אפילו דער פאַרכמאַרעטער הימעל, וואָס האָט געוויזען גיכער אויף רעגען, ווי אויף שעהן וועטער, האָט ניט פאַרדאַרבען די אַלגעמיינע פריידיגע שטימונג.

אין יענער צייט איז דער גרויסער צירק נאָך ניט געווען אזוי געראָם און פּרעכטיג, ווי ער איז געוואָרען צולעצט פאַר יוליוס צעזאַר און אָקטאַוו אָגוסט; דאָך האָט ער שוין דעמאָלט אויך מיט זיך פאָרגעשטעלט א גראַנדיעזע געביידע, וואָס האָט געקענט אריינגעהמען הונדערט טויזענד צושויער.

און די דאָזיגע גרויסע געביידע איז אַלעמאָל געווען געפּאַקט מיט מענשען. ניט נאָר פלעבייער האָבען באַזוכט דעם דאָזיגען צירק נאָר אויך פּאַטריציער, אַלע, וואָס האָבען געזוכט לוסטיגע און אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונגען לויט די באַגריפען פון יענער צייט.

וואס האט אין יענעם טאג געצויגען אזוי פיעל מענשען אין צירק?

לוצי קארנעלי סוללא דער גליקליכער, דער געוועזענער דיקטאטאר, דער שרעק פון רוים, אום זיך צו פארווײלען א ביסעל און צו פארגעסען אויף א ווײלע זיין אומהיילבארע פיינליכע קראנקהייט, האט מיט א קורצער צייט פריהער געהייסען מעלדען דעם רוימישען פאלק, אז דריי טעג כסדר וועלען אויף זיין רעכענונג פאר אלעמען נעגעבען ווערען מאלצייטען און לוסטיגע פארשטעלונגען.

נאך פאר דער באשטימטער צייט האט שוין דער גאנצער המון פון רוים זיך פארזאמעלט אויפ'ן מארסא פעלד, וואו מ'האט נעגעבען עסען און טרינקען אויפ'ן חשבון פון דעם געוועזענעם רוימישען דיקטאטאר. וועלענדיג ארויסווייזען ס'ארא אפענע האנד ער האט, האט סוללא געהייסען מכבד זיין דעם המון מיט די טייערסטע מאכלים און וויינען — כיד המלך. און דער המון האט מיט פארגעניגען אנגענומען אט די כיבודים פון דעם שרעקליכען הערשער, וואס איז איצט ארא‍פ פון טראן, כאטש אין הארצען האט דאס פאלק איהם געהאסט.

ס'איז שוין געווען ארום האלבען טאג. דער הימעל האט זיך אויסגעלייטערט און די זון האט גענומען העל שיינען. איהרע בלענדענדע שטראהלען האבען געזילבערט די טעמפלען, די פאלאצען פון די פאטריציער, און מילד געווארעמט די מענשענמאסען, וואס האבען זיך געדרענגט אין אמפיטעאטער פונ'ם צירק.

איבער הונדערט טויזענד בירגער האבען זיך שוין דארט צונויפגעקליבען, כדי צו זעהן דעם באליעבטעסטען ספעקטאקל פון די רוימער — דעם בלוטיגען קאמפף צווישען די גלאדיאטארען און די ווילדע חיות. צווישען המון, אויף די בעסערע פלעצער, האבען זיך געזעהן רייצענדע גרופען מאטראנעס, פאטריציער, רייטער און אויסלענדער, וואס זיינען געקומען אין דער אייביגער שטאדט פון אלע טיילען איטאליען און פון אלע עקען וועלט.

אויף דער דריטער באנק, ארום די טריאומף־טויערען, איז געזעסען א מערקווירדיג שעהנע מאטראנע. איהר פנים איז גע־

ווען ווי אפגעטאקט. א הועכער שטערן, א שעהנע נאז, א קליין מויל, גרויסע אויסדרוקספולע שווארצע אויגען — דאס אלעם האט איהר צוגעגעבען א באזונדערען צויבער. איהרע געדיכטע שווארצע האר, וואס זיינען אין לאקען געפאלען אויף איהרע שולטערן, זיינען אויפ'ן שטערן געווען ארומגענומען מיט א גאלדענעם הארבאנד, וואס האט געשימערט מיט בריליאנטען. פון אונטער איהר ווייסען מאנטא מיט א פורפורנעם אונטערשלאג האט זיך ארויסגעזעהן א ווייסער טוניק מיט גאלדענע פרענז.

דאס איז געווען וואלעריא, די טאכטער פון וואלעריא מעסאלא און א לייבליכע שוועסטער פון דעם בעריהמטען רעדנער קווינט הארטענזי, וואס איז געזעסען לעבען איהר.

יעדע באוועגונג פון דעם דאזיגען מענשען, יעדער פאלב פון זיין טאנע האט עדות געזאגט וועגען דעם, אז ער האט ניט וועניג געזארגט וועגען זיין אויסערליכקייט, וועלכער ער האט געקאנט צוגעבען אזוי פיעל ווערדע און עדעלטום, אז מ'האט געקאנט מיינען, אז דאס אלעס איז ביי איהם גאנץ נאטירליך. אלס רעדנער איז ער געווען אזוי באוואוסט, אז באריהמטע אקטיארען פון יענער צייט פלעגען צו איהם קומען זיך לערנען דעקלאמאציע.

ניט ווייט פון זיי זיינען געזעסען צוויי יונגע פאטריציער אונטער דער אויפזיכט פון זייער לעהרער. דאס זיינען געווען צעפיאן און קאטאן — די אייניקלאך פון דעם באריהמטען צענזאר קאטאן. דער עלטערער איז געווען פערצעהן יאהר אלט, דער אינגערער — ארום צוועלף יאהר.

צעפיאן האט געשיינט צו זיין געזעליגער און בארעדעווודיגער פון זיין ברודער און ער האט זיך אפט געווענדט צו זיין לעהרער מיט פראגען. קאטאן איז געווען א שווייגעדיגער און אנגעכמורעטער. שוין אין אט דעם עלטער האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין אויסערגעוועהנליך שטארקען כאראקטער און אויסנעהאלטענקייט אין זיינע איבערצייגונגען, דאס, וואס האט שפעטער באריהמט געמאכט זיין נאמען.

איבער די טריאומף־טויערען, ביים סאמע ארויסגאנג, איז געזעסען אן אנדער אינגעל־פאטריציער מיט זיין לעהרער. דאס

אינגעל האָט געדעדט מיט א יונגען מאן פון א יאָהר זיעבצעהן, וואָס האָט שוין געטראָגען א טאָגע, גלייך ווי א דערוואקסענער מענש.

דער יונגער מאן איז געווען קליינגעוויקסיג און שוואך געבויט, ער האָט אויסגעזעהן בלאַס און קרענקליך. זיינע גרויסע שווארצע אויגען האָבען אויסגעדריקט קלוגשאַפט.

דאָס איז געווען טיט לוקרעצי קאר, וואָס האָט זיך צולעצט אומשטערבליך געמאכט מיט זיין פּאָעמע „וועגען דעם תוך פון זאכען". יענער, מיט וועמען ער האָט גערעדט, איז געווען קאַי קאסי, דער זוהן פון דעם קאָנסול קאסי. קאר האָט זעהר ליעב געהאט קאסי'ן פאר זיין טיעפען פארשטאנד, פאר זיין שעהנער נשמה. ביידע האָבען געהאט איינע געפיהלען און שטרעבונגען, איין בליק אויף'ן לעבען, אויף געטער און מענשען, און דאָס האָט נאָך מעהר פארשטארקט זייער פריינדשאפט.

ווי שארף עס איז געווען דער קאָנטראַסט צווישען די דאָזיגע צוויי פארנייסטיגטע פנים'ער און דעם בייז עזות'דיג פנים פון סוללא'ס זוהן, וואָס איז געזעסען נאָהענט פון זיי! איטליכס מאָל, בעת מ'האָט אָנגעוויזען אויף איהם, ווי אויף'ן זוהן פון דעם גליקליכען דיקטאטאָר, האָט א זעלבסטצופרידענער שמייכעל א קרים געטאָן זיינע ליפּען און א בייז פייערעל האָט זיך אָנגעצונדען אין זיינע קאַלירלאָזע אויגען.

סוללא אליין איז נאָך אין צירק ניט געווען. ווארטענדיג אויף איהם און אויף די קאָנסולען, האָבען דערווייל די שילערגלאַדיאטאָרען זיך געפעכט מיט הילצערנע שווערדען, כדי צו פארוויילען דאָס פּובליקום. דאָס פּובליקום האָט זיך אָבער קנאַפּ וואָס אינטערעסירט מיט אָט דעם בלוטלאָזען געפעכט, אלע האָבען מיט אומגעדולד געווארט אויף'ן בלוטיגען קאַמפּף.

פּאָמפּיי'ס אריינקומען אין צירק האָט אויף א רגע אויפגערודערט דעם המון.

— לעבען זאָל גניי פּאָמפּיי! לעבען זאָל פּאָמפּיי דער גרויסער! — האָבען טויזענדער שטימען געשריען.

פאמפיי האט זיך פארניינגט און מאיעסטעטיש פארנומען זיין ארט.

ער איז געווען הויך געוואקסען און געבויט ווי א הערקולעס, מיט א גרויסען קאפ, וואס איז געווען בארעקט מיט געדיכטע שווארצע האר. פון אונטער זיין ברייטע אראפגעהאנגענע ברעמען האבען ארויסגעקוקט שווארצע אויסדרוקסלאזע אויגען. זיין שעהן שטרענג פנים האט ניט אויסגעדריקט ניט קיין ערהאבענע געדאנקען, ניט קיין פעהיגקייטען אויף גרויסע טאטען; אין איהם איז נישט געווען קיין זאך אזוינס, וואס באצייכענט אויסערגעוועהנליכע מענשען. און דאך איז דער דאזיגער מענש שוין צו 25 יאהר געווען געקרוינט מיט'ן לארבער קראנץ פון א זיעגער און ער איז געווען אזוי באליעבט ביי זיינע סאלדאטען, אז זיי האבען איהם פראקלאמירט פאר א קייזער. סוללא אליין, אין א מינוט פון אומדערקלעהרליכער גוטהארציגקייט, האט איהם געגעבען דעם צונאמען — דער גרויסער.

באלד נאך פאמפיי'ען זיינען אריינגעקומען אין צירק ביידע קאנסולען פון דער רוימישער רעפובליק: פובלי סערווי און אפי קלאוודי.

אויס אכטונג צו זיי, ווי צו פארשטעהער פון דער העכערער מאכט, זיינען אלע אויפגעשטאנען ווי איין מענש און האבען זיך געזעצט ערשט דאן, בעת די קאנסולען האבען פארנומען זייערע פלעצער. לעבען זיי האבען זיך געזעצט מארק עמילי לעפיד און קווינט לוטאצי קאטול, וועלכע מ'האט אויסגעקליבען פאר קאנסולען אויפ'ן קומענדיגען יאהר.

פאמפיי האט זיך פארניינגט פאר די אלטע קאנסולען, וואס האבען איהם העפליך געענטפערט אויף זיין באגריסונג, און ער האט זיך אויפגעהויבען, כדי צו דערלאנגען די האנד מארק לעפיד'ן, וועלכער איז אויסגעקליבען געווארען א דאנק זיינע באמיהונגען.

ווי נאר די קאנסולען זיינען אריינגעקומען האבען די שילערגלאדיאטארען אויפגעהערט זייער געפעכט, און א מחנה אמת'ע גלאדיאטארען, וואס האבען אין יענעם טאג געדארפט זיך פעכטען, האט נאר געווארט אויפ'ן סיגנאל ארויסצוגעהן אויף דער ארענע

און. ווי דער מנהג איז געווען, פארבייגעהן אין לאנגע רייהען פאר די פארוואלטער. און אלע האבען געקוקט אויף די קאנסולען, וואס זיי האבען דאס גערארפט געבען דעם סיגנאל אנצוהויבען דעם קאמף. די קאנסולען האבען אבער דעם סיגנאל נים געגעבען, ווייל סוללא איז נאך נים געווען.

ענדליך איז סוללא געקומען. בעת ער האט זיך באוויזען אין די טריאומף־טויערען, באגלייט פון סענאטארען און פריינד, איז דער צירק פארהילכט געווארען פון אפלאדיסמענטען.

סוללא איז אלט געווען 59 יאהר, ער האט אבער אויסגעזעהן עלטער. די אומהיילבארע פיינפולע קראנקהייט, פון וועלכער ער האט שוין צוויי יאהר געליטען, האט ארויפגעלעגט א שטעמפעל פון פריהצייטיגער אלטקייט אויף זיין פנים און אויף זיין פיגור. געגאנגען איז ער, ווי אן אפגעשוואכטער, פאמעליך, אט, אט פאלט ער, אנגעשפארט אויף א שטעקען מיט א גאלדענער הענטעל.

אויב אין דער יוגענד האט מען איהם אויך נים געקענט האל־טען פאר א שעהנעם, איז איצט זיין פנים געווען באמת שרעקליך. דאס גאנצע פנים איז ביי איהם געווען באדעקט מיט א רויטען אויסשיט דורכגעמישט מיט ווייסע פלעקען. זיין אדלערשע נאז און דער ביסטרער דורכדרינגליכער בליק פון זיינע לעבהאפטע גרוי־בלויע אויגען האבען צוגעגעבען זיין פנים א רויבגיריגען, גרויזאמען אויסדרוק. אויף איהם איז געווען אנגעשריבען ראכעזוכט, דורשט נאך מאכט און דורשט נאך בלוט.

ער איז געווען אנגעטאן אין א ווייסען וואלענעם טוניק מיט גאלדענע פרענז און אויסגענייהט מיט גאלד און אין א העל פורפור־נעם מאנטעל, אויך אויסגענייהט מיט גאלד און צוגעשפיליעט אויפ׳ן רעכטען שולטער מיט א גאלדענער שפראנטשקע געזעצט מיט בריליאנטען.

אלס מענש, וואס האסט די גאנצע מענשהייט און באזונדערס זיינע בירגער, איז ער געווען איינער פון די ערשטע, וואס וואלט אנשטאט א רוימישע טאגע בעסער געטראגען א גריכישע כלאמידע.

די אפלאדיסמענטען, מיט וועלכע דאס פאלק האט איהם באַ־

גענענט, האָבען אַרויסגערופען אויף זיינע ליפּען אַ גיפּטינגען שמייכעל.

— אַפּלאָדירט, אַפּלאָדירט, שעפּסען! — האָט ער מיט פאַר־אַכטונג אַרויסגעפּליסטערט.

די קאָנסולען האָבען גגעבען דעם סיגנאַל אָנצוהויבען די פאָר־שטעלונג און הונדערט גלאַדיאַטאָרען זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרענע.

פאָראויס זיינען געגאַנגען רעציארי און מירמילאָן, וואָס האָבען זיך גערארפט פעכטען צום ערשטען. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אין אַ מינוט אַרום איז זיי פאַרגעשטאַנען אַ בלוטיגער געשלעג, אין וועלכען איטליכער וועט ניט אַנדערש וועלען ווי נאָר הרג׳ענען דעם געגנער, זיינען זיי איצט פריינדשאַפטליך געגאַנגען און האָבען געשמועסט.

נאָך זיי זיינען געגאַנגען צעהן לאַקוועאַטאָרען, וואָס זיינען געווען באַוואַפענט נאָר מיט אַ נעץ און מיט אַ געוועהר, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ גרויסער דריי ציינערדיגער גאָפּעל, און זייערע ניין געגנער, סעקוטאָרען, וואָס זיינען געווען באַוואַפענט מיט שווערדען און מיט פאַנצערס. נאָך זיי זיינען געגאַנגען דרייסיג פּאָר גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָבען זיך צוטיילט אויף צוויי פיינדליכע גרופּען און האָבען גערארפט פאַרשטעלען אין אַ קליינעם מאַס־שטאַב אַן אמת׳ע שלאַכט.

דאָס זיינען אַלץ געווען שעהנע יונגע לייט, גרויס געוואַקסענע, נעבויט ווי אַטלעטען. אַ העלפט פון זיי זיינען געווען אָנגעטאָן ווי פראַקיער און אַ העלפט ווי סאַמניטען.

די באַוואָפענונג פון די פראַקיער איז באַשטאַנען פון אַ קור־צען שווערד מיט אַ פאַרבויגענעם ענד, פון אַ קליינעם פיער־עקיגען פּאַנצער, וואָס זיין אויבערפלאַך איז געווען בויכיג, אין אַ מעטאַ־לענער היטעל. זיי האָבען געטראָגען דעם נאַציאָנאַלען פּראַקישען קאָסטיום: אַ קורצער טוניק און צוויי שווארצע פעדערען אויף דער מעטאַלענער היטעל.

די סאַמניטען האָבען געטראָגען דעם נאַציאָנאַלען קאָסטיום פון די סאַמניטישע סאָלדאַטען: בלויע טוניקעס, מעטאַלענע היט־

לען מיט צוויי ווייסע פעדערען אויף זיי. זייער באוואפענונג איז באשטאנען פון א קורצען גראדען שווערד, פון ניט קיין גרויסען פיער־עקיגען פאנצער, אן אייזערנעם ארעמבאנד אויף דער רעכטער האנד און א פריסטער־טוך אויף דער לינקער פוס.

צעהן פאר אנדאבאטען, וואס זיי האט מען אויף דער ארענע ארויסגעטריבען, האבען אפגעשטעלט דעם צוג פון די גלאדיאטארען. זיי האבען געטראגען ווייסע טוניקעס און געווען באוואפענט מיט קורצע שווערדען. זייערע קעפ זיינען געווען באדעקט מט מעטא־לענע היטלען צוזאמען מיט מאסקען איבער די פנים׳ער. די מאס־קען האבען געהאט נאר צוויי שמאלע שפאלטען פאר די אויגען. אט די אומגליקליכע האבען זיך געדארפט שלאגען, אזוי ווי שפי־לענדיג אין „בלענדענעס“, כדי צו מאכען דאס פובליקום לאכען. און אז דאס פובליקום האט זיך שוין גענוג אנגעלאכט, האבען ספעציעלע צירק־באדינטע מיט אנגעברענטע אייזענס זיי געצוואונ־גען זיך אויסצושטעלען אין אזא ארדנונג, אז זיי זאלען האבען די מעגליכקייט צו דער׳הרג׳ענען איינער דעם צווייטען.

הונדערט גלאדיאטארען, ארומגעהענדיג די ארענע אונטער אפלאדיסמענטען און געשרייען פון די צושויער, האבען זיך אפ־געשטעלט פאר יענעם ארט, וואו סוללא איז געזעסען, און האבען אויסגעשריען אין כאר, ווי זייער לעהרער אציאן האט זיי געלערנט.

— מיר באגריסען דיר, דיקטאטאר!

— ניט שלעכט, ניט שלעכט! — האט סוללא זיך געווענדעט צו זיין סוויטע און האט באקוקט די אויסגעשטעלטע גלאדיאטארען מיט א בליק פון אן ערפאהרענעם קאמאנדיר. — די דאזיגע כוואט־סקע יונגען פארשפרעכען אן אינטערעסאנטע פארשטעלונג. אבער אויב ניט, וועה וועט זיין אציאנען! פאר אט די פופציג פאר גלאדיאטארען האט ער פון מיר ארויסגעריסען צוויי הונדערט צוואנ־ציג טויזענד סעסטערציעס!

נאכדעם ווי די גלאדיאטארען זיינען ארומגעגאנגען דעם צירק און זיך פארנייגט פאר די קאנסולען, זיינען זיי אוועקגעגאנגען פון דער ארענע. אויף דער ארענע, וואס איז געווען באגאסען מיט

זונענשיין, ווי אין זילבער אפגעטונקט, זיינען נאר געבליבען רע־ציארי און מירמילאן.

אלע זיינען געבליבען שטיל. אלעמענס בליקען זיינען געווען אנגעשטעלט אויף די דאזיגע צוויי גלאדיאטארען. מירמילאן איז געווען א שעהנער בלאנדער יונגער מאן, א געוויקסיגער און א פלינ־קער. דער שפיץ פון זיין מעטאלענער היטעל איז געווען באצירט מיט א זילבערנער פיש, אין די הענד האט ער געהאלטען ניט קיין גרויסען פאנצער און א קורצען ברייטען שווערד. רעציארי, בא־וואפענט מיט א דריי־צייהנערדיגען אייזערנעם גאפעל, איז גע־שטאנען א טריט צוואנציג פון זיין געגנער און, ס'האט אויסגע־וויזען, אז ער באטראכט ווי אזוי אנצופאלען וואס פלינקער אויף זיין געגנער און איהם אריינכאפען אין זיין נעץ.

מירמילאן, גרייט פאר'ן אנגריף פון זיין געגנער, איז גע־שטאנען מיט'ן שווערד אין האנט, די קני איינגעבויגען און דעם קערפער אויסגעבויגען אויף הינטען.

מיט איין שפרונג האט רעציארי זיך דערנעהנטערט צו איהם און א ווארף געטאן אויף איהם זיין נעץ.

מירמילאן האט אבער געמאכט א פלינקע באוועגונג, זיך א ווארף געטאן אין א זייט און זיך צוגעבויגען צו דער ערד. אויס־מיידענדיג אויף אזא'ן אופן די נעץ, האט ער זיך ערשט א ווארף געטאן אויף רעציארי'ן, וועלכער האט גענומען לויפען פון איהם.

אזוי ווי רעציארי איז געלאפען גיכער פון מירמילאנען, האט ער פריהער דערגרייכט דעם ארט וואו זיין נעץ איז געבליבען. ער האט נאך באוויזען א כאפ צו טאן די נעץ און וויעדער אמאל זי א ווארף טאן אויפ'ן געגנער. מירמילאן האט זיך אבער ווידער א דרעה געטאן און אויסגעמיידט די נעץ. רעציארי, נאך אן אומ־געלונגענעם פארזוך צו דערשטעכען מירמילאנען מיט'ן גאפעל, האט וויעדער גענומען לויפען.

דאס פובליקום איז געווען אומצופרידען, אלע האבען זיך גע־פיהלט באליידיגט פון דעם אומגעשיקטען גלאדיאטאר, וואס האט געוואגט ארויסצוטרעטען אין צירק ניט קענענדיג ווארפען א נעץ ווי געהעריג איז.

דאָס מאָל האָט מירמילאַן מעהר ניט פארפאָלגט ריציארי׳ן, ער האָט זיך נאָר אומגעקעהרט צום אָרט פון זיין לעצטען צוזאמענשטויס, און זיך אָפּגעשטעלט עטליכע טריט ווייט פון דער נעץ. רעציארי האָט זיך צוריק אומגעקעהרט.

דער אויפגערעגטער המון איז געווען שרעקליך אויפגעבראכט אויף רעציארי׳ן. רעציארי אליין איז בלאס געוואָרען ווי קאלך און, זיך פארטיידיגענדיג מיט זיין גאָפּעל, האָט ער געמאכט פארצווייפעלטע פארזוכען אויפצוהויבען זיין נעץ.

צולעצט האָט זיך איהם דאָס איינגעגעבען, כאָטש ניט אומבאשטראָפט. מירמילאָן׳ס שווערד האָט פון רעציארי׳ס האנד ארויסגעשלאָגען דעם גאָפּעל און זיך אריינגעשטאָכען אין זיין שולטער.

דאָך האָט עס ריציארי׳ן ניט געשטערט צו אנטלויפען מיט דער נעץ און אויסצושרייען:

— ס׳איז גאָרנישט! א לייכטע וואונד, נישט מעהר!

ער האָט אפילו גענומען זינגען א קאָמישע פאָלקס ליעדעל, מיינענדיג אז דערמיט וועט ער געווינען די גענייגטקייט פון פובליקום. און ער האָט קיין טעות ניט געהאט. דאָס ליעדעל האָט ארויסגערופען א הילכיגען געלעכטער, פיעלע האָבען זאָגאר גענומען אפּלאָדירען דעם דאָזיגען מענשען, וואָס האָט געהאט מוט צו שפּאַסען, בעת ער איז מיט בלוט אָפּגעלאָפען.

אָן אויפגעמונטערטער פון ערפאָלג, האָט רעציארי צוגעשריען צו זיין געגנער:

— קום צו מיר, מיין גאָלל! ניט דיר דאַרף איך, נאָר דיין פיש! קום צו מיר היינט אָוועגד, איך וועל מיט דיר שיקען געבראָטענע פיש צום גוטען כאראָן!

און דאָס פובליקום האָט אויף דעם דאָזיגען שפּאַס ווידער אמאָל געענטפערט מיט א הילכיגען געלעכטער.

מירמילאָן, אָן אויפגעבראכטער, האָט מיט צאָרן זיך א וואָרף געטאָן אויף רעציארי׳ן, אָבער רעציארי האָט זיך ניט אָפּגעשראָקען און האָט אלץ געשפּאָסט פון איהם:

— כאראָן וועט באקומען פיש! כאראָן וועט באקומען פיש!

צולעצט האָט זיך איהם איינגעגעבען ארויפצואוואָרפען זיין נעץ אויף מירמילאָנען, וועלכער האָט געמאַכט אויסערגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען זיך צו באפרייען. ער האָט זיך אָבער אַלץ מעהר פארפלאָנטערט אין נעץ, ארויסרופענדיג געלעכטער צווישען פובּ־ליקום. ענדליך האָט ער דורכגעריסען די נעץ מיט זיינע ריעזיגע הענד און האָט זיי באפרייט. זיינע פיס זיינען נאָך אָבער גע־בליבען פארפלאָנטערט.

נאָר א ווייַלע האָט דאָס פובליקום אפּלאָדירט, דאָן איז שטיל געוואָרען. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבען אַלע גענומען נאָכפאָלגען נאָך דעם אויסגאַנג פון געשלעג, דער סוף איז שוין געווען נאָהענט.

קוים האָט מירמילאָן באפרייט זיינע הענט האָט רעציארי איהם דערלאַנגט א שטאַרקען קלאַפּ מיט'ן גאָפּעל, וואָס ער האָט נאָר וואָס באוויזען אויפצוהויבען. מירמילאָן האָט אָבער אויך באוויזען אריינצושטעכען זיין שווערד אין רעציארי'ס היפּ און ארויסצורייסען דעם גאָפּעל פון זיינע הענד.

רעציארי האָט גענומען לויפען, פארגיסענדיג די אָרענע מיט בלוט, אָבער אין א מינוט ארום האָבען די פיס אונטער איהם זיך גענומען בויגען און ער האָט זיך מאַכטלאָז אויסגעצויגען אויף דער ערד.

מירמילאָן, זיך באפרייענדיג פון דער נעץ, האָט זיך א וואָרף געטאָן צום געפאַלענעם שונא און, ארויפשטעלענדיג די פוס אויף איהם, האָט ער זיך פארמאָסטען מיט'ן שווערד, וואַרטענדיג אויפ'ן באשלוס פון פובליקום.

רעציארי, לויט דעם מנהג פון באזיעגטע גלאַדיאַטאָרען, האָט געבעטען מ'זאָל איהם שענקען דאָס לעבען. אָבער ס'רוב מענער, פרויען און קינדער האָבען דעם צייגע־פינגער אַראָפּגעלאָזט אויף אונטען און דאָס איז געווען דער צייכען, אַז זיי זיינען געגען דעם, מ'זאָל איהם שענקען דאָס לעבען. און דער אָרימער גלאַדיאַטאָר, זעהענדיג, אַז זיין שיקזאַל איז שוין באשטימט, האָט ניט געוואָלט שטאַרבען פון מירמילאָן'ס הענט. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט,

ארויסגעכאפּט פון מירמילאָן׳ס הענד דעם שווערד און אליין זיך אריינגעשטאָכען אין הארצען.

צוזייפקלייבענדיג גאָר די לעצטע קרעפטען, האָט ער זיך א הויב געטאָן און אויסגעשריען צום מיטליידסלאָזען המון:

— איך פארפלוך אייך!

און ער איז געפאלען ווי אַן אונטערגעהאקטער בוים.

## צווייטער קאפיטעל.

# ספארטאַק אויף דער אַרענע.

אונטער אויסגעשרייען און הילכיגע אפלאָדיסמענטען האָט מירמילאָן פארלאָזען די ארענע. די דיענער פון צירק האָבען צו־געגומען רעציאָרי'ס קערפער און באשאָטען די ארענע מיט פרישע זאמד.

דאָס פאָלק האָט אָהן אָן אויפהער געשריען:

— לעבען זאָל סוללא!

סוללא האָט א שמייכעל געטאָן און שפּאָטלוסטיג געזאָגט צום סענאטאָר, וואָס איז געזעסען לעבען איהם.

— איך שווער ביי דעם גאָט אפּאָלאָן, מיין באשיצער, — די ראָזיגע רוימער זיינען שרעקליכע ליידאקעס און טויגעניכטסען! די מיינסט, אז מיר דריקען זיי דאָס אויס זייער דאנקבארקייט? האָסטו א טעות. זיי דריקען אויס זייער דאנקבארקייט מיינע קער־בערס, וואָס האָבען זיי נעכטען זאט און געשמאק געגעבען עסען.

— אָה, דו בינסט גרויס! דו האָסט אַן אָפענע האנד! — האָט דער סענאטאָר געזאָגט.

— זאָל יופּיטער דערשלאָגען אלע נידריגע שמייכלער! — האָט דער געוועזענער דיקטאטאָר אויסגעשריען מיט אויפרעגונג און אומגעדולדיג א קראַץ געטאָן זיין לינקען שולטער.

די הויט קראנקהייט האָט איהם שרעקליך געמאטערט און ארויסגערופען א ברענונג אין גאנצען קערפער.

— איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער דיקטאטור און אָנגע־הויבען לעבען ווי א פּריוואט מענש — האָט סוללא פאָרטגעזעצט — פונדעסטוועגען קריכט מען נאָך אלץ פאר מיר און מען חנפה'ט מיר.

— ניט אַלע קריכען פאַר דיר, סוללאַ ! — האָט איהם דרייסט אָפּגעענטפערט אַ פּאַטריציער, וואָס איז געזעסען ניט ווייט פון איהם .

זיין נאָמען איז געוועזען לוצי סערגי קאַטילינאַ. ער איז געוועזען אַ געוויקסיגער, מיט ברייטע שולטערן, אַ מענש פון אַ יאָהר 27. זיין גרויסער קאָפּ, באוואַקסען מיט געקרויזטע האָר, וואָס איז פעסט געזעסען אויף אַ דיקען האַלז ; דער ברייטער שטערן מיט אַן אָדער, וואָס איז געוועזען אָנגעלאָפען מיט בלוט, די שטאַרק ענטוויקעלטע מוסקלען פון זיינע הענד און פיס — דאָס אַלעס האָט באַצייכענט זיין פיזישע קראַפט, וואָס איז פאַראייניגט מיט אַ שטאַרקען ווילען. ער האָט געהאַט אַ רעפּוטאַציע פון אַ האַסטיגען און גרויזאַמען מענשען, פאַר וועמען אַלע מיטלען זיינען רעכט געוועזען אויף צו דערגרייכען זיין ציעל.

אויף קאַטילינאַ׳ס דרייסטער באַמערקונג, האָט סוללאַ רוהיג געענטפערט :

— וועט מען דען געפינען אין רוים אַ סך אַזעלכע מוטיגע און אומאָפּהענגיגע מענשען, ווי׳ דו בינסט, וואָס קענען זיין גרויס סיי אין טוגענד און סיי אין זינד ?

— גרויסער סוללאַ ! — האָט קאַטילינאַ געענטפערט — דו קוקסט אויף מענשען פון דעם שטאַנדפונקט פון אַ מעכטיגען הער־שער, איך אָבער האָב אַן אַנדער שטאַנדפונקט. איך האָב ליעב פרייהייט, און מיין מיינונג איז, אַז אונזער פאַטערלאַנד וועט דאָך גליקליכער זיין אונטער דער הערשאַפט פון גאַנצען פאָלק, ווי אונ־טער דער דיקטאַטור פון איינעם.

— אויב אַזוי, — האָט סוללאַ שפּאָטלוסטיג געזאָגט, — פאַר וואָס שטעלט איהר מיר ניט פאַר׳ן געריכט פון פאָלק און פאָדערט ניט פון מיר דין און חשבון פאַר מיינע טאַטען ?

— אום אויפ׳ס ניי ניט ארויסצורופען צאַנקעריי און אַ בלו־טיגע מלחמה. רוים איז שוין מיעד דערפון... אָבער לאָמיר וועגען דעם ניט ריידען. איך האָב ניט בדעה דיר צו באַשולדיגען. גענוג פעהלערען האָסטו געמאַכט, אָבער דו האָסט אויך גוטע זאַכען גע־טאָן. אָט צום ביישפּיעל... געדענקסטו, אַז מיט עטליכע חדשים

צוריק, בעת דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט פון דער דיקטאטור, האָט א יונגער פּלעבעי דיר אָפען פאָרגעוואָרפען דערפאר, וואָס דו האָסט ביי די רוימער צוגענומען די פרייהייט און דו האָסט זיי אויסגע־מאטערט דורך רויבעריי און שחיטות? דו וואָלסט נאָר איין וואָרט געזאָגט — און מען וואָלט איהם באלד אומגעבראכט. דו בינסט אָבער געוועזען גרויסמוטיג צו איהם... דו מוזט אָבער מודה זיין, אז אויב אין אונזער רעפּובליק זיינען נאָך דאָ אזעלכע דרייסטע מענ־שען, קען מען נאָך האָפען זי צו רעטען.

— יאָ, דאָס איז געווען זעהר דרייסט, העלדיש! — האָט סוללא געענטפערט — און דערפאר האָב איך פון איהם ניט געוואָלט נקמה נעמען פאר דער באליידיגונג, ווייל איך האָב אכטונג פאר העל־דישקייט. ווייסטו אָבער צו וואָס זיינע ווערטער קענען פיהרען?

— צו וואָס?

— איצט, אויב אימיצען וועט זיך איינגעבען צו פארכאַפּען די מאכט איבער דער רעפּובליק, וועט ער זיך שוין פון איהר ניט אָפּזאָגען.

— ס'איז נאָך אָבער א פראגע, צו אימיצען וועט זיך דאָס איינגעבען? — האָט קאטילינא ווי צו זיך אליין געזאָגט.

רוישיגע אפּלאָדיסמענטען האָבען איבערגעריסען דעם דאָ־זיגען שמועס. אויף דער ארענע איז אין דער צייט אָנגעגאנגען א פארביטערטער קאמפּף צווישען די לאקוועאטאָרען און די סעקו־טאָרען, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט'ן טויט פון צוועלף מענשען. די איבערגעבליבענע זעקס גאלדיאטאָרען פון דער דאָזיגער גרופּע, צעוואונדעטע, צושלאָגענע, זיינען אוועק פון דער ארענע אונטער הויכע קולות און געלעכטער פון פּובליקום.

איצט האָט געדארפט פאָרקומען דער קאמפּף צווישען די פראַ־קיער און די סאמניטען. זיי זיינען ארויסגעגאנגען אויף דער ארענע אונטער די קלאנגען פון טרומייטען און זיי האָבען זיך אויס־געשטעלט איינע קעגען די אנדערע.

דער ערשטער צוזאמענשטויס איז געווען שרעקליך. דער מעטאלענער קלאנג פון די פּאנצערס און שווערדען האָט שניידענד אָפּגעהילכט אין דער טיעפער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין

צירק. רונד־ארום די קעמפפענדע זיינען געפלויגען פעדערען און שטיקלאך פון זייערע מעטאלענע היטלען, שטיקלעך פון זייערע שווערדען און פאנצערס. די צוהיצטע גלאדיאטארען האבען זיך געווארפען איינער אויפ׳ן צווייטען אלץ מיט מעהר צארן און פאר־ביטערטקייט. אין פארלויף פון א פינף מינוט האט זיך שוין בלוט געגאסען אויף דער ארענע און דריי גלאדיאטארען זיינען שוין געלעגען טויט אונטער די פיס פון זייערע חברים, וואס האבען אויף זיי געטראמפעלט. די צושויער האבען מיט א פארכאפטען אטעם פארפאלגט די בלוטיגע פארשטעלונג. די מעהרהייט פון זיי איז אויך דערפאר געווען אזוי פאראינטערעסירט אין דעם אויס־גאנג פון דער שחיטה, ווייל מ׳האט זיך געוועט ווער פאר די רויטע פראקיער, ווער פאר די בלויע סאמניטען.

און וואס קלענער ס׳איז געווארען די צאהל פון די גלאדיא־טארען אויף דער ארענע, אלץ גרעסער איז געווארען די אויפרעגונג פון די צושויער און אלץ שטארקער זיינען געווארען די אויסגע־שרייען און אפלאדיסמענטען.

אין א שעה ארום האט שוין די שלאכט געהאלטען ביים סוף. אויף דער ארענע זיינען געלעגען 50 הרוגים אין לוזשעס בלוט. די, וואס האבען נאך געלעבט, האבען זיך ארומגעווארפען אין גסיסה־יסורים און ווילד געשריען.

ס׳האט אויסגעוויזען, אז די, וואס האבען זיך געוועט פאר די סאמניטען, האבען געוואונען דעם וועט, ווייל פון די סאמניטען זיינען געבליבען זיעבען, בעת פון די פראקיער זיינען נאר דריי געבליבען. איינער פון די דאזיגע דריי איז געווען ספארטאק.

זיין אויסערגעוועהנליכע פיזישע קראפט און זיין גרענצלאזע העלדישקייט האבען איהם געמוזט מאכען פאר אן אויסערגעוועהנ־ליכען מענשען אין יענע צייטען, בעת, אום דערהויבען צו ווערען, איז פריהער פון אלץ נויטיג געווען פיזישע קראפט און ענערגי.

ספארטאק׳ן איז נאר וואס פארפולט געווארען 30 יאהר. אוי־סער די אויסערליכע אייגענשאפטען, וואס די נאטור האט איהם געשאנקען, איז ער געווען א מענש מיט ערהאבענע געדאנקען און מיט א זעלטען שעהנער און גרויסער נשמה. לויט זיין מארא־

לישען און גייסטיגען מאסשטאב איז ער געווען מיט א גאנצען קאפ העכער פון זיין צייט.

ער איז געווען א בלאנדין מיט געקרויזטע האר און מיט א געדיכטער בארד. זיין פנים האט אויסגעדריקט קראפט און ענערגיע, זיינע גרויסע אויסדרוקספולע בלויע אויגען זיינען פול געווען מיט לעבען און געפיהל. אין א רוהיגען צושטאנד האבען זיינע אויגען אפגעשפיגעלט גוטסקייט און באהאלטענעם קימער, איצט אבער האבען זיי געברענט מיט צארן, און ווי אין א שפיגעל האט מען אין זיי געקענט זעהן דעם גאנצען שטורם פון געפיהלען, וואס האט געווילדעוועט אין ספארטאק'ס נשמה.

ספארטאק איז געבארען געווארען אויף די ראדאפישע בערג אין פראקיען. בעת די רוימער האבען פארוויסט זיין היימלאנד און איהם אליין גענומען אין געפאנגענשאפט, האט מען איהם, אויס אכטונג צו זיין גבורה און העלדישקייט, פאררעכענט אין לע־גיאן און ער האט געקעמפפט אין די רייהען פון די רוימישע סאל־דאטען, בעת זיי האבען מלחמה געהאלטען מיט מיטרידאט'ן. פאר זיין העלדישקייט האט מען איהם געמאכט פאר אן עלטסטען איבער צעהן סאלדאטען, וואס די רוימער האבען גערופען דעקאן. אבער צולעצט, בעת די רוימער האבען איהם געצוואונגען צו קעמפפען קעגען די פראקיער, קעגען זיינע אייגענע, איז ער איבערגעלאפען אויף דער זייט פון זיינע לאנדסלייט און צוזאמען מיט זיי האט ער געקעמפפט געגען די רוימער. ער איז אבער פארוואונדעט גע־ווארען און איז צוריק אריינגעפאלען אין זייערע הענד. אלס אי־בערלויפער האט איהם ערווארט טויט־שטראף. די רוימער האבען אבער ווייזט אויס געוואלט נאך אויסנוצען זיין געשיקטקייט און העלדישקייט, האבען זיי איהם פאר'משפט צו זיין א גלאדיאטאר און איהם פארקויפט צו א לאניסט, ס'הייסט, צו אן אייגענטימער פון א גלאדיאטאר־שולע.

ספארטאק איז ביים לאניסט אפגעווען צוויי יאהר, האט מיט איהם באררייזט כמעט אלע איטאליענישע שטעדט, האט אנטייל גע־נומען מעהר ווי אין הונדערט קאמפפען, ניט איין מאל איז ער געווען ערנסט פארוואונדעט און איז אלעמאל ארויסגעקומען פון

די געשלעגען אלס זיעגער. אין גיכען איז זיין נאָמען באריהמט געוואָרען איבער גאנץ איטאליען. איצט האָט איהם דער רוימישער לאניסט אציאן אָפגעקויפט פאר צוועלף טויזענד סעסטערציעס.

צום ערשטען מאָל איז איצט ספארטאק ארויסגעטראָטען אין רוים, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז שוין א האלב יאָהר געווען ביי אציאנען. אציאן האָט זיך ניט געאיילט איהם ארויס־צופיהרען אויף דער ארענע, מחמת ער האָט איהם טייער געהאלטען אלס לעהרער פון געפעכט און גימנאסטיק אין זיין גלאדיאטאָר־שולע. איצט אָבער, בעת סולא האָט איהם אָנגעבאָטען אזא שלל געלד, האָט ער זיך געלאָזט איבעררײדען און ארויסגעפיהרט פאר'ן רוימישען פאָלק דעם באריהמטען גלאדיאטאָר, וואָס איז נאָך קיינ־מאָל ניט באזיעגט געוואָרען. די צוויי הונדערט צוואנציג טויזענד סעסטערציעס, וואָס סוללא האָט א שאָט געטאָן פאר הונדערט גלאדיאטאָרען, וואָס מ'האָט אין יענעם טאָג ארויסגעפיהרט אויף דער ארענע, האָבען געקענט פארגיטיגען אציאנען אפילו פאר ספאר־טאק'ס טויט.

פונדעסטוועגען האָט אציאן, א בלאסער און פארזאָרגטער, מיט גרויס אנגסט נאָכגעפאָלגט נאָך ספארטאק'ס יעדער באוועגונג, האָט זיך געפרעהט מיט זיין יעדען ערפאָלגרייכען קעהר און האָט אויפגעציטערט איטליכם מאָל, בעת ער איז נאָהענט געווען צו א געפאהר.

— דרייסטער! דרייסטער, סאמניטען! — האָבען געשריען יענע, וואָ סהאָבען זיך געוועט פאר די סאמניטען.

געשריען האָט אויך דער צווייטער צד, וואָס איז שטארק אראָפגעפאלען פון מוט און וואָס האָט איצט ניט געהאָפט אויף ספארטאק'ן. אויף ספארטאק'ס קאָפּ איז נאָך געווען דער שלעם (די מעטאלענע היטעל), ער האָט נאָך געהאלטען דעם פאנצער און איז ניט געווען פארוואונדעט. אָבער זיינע חברים זיינען געווען פאר־וואונדעט און, אָפּגעשוואכטע פון בלוט פארלוסט, האָבען זיי זיך שוואך אָפגעוועהרט פון די געגנער. ספארטאק האָט זיי אוועק־געשטעלט הינטער זיך, רוקען צו רוקען, פאָרמירענדיג מיט זיי א דריי־עק. זיי האָבען נאָר געדארפט באשיצען ספארטאק'ס רוקען,

אום ער זאָל אומגעשטערט זיך קענען פעכטען פון פראָנט. איהם אליין איז אויסגעקומען צוריקצושלאָגען דעם אָנפאַל פון די סאַמ־ניטען.

צוויי פון זיי זיינען גאָר אין גיכען געפאלען אונטער ספּאַר־טאַק'ס שווערד.

שטורמדיגע אַפּלאָדיסמענטען האָבען פארהילכט דעם צירק, טויזענדער שטימען האָבען גענומען שרייען:

— בראַוואָ! בראַוואָ, ספּאַרטאַק! לעבען זאָל ספּאַרטאַק!

— באַשיצט מיין רוקען! באַשיצט גוט! — האָט ספּאַרטאַק אַ געשריי געטאָן צו זיינע חברים. — נאָך איין מינוט — און מיר וועלען זיעגען!

זיין שטימע האָט זיך איבערגעריסען, איבער זיין בלאַס פּנים האָבען זיך געקייקעלט טראָפּען שוויים, זיינע אויגען האָבען גע־גלאַנצט מיט אַ פאַרצוויפעלטער ענטשלאָסענהייט צו זיעגען.

אָבער ביידע חברים זיינע וואָס ער האָט געהאַט אַוועקגע־שטעלט הינטער זיך, זיינען געפאלען איינער נאָכ'ן אַנדערען, און ספּאַרטאַק איז געבליבען אַליין געגען פיער שונאים.

אַ ציטער האָט אַלעמען דורכגענומען, אַן אומדייטליכער מור־מעל איז דורכגעלאָפען צווישען פּובליקום, אָבער באַלד האָט וויעדער איינגעטראָטען אַ טיעפע טויטע שטילקייט, און מ'האָט געקענט הערען, ווי שווער די אויסגעמאַטערטע גלאַדיאַטאָרען אָטעמען. אין אַלגעמיין איז די אָנשטרענגונג געווען אַזוי גרויס, אַז מ'האָט גע־קענט מיינען אַז אין אָט דער מינוט איז אויף דער אַרענע באַ־שטימט געוואָרען רוים'ס שיקזאַל.

אָבער קיינער, מיט דער אויסנאַהם פון אַציאַנען, האָט אויף ספּאַרטאַק'ן ניט געקוקט מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, ווי לוצי קאַטילינאַ. וואָס האָט זיך געוועט אויף אַ גרויסער סומע פאַר די רויטע פּראַקיער.

ווי העלדיש און שטאַרק ספּאַרטאַק איז ניט געווען, אָבער נאָך דעם ווי זיין לעצטער חבר איז געפאַלען, האָט ער זיך געטראַכט: „איצט בין איך אַ פאַרלאָרענער". דאָך האָט ער באַשלאָסען אָנ־צואווענדען אַ טאַקטיק, וואָס ער האָט געוואוסט פון דער געשיכ־

טע, — די טאַקטיק, וואָס האָראַציע האָט זיך מיט איהר באַנוצט אינ׳ם קאַמפּף מיט די קוריאַציען.

ער האָט גענומען לויפען. די סאַמניטען האָבען איהם פאַר־פאָלגט.

צווישען פּובליקום איז דורכגעלאָפען אַ הוזשעריי פון אומצו־פרידענהייט.

ספּאַרטאַק איז נאָך קיין פּופציג טריט ניט אַפּגעלאָפען — און ער האָט זיך האַסטיג אַ קעהר געטאָן אויף צוריק און האָט דער־שטאָכען דעם נאָהענטסטען פון די וואָס האָבען איהם נאָכגעיאָגט. די סאַמניטען האָבען זיך פארלאָרען פון דער אומערוואַרטקייט, און אומגעזאַמט האָט ער גע׳הרג׳עט דעם צווייטען סאַמניט אונטער הילכיגע געשרייען פון פּובליקום, וואָס איז איצט כמעט אינגאַנצען געווען אויף זיין זייט.

איצט זיינען נאָר געבליבען צוויי געגנער, אָבער זיי זיינען אַזוי אָפּגעשוואַכט געווען פון די וואונדען, וואָס זיי האָבען באַ־קומען, אַז זיי האָבען זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס. די דאָזיגע צוויי האָט ספּאַרטאַק ניט געהאַלטען פאַר נויטיג צו הרג׳ענען: ער האָט מיט זיי געקענט פאַרטיג ווערען אויף אַן אַנדער אופן, איינעם פון זיי האָט ער אַ זעץ געטאָן מיט׳ן פּאַנצער אין קאָפּ און ער איז אַנידערגעפאַלען, דעם צווייטען האָט ער ענטוואָפענט און אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד, ער האָט איהם אָבער אונטערגע־כאַפּט מיט זיינע מעכטיגע הענד און איהם אַריינגעפּליסטערט אין אויער:

— האָב קיין מורא ניט, קריקס, ס׳קען זיין, מיר וועט זיך איינגעבען דיר צו רעטען.

זאָגענדיג דאָס, האָט ער זיך מיט איין פוס געשטעלט אויף קריקס ברוסט, מיט דער קני פון דער צווייטער פוס האָט ער זיך איינגעשפּאַרט אין ברוסט פון דעם סאַמניט, וואָס ער האָט איהם פאַרטויבט מיט׳ן קלאַפּ פון זיין פּאַנצער, און ער האָט געוואַרט אויף דעם אורטייל פון פאָלק.

דער צירק איז שיער ניט צעליינט געוואָרען פון קולות און אַפּלאָדיסמענטען, וואָס האָבען אַ לאַנגע צייט ניט אויפגעהערט.

כמעט אלע אנוועזענדע האָבען אויפגעהויבען דעם ציינע־פינגער און דעם מיטעלסטען פינגער פון דער רעכטער האנד אלס צייכען, אז די דאָזיגע צוויי סאַמניטען שענקט מען דאָס לעבען.

— ס'אַרא העלד! — האָט סוללא זיך געווענדט צו קאַטי־לינאַ'ן: — ער האָט געדאַרפט געבוירען ווערען אַ רוימער.

— פרייהייט פאַר דעם העלדישען ספּאַרטאַק! — האָט דער המון געשריען.

ספּאַרטאַק'ס אויגען האָבען געשפּריצט מיט פייער, זיין פּנים איז נאָך בלאַסער געוואָרען. ער האָט צוגעדריקט די האנד צום הארצען, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאַלטען דאָס הארץ ניט אַזוי שטאַרק צו שלאָגען. אָה, ווי שטאַרק זיין הארץ האָט גע־נומען קלאַפּען, בעת ער האָט דערהערט דאָס וואָרט פרייהייט! אָה, וואָס פאַר אַ כישוף דאָס דאָזיגע וואָרט האָט געהאַט פאַר איהם, ס'אַרא זיסע האָפנונגען עס זיינען מיט אַט דעם וואָרט געווען פאַרבונדען!

— פרייהייט! פרייהייט! — האָבען טויזענדער שטימען ווידערהאָלט.

— פרייהייט!... — האָט ספּאַרטאַק ארויסגעפּליסטערט. — נאָר קיין חלום זאָל זיך דערפון ניט אויסלאָזען!

טרעהרען זיינען איהם אָנגעלאָפען אין די אויגען.

— ער איז אנטלאָפען פון אונזער אַרמיי!... ער איז אַ פאַר־רעטער, ער פאַרדיענט ניט קיין פרייהייט! — האָט אימיצער פון פּובליקום אויסגעשריען איבער'ן גאַנצען צירק.

דאָס איז געווען די איינציגע שטימע געגען איהם. אַ סך אַנדערע שטימען, דערהויפּט פון יענע וואָס האָבען פאַרלאָרען דעם וועט צוליעב זיין זיעג, האָבען זיך געהערט געגען איהם.

ביי ספּאַרטאַק'ן האָט דאָס פּנים קאָנוואולסיוו גענומען ציטערען. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און גענומען קוקען אין יענער זייט פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט דער באַשולדיגונגס־געשריי געגען איהם. זיין בליק, פול מיט צאָרן און האַס, האָט געזוכט יענעם שונא זיינעם.

— פרייהייט פאַר ספּאַרטאַק'ן! פרייהייט! פרייהייט! —

האָבען דערווײַלע ספּאַרטאַק'ס אָנהענגער געשריען פון אַלע זײַטען.

ס'איז אוממעגליך איבערצוגעבען אין ווערטער, וואָס דער דאָ־זיגער גלאַדיאַטאָר האָט איבערגעלעבט אין יענע מינוטען, בעת אזא ווײַכטיגע פראַגע אין זײַן לעבען האָט באַדאַרפט באַשטימט ווערען, א פראַגע, וואָס איז פאַר איהם געווען טײַערער, ווי די פראַגע פון לעבען. זײַן טויט־בלאַס פּנים און דער אומנאַטירליכער גלאַנץ פון זײַנע אויגען האָבען אָנגעוויזען אויף דעם קאַמף צווישען מורא און האָפענונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זײַן נשמה.

דער מענש וואָס האָט מיט אַנדערהאַלבען שעה צוריק זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט, וואָס האָט א ציטער ניט געטאָן פאַר גע־פאַהר, וואָס איז געבליבען אײנער אַלײן געגען פיער, אויף א מינוט פון מוט ניט אַראָפּגעפאַלען, — אָט דער מענש האָט איצט דערפיהלט, אַז די קני בויגען זיך אונטער איהם, און מורא האָבענדיג אַנידערצופאַלען, האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויפ'ן שולטער פון אײ־נעם פון די צירק באַדיענטע, וואָס זײַנען געקומען אויף דער אַרענע אויפצוקלײַבען די הרוגים.

— פרײַהײַט! פרײַהײַט!! — האָט דער המון אַלץ שטאַרקער געשריען.

— ער פאַרדיענט עס פאָלשטענדיג, — האָט קאַטילינאַ סוללאַ'ן צוגעפּליסטערט.

— יאָ יאָ! ער פאַרדיענט עס! — האָט וואַלעריאַ אויסגע־שריען, וואַרפענדיג א בעטענדען בליק אויף סוללאַ'ן.

— נו, — האָט דער דיקטאַטאָר זיך אָפּגערופען, באַמערקענ־דיג וואַלעריאַ'ס בעטענדען בליק, פול מיט ערוואַרטונג, — וועלען מיר איהם באַפרײַען.

ער האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אַלס צײַכען פון אײַנ־שטימונג און אונטער ווילדע אַפּלאָדיסמענטען איז ספּאַרטאַק באַ־פרײַט געוואָרען.

ספּאַרטאַק האָט ניט געענטפערט און זיך א ריהר ניט געטאָן. ער האָט צוגעמאַכט די אויגען און האָט מורא געהאַט זײַ צו עפענען, כדי עס זאָלען ניט פאַרשווינדען די וואונדערליכע טרוימערײַען, וואָס ער האָט ניט געוואַגט אָנצונעהמען פאַר א ווירקליכקײַט.

— דו האָסט מיר רואינירט מיט דיין העלדישקייט, לײדאַק דו! — האָט אַציאָן איהם צוגעפּליסטערט.

אָט די ווערטער און דער אויסדרוק פון אַציאָן'ס פּנים האָבען ספּאַרטאַק'ן איבערצייגט, אַז דאָס איז ניט אַ חלום נאָר אַ ווירק־ליכקייט. ער האָט אויסגעגליכט זיין ריעזיגע פיגור, מאַיעסטעטיש זיך פאַרניינגט פאַר סוללאַ'ן און פאַר'ן פּובליקום און איז אַוועק פון דער אַרענע אונטער שטורמדיגע אַפּלאָדיסמענטען פון המון.

## דריטער קאַפּיטעל.

# אינ׳ם שיינק „וועגוס די באַשיצערין פון קברים.“

אין איינעם פון די סאַמע פּאַרוואָרפענע, שמאָלע און ברודיגע געסלאַך פון רוים, אויפ׳ן סאַמע ברעג פון שטאָדט, איז טאָג און נאַכט געווען אָפען אַ שיינק, וואָס איז געווען געהייליגט צו דער „וועגוס פון באַערדיגונגען“, די באַשיצערין פון בית עולמ׳ס און קברים. דער דאָזיגער שיינק האָט וואַרשיינליך באַקומען אַזאַ אימה־דיגען נאָמען דערפאַר, ווייל ניט ווייט פון איהם, הינטער׳ן תחום פון שטאָדט, איז געווען אַ פּלעבייאישער בית עולם אין אַ גרויסער פוסטער פעלד, וואו מען פלעגט אוועקוואַרפען פאַר וועלף און קראָהען די טויטע קערפּערס פון די שקלאַפען און פאַרברעכער.

איבער׳ן אריינגאַנג אין אָט דעם שיינק איז געווען דאַרגע־שטעלט אַ וועגוס, אָבער אַזאַ העסליכע, אַז ס׳איז שווער געווען אין איהר צו דערקענען די געטין פון שעהנקייט. אַ לאַמטערען, וואָס האָט טריב געברענט און זיך געשאָקעלט פון ווינט, האָט שוואַך באַלויכטען די וועגוס און דעם בינטעל פאַרטריקענטע בלו־מען, וואָס האָט ארויסגעסטאַרטשעט פון אונטער׳ן ביישטידעל פון טיר.

דער באַזוכער, אריינגעהענדיג אין אַ נידריגער טיר און ארונ־טערלאָזענדיג זיך איבער שטיינער, וואָס האָבען פאַרביטען טרעפּ־לאַך, פלעגט אריינפאַלען אין אַ פייכטען און פאַררויכערטען קאַמער. רעכטס פון אריינגאַנג איז געשטאַנען אַן אויוועז, וואו ס׳האָט גע־ברענט אַ פייער און ס׳האָט זיך געקאָכט אַ געקעכץ פון גרויפּען אין חזיר־בלוט און נאָך אַ מאכל — אַ געמיש, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואָס און האָט געהייסען — „נעצהויט“. איבער׳ן

אויוועז, אין דער וואנטפארטיעפונג זיינען געשטאנען ליימענע אָפּ־געטער, וואָס זיי האָבען דאָס באשיצט דעם שיינק. געגען זיי האָט געברענט אַן אויל־לעמפּעל און עס זיינען געלעגען פארטריקענטע קראנצען און בוקעטען בלומען. לענג אויס די ווענט זיינען גע־שטאַנען ביינק און טישען, און פון מיטען סופיט האָט זיך אראָפּ־געלאָזט אַ בלייענע לאָמפּ מיט פיער ברענער, וואָס האָט נאָר גע־וואָרפען אַ שיין אין מיטען קאמער, בעת אין די ווינקלען איז געווען טונקעל. געגען דער אריינגאנגס־טיר איז געווען נאָך אַ טיר, וואָס האָט געפיהרט אין אַ צווייטען קאמער, אַ ביסעל אַ קלענע־ער און אַ ריינערער ווי דער ערשטער.

ארום האלבע נאכט, נאָך דעם טאָג, וואָס מיר האָבען דאָ בא־שריבען, איז דער שיינק פון „ווענוס די קברים באשיצערין" געווען געפּאקט מיט באזוכער, דער גערויש פון פארשיידענע שטימען האָט זיך געהערט ווייט אין געסעל.

לוטאציא מאנאקאלא, די ווירטין פון שיינק, און איהר נע־גערשע שקלאפין האָבען קוים באוויזען צו באדיענען די געסט. דאכט זיך, אז נאָך קיינמאָל האָט זי ניט פארקויפט אזוי פיעל עסענווארג, ווי אין יענעם אָוונד.

דער הויפּט־שמועס איז געווען די געשעהעניס פון טאָג — דער קאמף פון די גלאדיאטאָרען אין צירק. אלע האָבען געריהמט ספּארטאק'ס גבורה און העלדישקייט. די פרייע מענשען האָבען דערצעהלט וועגען דעם דאָזיגען קאמף נסים פאַר יענע מענשען, וואָס לויט זייער שקלאפישען צושטאנד האָבען קיין רעכט ניט גע־האט צו באזוכען דעם צירק.

— צוויי און צוואנציג יאָהר ווי איך שלאָג זיך אויף דער ארענע, — האָט געזאָגט אַן אלטער גלאדיאטאָר, וואָס איז געווען באדעקט מיט שראמען און סטרופּעס, — נאָך די צייכענס אויף מיין קערפּער קען מען דאָך דערקענען, אז איך האָב גענוג געשלעגען דורכגעמאכט אין מיין לעבען, — פונדעסטוועגען האָב איך נאָך ניט באגעגענט אַזאַ גיבור, אַזאַ פלינקען און געשיקטען פעכטער, ווי דער ספּארטאק איז.

— יאָ, וואָלט ער געווען אַ רוימער, — האָט מיט באדויערען

באמערקט דער אַטלעט פון צירק טאווריווי, — וואָלט מען איהם פאַלשטענדיג געקענט רופען העלד.

— ס'איז נאָר צו באדויערען, וואָס ער איז א בארבאר! — האָט מיט א פאראכטליכער גרימאסע געזאָגט עמילי וואַרין, א שעה־נער יונגערמאַן פון א יאָהר צוואנציג, א פּראָפעסיאָנעלער אקטיאָר.

— אָט איז באשערט א מענשען א גליק! — האָט זיך אין געשפרעך אריינגעמישט אַן אפריקאנישער לעגיאָנער א הינקעדיגער, מיט א שראַם אויפ'ן שטערן. — אַן איבערלויפער — און איז באַ־פרייט געוואָרען! מען דאַרף אָננעהמען, אז סוללא איז היינט געווען באַזונדערס גוט אויפגעלעגט.

— מ'קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי בייז דער לאַניסט אציאַן איז געווען! — האָט באמערקט דער אַלטער גלאַדיאַטאָר.

— איצט שרייט ער, אז מ'האָט איהם בארויבט.

— מען האָט איהם דאָך גוט באצאָהלט פאַר דער סחורה.

— אָבער די סחורה, מוז מען צוגעבען, איז געווען גוטע.

— גאנץ ריכטיג. אָבער צוויי הונדערט צוואנציג טויזענד סעסטערציעס איז גוטע געלד.

— נאָך ווי גוט! איך שווער ביי הערקולעס'ן, — האָט אויס־געשריען דער אַטלעט, — אז איך וואָלט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אַזוי פיעל געלד!

— און מיר, מיינסטו, וואָלטען ניט געוואוסט?

— אויסגעבען, ס'פארשטעהט זיך, קען איטליכער, אָבער פאַר־דיענען — דאָס איז שוין א קלינערע זאַך — האָט טאווריווי אָפּ־געענטפערט.

— ווילסטו אפשר זאָגען, אז סוללא איז דורך מיה רייך גע־וואָרען?

— ווער רעדט דאָס וועגען דעם? איטליכער ווייס, אז בעת דער מלחמה מיט מיטרידאַט'ן און נאָך דער עראָבערונג פון עטהענס האָט ער פארכאַפּט פאַר זיך דעם בעסטען חלק פון דעם רויב.

— און וואָס איז וועגען קאָנפיסקאציעס? ער האָט נאָר אימי־צען געדאַרפט ערקלעהרען פאַר א שונא פון דער רוימישער רעפּוב־ליק — און ער האָט איהם געקענט הרג'ענען און קאָנפיסקירען זיין

פארמעגען. און פאר וואס עפעס זיינען אט די אלע שונאים גראד געווען די רייכסטע פון די בירגער? און ווער וועט עס גלויבען, אז די קאנפיסקירטע פארמעגענס זיינען אינגאנצען אוועק אין דער מלוכה־קאסע און זיי האבען זיך ניט צוגעקלעפט צו סוללא׳ס זשערנע הענט?

— מערקווירדיג, ווי אלץ געהט עס איהם אפ אזוי גלאט.

— יא, אלץ גיט זיך איהם אזוי איין! געווען אן ארימאן און געווארען א גביר, פון גארנישט איז ער דיקטאטאר געווארען און זיין נאמען איז באריהמט געווארען דורך צאהללאזע נצחונות. אפילו א גאלדענע סטאטוע האט מען איהם נאך ביים לעבען גע־שטעלט... ניט אומזיסט רופט מע זאיהם „דער גליקליכער“.

— און איך וואלט אזא גליק ניט געוואלט, אויב אין אזא גליק איז אויך אריינגערעכענט די קראנקהייט פון וועלכער ער ליידט, — האט געזאגט עמילי ווארין. — איך גלויב קוים, אויב אימיצער פון אונז וואלט אזא זאך געוואלט פאר זיך.

— ער האט עס כשר פארדיענט, דער בלוט־זויגער! — האט דער לעגיאנער אויסגעשריען, און אלס וועטעראן פון די אפריקא־נישע סאלדאטען האט ער זיך פארנייגט צום אנדענקען פון קאיוס מאריוס. — דאס איז זיין לוין פאר דעם בלוט פון די זעקס טויזענד סאמניטען, וועלכע ער האט אפגענארט אויפ׳ן סאמע פאררעטע־רישען אופן. זיי האבען זיך איהם אונטערגעגעבען מיט׳ן באדינג זיי צו שענקען דאס לעבען, און ער האט נאכדעם געהייסען אלעמען אויס׳הרג׳ענען מיט פיילענבויגענס אין צירק.

— און זיין רציחה אין פרענעסטא, וואו ער האט אויסגעראטן די גאנצע באפעלקערונג פון צוועלף טויזענד נפשות, יונג און אלט, פרויען און קינדער?

— יא, — האט דער לעגיאנער פילאזאפיש געזאגט, — די געטער זיינען יושר׳דיגער פון דעם מענשען. די לעזדי לויבט סוללא׳ן, קריכט פאר איהם, און די געטער האבען איהם באצאהלט פאר זיינע זינד און פארברעכענס מיט א קראנקהייט, וואס האט איהם געמאכט עקעלהאפט, ניט קוקענדיג אויף זיין רייכקייט.

— עי, איהר, פיינע יונגען! — האט אויסגעשריען לוטאציא,

די ווירטין פון שײנק, דערהערענדיג די לעצטע ווערטער — ביי מיר אין שײנק וועל איך ניט לאָזען זידלען סוללא׳ן! זידלען סוללא׳ן? אָה, ניין!

— זאָגט נאָר, איך בעט אייך! אָט די צודרעהטע איז אויך סוללא׳ס א פארעהערין! — האָט דער לעגיאָנער אין דער שטיל זיך אָפּגערופען צו די אונטערהאלטער, ווייזענדיג אויף דער ווירטין, א קרומע און אויף איין אויג.

— ווייזט אויס, אַז זי ערוואַרט גרויסארטיגע באזוכער: א גאנצען האַז בראָט זי פאר אימיצען, — האָט געזאָגט לאוועני דער טויטענגרעבער.

— אויב נאָר דער דאָזיגער האַז איז ניט פון יענע, וואָס לויפען ביינאכט איבער די דעכער, — האָט זיך אָפּגערופען דער בעטלער וועלעני, וואָס האָט זיך פארשטעלט פאר א קאליקע.

— ערוואַרט זי אפשר מארק׳ן אָדער קראַס׳ן?

— און אפשר נאָר פּאָמפּיי׳ען?

ווי זיי האָבען זיך אזוי געוויצעלט, געשפּאַסט און געלאַכט, זיינען אין שײנק אריינגעקומען צוויי נייע געסט.

זייער קומען האָט שוין ערקלערט, וועמען לוטאַציא האָט ערוואַרט.

זי האָט זיך פריידיג א וואָרף געטאָן זיי אנטקעגען, זי האָט זיך גענומען פרעגלען אין שמחה, ליעבענסווירדיג זיי באגריסט און אוועקגעפיהרט אין צווייטען קאמער, וואו פאר זיי איז שוין געווען סערווירט א טיש.

— אָט דאָ, אָט דאָ, מיין גוטער טרעבאָני, און דו, פּרעכטיגער גלאַדיאַטאָר! — האָט לוטאַציא גענומען ארומפּאַדען ארום זיי און אוועקזעצען זיי אויף די ערטער. — אָט באלד וועל איך דערלאנגען אויף וועטשערע אזא האַז, וואָס אפילו קראַס האָט נאָך קיין מאָל ניט אָנגעזעהן.

טרעבאָני איז פריהער געווען דער אייגענטימער פון א גלאַ־דיאַטאָר־שולע, פון וועלכער ער האָט אָנגעזאַמעלט א היבשען פאַר־מעגען, וואָס האָט איהם פארזיכערט א רוהיגען עלטער. אָבער די געוואוינהייט און די ליעבע צו דער געזעלשאַפט פון גלאַדיאַטאָרען

האָט איהם איצט אויף געצווינגען אין זייער סביבה און איהם האָט ניט אָפּגעשטויסען פון דעם שיינק, וואו די אומגליקליכע פלעגען זיך צונויפקלייבען. מ'האָט געזאָגט, אז ניט נאָר דאָס אליין האָט איהם געצוואונגען זיך צו חבר'ן מיט די גלאַדיאַטאָרען. פיעלע זיינען געווען איבערצייגט אז ער באנוצט זיך מיט זיי, ווי מיט א געצייג, אין דער צייט פון בירגערליכע אומרוהען און ער ווירקט אויף זיי ארויסצוטרעטען פאר יענע פּאַטריציער, וואָס גיבען איהם געלט אויף איינצושאפען זיך א געוויסע צאָהל גלאַדיאַטאָרען. מ'האָט געזאָגט, אז ער האָט שטענדיג אָנגעגרייט גאנצע מחנות אזעלכע לעזדיען, ועלכע ער שיקט אונטער צו פארנעהמען פלעצער אויף די פאָלקס־פארזאמלונגען, בעת דאָרט ווערט פארהאנדעלט א וויכטיגער ענין אָדער עס קומען פאָר וואהלען און מען דארף איינ־שרעקען די ריכטער אָדער ארויסרופען א מהומה.

ווי די זאך איז ניט געווען, טרעבאָני איז אָבער געווען א פריינד און א באשיצער פון די גלאַדיאַטאָרען. ענטציקט פון ספּאַרטאַק'ס גלענצענדען נצחון, האָט ער איהם, דעם העלדישען ספּאַרטאַק'ן, אויסגעזוכט אין צירק, איהם ארומגענומען, א קוש געטאָן און איהם פּארבעטען אויף כיבוד אין שיינק פון „ווענוס די באשיצערין פון קברים". דאָ האָט טרעבאָני געוואָלט פייערען ספּאַרטאַק'ס באפרייאונג.

צווישען די פארשידענארטיגע באזוכער, וואָס האָבען יענעם אָוועגד פול געמאַכט דעם שיינק, זיינען געווען, ווי געוועהנליך, ניט וועניג גלאַדיאַטאָרען.

כמעט אלע פון זיי האָבען געקענט טרעבאָני'ן און זיי האָבען איהם פריידיג באגריסט; און ער, מיט א זעהר ליעבענסווירדיגען שמייכעל, האָט זיי איינגעלאַדען אין צווייטען קאמער, וואוהין אלע זיינען אריין באלד נאך איהם.

ספּאַרטאַק האָט געטראָגען דעם זעלביגען רויטען טוניק, וואָס אין איהם האָט ער זיך געשלאָגען אין צירק; נאָר פון אויבען האָט ער געטראָגען א פלאַשץ.

ווי נאָר ער האָט זיך באוויזען אין שיינק האָבען אלע אויף איהם גענומען קוקען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט. די וואָס

האָבען איהם געזעהן אין צירק האָבען מיט ענטציקונג אויף איהם אָנגעוויזען, ווי אויפ'ן העלד פון טאָג, וואָס וועגען איהם רעדט גאנץ רוים; און די, וואָס האָבען איהם נאָך ניט געזעהן, האָבען איהם באקוקט מיט נייגעריגקייט. אַלע האָבען שטיל ארויסגערעדט זיין נאָמען.

קענטיג, אז ספּארטאק האָט ארום זיך קיין זאַך ניט באמערקט. ער איז געוועזען טרויעריג און האָט געשוויגען, ער האָט כמעט קיין זאַך ניט געגעסען און אפילו זיך ניט צוגעריהרט צו דעם וויין, וואָס טרעבאָני האָט איהם אָנגעגאָסען. ס'האָט אויסגעזעהן, אז זיינע געדאנקען זיינען געוועזען ערגיץ־וואו גאנץ ווייט.

— איך שווער ביי הערקולעס'ן, איך פארשטעה דיר ניט, ספּאר־טאק, — האָט טרעבאני אויסגעשריען, בעת ער האָט געוואָלט דער־ניסען ספּארטאק'ס בעכער און ער האָט צו זיין פארוואונדערונג דערזעהן, אז ער האָט זיך נאָך צו איהם ניט צוגעריהרט. — דו טרינקסט גאָרנישט ? וואָס איז מיט דיר ?

— פאר וואָס ביזטו אזוי טרויעריג ? — האָט געפרעגט איי־נער פון די גלאַדיאטאָרען.

— מ'קאָן מיינען, — האָט א צווייטער באמערקט, — אז דו ביזט אהער געקומען ניט פייערן דיין באפרייאונג, נאָר אָפּריכטען דעם יאָהר־צייט נאָך דיין מאמען.

— פון מיין מאמען ! — האָט ספּארטאק געענטפערט מיט א זיפץ און האָט נאָך נידריגער ארונטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

— עט, גענוג טרויערן ! — האָט טרעבאני געזאָגט, — לאָמיר בעסער טרינקען פאר דיין באפרייאונג, פאר דער פרייהייט !

און, זיך אויפשטעלענדיג, האָט ער הויך אויפגעהויבען זיין בעכער.

אַלע גלאַדיאטאָרען האָבען נאָכגעפאָלגט זיין ביישפּיעל. זייע־רע פנים'ער זיינען געוואָרען באַלעבט, זייערע אויגען האָבען גענומען גלאנצען.

— לעבען זאָל די פרייהייט ! — האָבען אַלע אין קול ארויס־געדונערט.

— א גליקליכער ביזטו, ספּארטאק ! — האָט א יונגער גלא־

דיאטאָר טרויעריג באַמערקט: — דו האָסט באַקומען פרייהייט ביים לעבען, און אונז קאָן נאָר דער טויט באַפרייען!

ביים וואָרט „פרייהייט" איז ספּאַרטאַק'ס פּנים ליכטיג געוואָרען. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און, הויך אויפהויבענדיג זיין בעכער, האָט ער אויפ'ן קול אויסגעשריען

— לעבען זאָל די פרייהייט!

אָבער נאָך די טרויעריגע ווערטער פון דעם יונגען גלאַדיאַטאָר האָט ספּאַרטאַק'ס האַנט זיך אָראָפּגעלאָזט. ניט ווילענדיג האָט ער צוגעטראָגען דעם בעכער צו די ליפּען און, ניט אויסטרינקענדיג אין גאַנצען, האָט ער איהם אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש. זיין פּנים איז ווידער פינסטער געוואָרען און אַ טרויעריגע מחשבה האָט גענומען ענגבערן זיין מוח.

די שטילקייט האָט אָנגעהאַלטען עטליכע מינוטען, אַלע האָבען געקוקט אויף ספּאַרטאַק'ן.

עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט פאַרגעסען, אַז ער איז דאָ ניט אַליין, האָט ער גענומען שטיל זינגען אַ גלאַדיאַטאָר לידעלע, וואָס מ'פלעגט אָפּט זינגען אין אַציאָנ'ס גלאַדיאַטאָר שולע.

ניט דאָ געבאָרען, געבאָרען אַ פרייער,
פריי ווי אַן אָדלער, צווישען פאַרשנעהטע בערג;
געבאָרען אַ שטאַרקער, געזונטער און דרייסטער, —
אַ לייב פון אַ מדבר, וואָס ווייס ניט פון שרעק.

* * *

געקומען דער שונא, אין גלות פאַרטריבען,
אין קייטען געשמידט, באַרויבט און פאַרוויסט;
ווייט פון זיין היים און ווייט פון זיין לאַנד,
וואס האָט איהם געשפּייזט, געקליידט און געשוהצט.

* * *

איצט מוז ער זיין ברויט פון רציחה פאַרדינען;
פאַר'ן ווילדען המון, וואָס קוויקט זיך מיט בלוט,
מוז ער זיך בויגען און קנייטשען און שטאַרבען
און ניט וויסען וועט קיינער פון זיין געביין!

— דאָס איז אונזער ליעד ! — האָבען עטליכע גלאַדיאַטאָרען פריידיג אויסגעשריען.

ספּארטאַק׳ס אויגען האָבען אויפגעבליצט ; נאָר, וועלענדיג באַהאַלטען זיינע געפיהלען פון טרעבאַני׳ן, וואָס האָט אויף איהם געקוקט, האָט ער געמאַכט אַ גלייכגילטיג פנים און נאַכלעסיג געפרעגט די גלאַדיאַטאָרען :

— פון וועלכער שולע זייט איהר ?

— פון יוליוס ראַבעציוס שולע.

ספּארטאַק האָט זיך אומגעקעהרט צום טיר צו, און ארויסגערעדט, גלייך ווי ער וואָלט זיך געווענדעט צו דער אריינקומענדער שקלאַפין :

-- ליכט !

די גלאַדיאַטאָרען האָבען זיך איבערגעקוקט, און איינער פון זיי, וואָס איז געווען זעהר צוטראָגען, האָט צוגעגעבען :

— און פרייהייט !... דו האָסט זי פאַרדינט, העלדישער ספּארטאַק !

איצט האָט ספּארטאַק זיך איבערגעקוקט מיט די גלאַדיאַטאָרען.

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך אין טיר באַוויזען אַ נייער גאַסט און מיט אַ שטאַרקער שטים האָט ער געזאָגט :

— יאַ, דו האָסט פאָלשטענדיג פאַרדינט די פרייהייט, אומבאַזיגבאַרער ספּארטאַק !

אַלע האָבען זיך ארומגעקוקט. אין טיר איז אומבאַוועגליך געשטאַנען אַ הויכע, העלדישע פיגור, איינגעוויקעלט אין אַ ברייטען, טונקעלען פלאַשץ.

— קאַטילינאַ ! — האָט טרעבאַני אויסגעשריען זיך אויפהויבענדיג פון זיין אָרט.

ער איז איהם נעגאַנגען אנטקעגען, זיך טיף פאַרנייגט פאַר איהם און, צולייגענדיג די האַנד צו די ליפּען, לויט׳ן רוימישען מנהג, האָט ער פאַרטגעזעצט :

— איך באַגריס דיר, גערימטער קאַטילינאַ ! וועלכע געטער דאַרפען מיר דאַנקען פאַר׳ן גליק דיר דאָ צו זעהן ?

— איך דאַרף דיר זעהן, טרעבאַני, — האָט קאַטילינאַ געענט־
פערט און, זיך ווענדענדיג צו ספּאַרטאַק'ן, האָט ער צוגעגעבען:

— און דיר אויך.

— מיר? — האָט ספּאַרטאַק געפרעגט מיט פאַרוואונדערונג?

— יאַ, דיר, — האָט קאַטילינאַ רוהיג איבערגעזאָגט זעצענדיג זיך, און ער האָט אַ וואונק געטאָן, די איבריגע זאָלען זיך זעצען. דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך האָב ניט געוואוסט, אַז איך וועל דיר דאָ טרעפען, איך בין אָבער געווען זיכער, אַז טרעבאַני'ן וועל איך דאָ יאַ טרעפען, און פון איהם וועל איך געוואָהר ווערען וואו דיר צו געפינען.

ספּאַרטאַק האָט איהם אָנגעקוקט אַלץ מיט מעהר פאַרוואונ־
דערונג.

קאַטילינאַ האָט פאָרטגעזעצט:

— מ'האָט דיר געגעבען פרייהייט, קיין געלד האָט מען דיר אָבער ניט געגעבען, כדי דו זאָלסט זיך קאָנען באַנוצען מיט דיין פרייהייט. אַ דאַנק דיין העלדישקייט און דיין קונסט זיך צו שלאָ־
גען האָב איך היינט געוואונען אַ וועט פון צעהן טויזענד סעסטער־
ציעס, און איך וויל זיך צוטיילען מיט דיר! איך שלאָג דיר פאָר אַ העלפט פון דעם געוואונענעם געלד. דו האָסט רעכט אויף אַ העלפט: איך האָב ריזיקירט מיט געלד, און דו האָסט ריזיקירט מיט דיין לעבען.

צווישען די גלאַדיאַטאָרען איז דורכגעלאָפען אַ פּליסטער פון צופרידענהייט. קאַטילינאַ'ס אָנבאָט האָט זיי געוואונדערט און אויסגעוויזען אויסערגעוועהנליך גרויסמוטיג. אין יענע צייטען איז געווען אַ גרויסע זעלטענהייט, אַז אַ פאָרנעהמער פּאַטריציע זאָל ביי זיך פועל'ן זיך אריינצולאָזען אין אַ געשפּרעך מיט פּראָסטע גלאַ־
דיאַטאָרען, און נאָך מעהר, צו אָנערקענען זייער אדעלמוט און העל־
דישקייט און וועלען זיי באַהילפיג זיין.

ניט ווייניגער פון די איבריגע איז ספּאַרטאַק געווען איבעראַשט און געריהרט פון קאַטילינאַ'ס ווערטער.

— פון גאַנצען הארצען דאַנק איך דיר, אדעלמוטיגער קאַ־
טילינאַ, — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט מיט אויפרעגונג, — איך קאָן

אבער ניט, איך האָב קיין רעכט ניט אָנצונעמען דיין אָנבאָט. מיין נעווענער לאַניסט אַציאן האָט מיר היינט פאָרגעשלאָגען צו לער־נען די גלאַדיאַטאָרען אין זיין שולע און דאָס וועט מיר פאַרזיכערען מיט חיונה.

קאַטילינא האָט זיך צוגעבויגען צו ספּאַרטאַק'ן און גאַנץ שטיל איהם אריינגעפליסטערט אין אויער:

— און איך קוועל מיר אויך אונטער דעם יאָך פון טיראַנץ! איך בין אויך אַ שקלאַף פון אַט דער קלאָגעדיגער געזעלשאַפט! איך בין אַ גלאַדיאַטאָר צווישען פּאַטריציער, און איך וויל, ווי איהר אַלע, ליכט און פרייהייט!

ספּאַרטאַק האָט אויפגעציטערט און מיט שרעק זיך אָפּגערוקט, קוקענדיג אויף איהם מיט ערשטוינונג.

— איך וויים אַלץ, — האָט קאַטילינא פאָרטגעזעצט, — איך בין מיט אייך יד אחת. נעהם די פינף טויזענד סעסטערציעס. דאָס איז ניט קיין נדבה, זיי זיינען דיינע, מיין חלק האָב איך באַקו־מען דורך דיר, דורך דיין העלדישקייט.

זאָגענדיג דאָס, האָט קאַטילינא אריינגענומען ספּאַרטאַקס רעכ־טע האַנד אין זיין האַנד און באַזונדער שטאַרק זי געדריקט, וואָס האָט איהם נאָך מעהר געפּלעפט.

— איצט גלויבסטו, אַז איך וויים אַלץ? — האָט קאַטילינא איהם גאַנץ שטיל געפרעגט.

ספּאַרטאַק איז געווען באַשטירצט. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אַזוי האָט קאַטילינא זיך דערוואוסט די סיגנאַל־צייכענס און די ווערטער פון די גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָ־בען אנטייל גענומען אין דעם געפּלאַנעוועטען אויפשטאַנד קעגען דער רוימישער הערשאַפט.

— איך בין אַזוי אויפגערודערט אין דער דאָזיגער מינוט, איך בין אַזוי איבעראַשט פון דיין גרויסמוט, גוטהאַרציגער קאַטילינא, — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט באַהאַלטענדיג דאָס געלד, וואָס קאַטי־לינא האָט איהם דערלאַנגט, — אַז איך בין ניט בכח אויסצודריי־קען, ווי דאַנקבאַר איך בין דיר. ערלויב מיר צו קומען ביי דיר מאָרגען אוועגד, אום דיר אָפּצודאַנקען, ווי דו פאַרדינסט.

מיט זיין בליק האָט ער אויסגעדריקט דאָס, וואָס מ'האָט ניט געקאָנט אויסדריקען מיט ווערטער.

קאַטילינא האָט פאַרשטאַנען, צו וואָס ער וויל ביי איהם קומען און, צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, האָט ער געענטפערט:

— די טירען פון מיין הויז זיינען אַלע מאָל אָפען פאַר דיר. און איצט, — האָט ער צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צו טרעבאני'ן און צו די גלאַדיאַטאָרען, — לאָמיר טרינקען צו־בעכער ויין. ווירטין! ברענג אונז פון דעם סאַמע אַלטען וויין, וואָס ביי דיר איז נאָר דאָ, — האָט ער זיך געווענדעט צו לוטאציא מאנאקאלא, די ווירטין פון שיינק.

— אָה, — האָט די ווירטין שטאָלץ געענטפערט, — איך האָב וויין, וואָס מען מעג שטעלען אויף יופּיטער'ס טיש.

און, זיך פאַרנייגענדיג פאַר קאַטילינא'ן איז זי אַוועק ברייננגען וויין.

— הער אויס, טרעבאני, — האָט קאַטילינא זיך גע־ווענדעט צום געוועזענעם לאַניסטע.

— איך הער מיטביידע אויערן.

— קאָנסטו דעם זילבער ארבייטער עזאָפאר?

— איך קאָן איהם, איך קאָן איהם.

— טאָ געה אריבער צו איהם, — עס זאָל ניט אויסקומען, אז אימיצער האָט דיר געשיקט, נאָר אז דיר אַליין איז איינגעפאלען איהם צו וואָרענען, — גיב איהם צו פאַרשטעהן, אז ער וועט זיין אין א געפאהר, אויב ער וועט זיך ניט אָפּזאָגען צו מאָהנען פון מיר דורך'ן געריכט די פופציג טויזענד סעסטערציעס, וואָס איך בין איהם שולדיג.

— איך פאַרשטעה!

— זאָג איהם, אַז דו האָסט געהערט פון גלאַדיאַטאָרען, אַז עטליכע יונגע פאַטריציער, וואָס זיינען מיר איבערגעגעבען פאַר מיינע וואָהלטהאַטען, האָבען צונויפגעזאַמעלט, נאַטירליך, אָהן מיין וויסען, א מחנה גלאַדיאַטאָרען און ווילען איהם אָפּטאָן גאָר א מיאוסען שפּיצעל.

— איך פאַרשטעה! . . . כ'וועל טאָן אזוי, ווי דו ווילסט.

דערוויילע האָט לוטאַציאַ געבראַכט וויין און אָנגעגאָסען אין די בעכערס.

— דאָס וויין, — האָט זי געזאָגט, — איז פאַרנאַנדערגאָסען געוואָרען אין קאָנסולאַט פון לוצי מארצי פיליפּ און סעקסטי יולי צעזאַר.

— הייט עס, אז דאָס וויין איז אין גאַנצען צוועלף יאָהר אַלט, — האָט קאַטילינא געזאָגט און זיך פארטיפט אין געדאַנקען, קענטיג, וואָס די דאָזיגע נעמען האָבען אויף איהם אָנגעזאָגט.

קוקענדיג אָנגעשטרענגט אין איין פּינטעל און זיך שפּילענדיג מאַשינמעסיג מיט אַ בלייענעם גאָפּעל, איז ער לאַנג געבליבען שטיל און אומבאַוועגליך. און אויך אין קאַמער האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט.

פון דערבייאַיגען קאַמער האָט זיך פּלוצלינג דערטראָגען אימיצענס אַ פריידיגער אויסרוף :

— אָ, ראַדאָפּעאַ ! ראַדאָפּעאַ !

ספּאַרטאַק האָט אַ ציטער געטאָן. אָט דער נאָמען האָט איהם דערמאָנט זיין היימאַט, די ראַדאָפּייאַישע בערג, זיין הויז, זיין פאַמיליע. אַ גאַנצער ים שווערע ערינערונגען האָט אַריינגעשטראָמט אין זיין נשמה.

— זיי געגריסט, ראַדאַפּעאַ ! ס'אַרא גוטער גאַסט דו ביזט, ווי אָנגעלייגט דיין קומען איז, רייצענדע ראַדאַפּעאַ ! — האָבען עטליכע שטימען געשריען.

אַלע האָבען אַרומגערינגעלט דאָס מיידעל, וואָס איז געווען אַזוי ניט עהנליך אויף די געוועהנליכע באַזוכערינס פון שיינק — נעשיקטע און רירעוודיגע.

ראַדאָפּעאַ איז ווירקליך געווען רייצענד. זי איז אַלט געווען ניט מעהר ווי צוואַנציג יאָהר. אַ פּאָר בלויע אויגען האָבען באַלויכטען איהר שעהן ראָז פּנים'ל, איהרע פּראַכטפולע בלאָנדע האָר זיינען געווען פאַרפלאָכטען אין צעפּ און צוגעדעקט מיט אַ בלויען טוך ביז'ן העלפט שטערן. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ בלויען טוניק מיט זילבערנע פרענז ; אויף איהרע הענט האָבען געבלאַנקט זילבערנע בראַסלעטען.

מ'האָט לייכט געקאָנט דערקאָנען נאָך איהר אויסלערליכען אויסזעהן, אז זי איז ניט קיין רוימערין, נאָר א שקלאַפין, אז זי איז אומגליקליך, כאָטש איהר פּנים איז געווען א פרעהליכער. מ'קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי גוט איהר האָט זיך געלעבט ביי איהרע בעלי הבתים, אז לוטאציא'ס עלענדער שיינקעל איז געווען איהר איינציגע פאַרוויילונג, איהר איינציג פאַרגניגען.

ראָדאָפּעא איז געווען אזא צוציהענדע, אזא היימליכע, און זי האָט זיך מיט אלעמען געהאלטען אזוי פריינדליך, אז אפילו די גרעבסטע באזוכער פון שיינק האָבען קיינמאָל ניט געוואגט זי צו באליידיגען. איהר קומען אהער איז ביי אלעמען געווען אָנגעלייגט. מ'האָט באקומען דעם איינדרוק, אז איטליכעס מאָל, בעת זי קומט, ברענגט זי מיט זיך עפּעס־וואָס ליכטיגעס און גוטעס, פון וואָס אלעמען איז געוואָרען היימליכער און פריידיגער אויף דער נשמה.

זי איז געווען א זונענשטראַל, וואָס האָט פון צייט צו צייט באלויכטען דעם דאָזיגען פאַר'חושך'טען שיינקעל.

ענטפערענדיג פריינדליך אויף די באגריסונגען, 'האָט ראָדאָפּעא זיך צוגעזעצט צו לוטאצא'ן און גענומען מיט איהר ווע־גען עפּעס־וואָס פּלוידערן.

פאַרנומען מיט'ן געשפּרעך, האָט לוטאציא ניט באמערקט, אז דער טויטענגרעבער לואוועני, זיין פּאַך־חבר ארעזי און דער בעט־לער וועלעני, צוהיצטע פון וויין, האָבען גענומען זידלען די פּאַטרי־ציער און קאַטילינא'ן. ס'איז אומעגליך געווען זיי איינצוהאַמעווען, הגם זייערע חברים האָבען זיך געבעטען ביי זיי אז זיי זאָלען זיך באַרוהיגען. מעהר פון אלעמען האָט ארעזי זיך געקאָכט.

— דאָס זיינען פּיאַווקעס וואָס זויגען אונזער בלוט ! — האָט ער ווילד געשריען, — פאַר וואָס געהען זיי צו אונז ? זאָלען זיי זיך אָפּטראָגען פון דאַנען !

— ער איז אהער געקומען, — האָט לואוועני געענטפערט, — כדי צו קלייבען נחת פון אונזער אָרימקייט, מיט וואָס מיר האָבען צו פאַרדאַנקען איהם און די אַנדערע פון זיין גלייכען.

— זאָל ער זיך אָפּטראָגען צו זיך אויפ'ן פּאַלאַטין ! — האָט וועלעני געשריען.

— אפילו אין גהינום־אפּגרונד, נאָר פון דאנען זאָל ער זיך אָפּטראָגען.

— ארויס פּאטריציער ! ארויס קאטילינא ! — האָבען געשריען עטליכע שטימען אויף אמאָל.

דערהערענדיג די דאָזיגע געשרייען, האָט קאטילינא דראָהענד אָנגעכמורעט די ברעמען און איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט.

טרעבאָני האָט איהם געוואָלט איינהאַלטען, אָבער קאטילינא האָט איהם אָפּגעשטויסען און, פארשטעלענדיג די טיר מיט זיין מאַיעסטעטישער פיגור, האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן שוועל, האָט די הענד פארלייגט אויפ'ן ברוסט און הויך אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— וואָס האָט איהר זיך צוקוואקעט, זשאבעס ! — האָט ער אויסגעשריען איבער'ן גאנצען שיינק. פּארהאסטע שרצים, וואָס ווילט איהר פון קאטילינא'ן ?

— מיר ווילען, דו זאָלסט זיך אָפּטראָגען פון דאנען ! — האָבען זיי געשריען.

— אויפ'ן פּאלאטין ! אויפ'ן פּאלאטין ! — האָבען אנדערע אונטערגעכאפּט.

— פּרובירט נאָר מיר ארויסטרייבען ! ווער וויל זיך מיט מיר אויסמעסטען אין קרעפטען ? — האָט קאטילינא געפרעגט זיך גרייט מאכענדיג צום קאמף.

ארעזי און לואוועני זיינען געווען די ערשטע, וואָס זיינען אנידערגעפאַלען אויף דער ערד פון קאטילינא'ס אייזערנעם פויסט. דאָסזעלבע איז געשעהן מיט וועלעני'ן, וואָס האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף קאטילינא'ן מיט א מעסער.

דער שיינק איז פארהילכט געוואָרען פון קרעכצען, פון קללות און פון זידלערייען. ס'איז געוואָרען א אומבאשרייבליכע מהומה, א ליארעם, א געפּילדער. די פרויען האָבען זיך פאררוקט אין ווינקעל, באהאַלטענדיג זיך הינטער לוטאציא'ן. די פריינד פון די באַזיעגטע האָבען גענומען סטראשען קאטילינא'ן און זיי זיינען ארויסגעטרעטען געגען איהם.

טראבעני, ספּארטאַק און די אַנדערע גלאַדיאַטאָרען האָבען גע־

נומען איינריידען קאטילינא'ן ער זאל זיי דורכלאזען און דערמיט זיי געבען א מעגליכקייט צו בארוהיגען די בויאנעס, אבער אומזיסט. קאטילינא האט זיך פון ארט ניט גערירט און, ארויסציהענדיג זיין שווערד, האט ער גענומען מיט איהם פאכען רעכטס און לינקס.

די אנפאלער האבען זיך אפגעטראגען. קאטילינא האט זיך אבער נאך אלץ ניט בארוהיגט. ער איז געווען צורייצט, ווי א ווילדע חיה, און זיין פנים האט אויסגעדריקט ענטשלאסענהייט ווי־דער אמאל זיך א ווארף צו טאן מיט זיין שווערד אויף די בויאנעס. אבער אויגענבליקליך האבען זיי זיך א ווארף געטאן צום טיר און דער שיינק איז געווארען ליידיגער.

קאטילינא האט צוגעווארפען לוטאציא'ן עטליכע גאלדענע מטבעת און איז ארויס פון שיינק, ניט פאראבשיידענדיג זיך מיט קיינעם פון זיי.

ראדאפעא, דערזעהענדיפ ספארטאק'ן, האט זי אויף איהם גע־נומען קוקען מיט ברייט צועפענטע אויגען. זי האט זיך אליין ניט געגלויבט.

— ער! ער! — האָ זי פלוצלינג אויסגעשריען און זיך א ווארף געטאן צו איהם. — ספארטאק! ספארטאק, מיין ליעב־סטער! ספארטאק!

— מירדזא! שוועסטער מיינע! — האט ספארטאק אויסגע־שריען, דערקאנענדיג אין איהר זיין שוועסטער און ארומנעהמענ־דיג זי.

וויפיעל יאהר האט ער זי ניט געזעהן! איבערגעלאזט האט ער זי א פרייע, ארומגערינגעלט פון א ליעבענדער, צערטליכער פא־מיליע, ביי וועלכער זי איז געווען, ווי די אויגען אין קאפ. און אט איצט איז דער דאזיגער צארטער בליהמעל אויסגעריסען געווארען פון דער לייבליכער סביבה און איז פארווארפען געווארען אזוי ווייט, אזוי ווייט פון דער היים, וואו ער ווערט פארוויאנעט אהן זונענשיין און אהן טוי. זיין טייערע מירדזא! זיין טייערע שוועסטער, וואס האט קיינמאל ניט געטאן קיין שווערע ארבייט, וועלכע מ'האט שטענדיג געצערטעלט און אפגעהיט, ווי אן אויג אין קאפ — זי איז איצט א שקלאפין! א וועלכער איז געמיינער ליידאק האט

זי אָפּגעקויפט, ווי מען קויפט אַפּ אַ זאַך און ,ס'קאָן אויך זיין, אַז ער וועט זי צווינגען צו טאָן דאָס, וואָס איהם וועט זיך פאַרוועלען! ער קאָן זי באַליידיגען און ערנידריגען, ווי איהם וועט איינפאַלען! ער וועט אפילו קאָנען זי צו'הרג'ענען און קיין קלאָגער און קיין ריכטער וועט ניט זיין, ער וועט פאַר'ן געזעץ ניט דאַרפען ענטפערן . . . זי איז אַ שקלאַפין! . . . אָה, ספּאַרטאַק האָט גוט געוואוסט, וואָס הייסט זיין אַ קנעכט! . . .

מירדזא האָט געוויינט, צופאַלענדיג מיט'ן קאָפּ צום ברודער'ס שולטער. און ער, אויפהויבענדיג צום הימעל זיינע אויגען, פול מיט טרערען, האָט אויסגעשריען:

— יופּיטער! און דו קאָנסט דערלאָזען שקלאַפעריי, ווען דו האסט אין דיינע הענד בליצען! . . . ניין, ענטוועדער קיין געטער זיינען נישטאָ, אָדער זיי זיינען אויך אזוי אומגערעכט ווי מענשען!

פערטער קאפיטעל.

# דאָס האָט ספּאַרטאַק אויפגעטאָן, באַקומענדיג פרייהייט

צוויי חדשים זיינען אוועק נאָך די באַשריבענע געשעהעניסען. ס'איז געווען אַ קאַלטער טאָג אין מאָנאַט יאַנואַר. ס'האָט געבלאָזען אַ שניידענדער צפון־ווינט, וואָס האָט געיאָגט איבער'ן הימעל נידריגע גרויע וואָלקענס, וואָס האָבען פון זיך געוואָרפען אויף דער ערד שיטערע, נאָר גרויסע פייכטע שטיקער שניי.

די בירגער, וואָס פלעגען זיך פאַרזאַמלען צוליב זייערע געשעפטען אויפ'ן פאָרום, האָבען דאָס מאָל אויסגעמיידט דעם דאָזיגען שטאָרטישען פּלאַץ און טויזענדערווייז האָבען זיי זיך געדרענגט אונטער די ווערענדעס (פּאָרטיקאָ'ס), וואָס האָבען אַרומגערינגעלט די הייזער, באַזונדערס ביי עמילי'ס באַזיליקס.

אויף איינער פון די ווערענדעס, אָנגעשפּאַרט אָן די מאַרמאָרנע פּאַרענצען, איז געשטאַנען ספּאַרטאַק און געקוקט צוטראָגען אויף דעם המון, וואָס איז אונטען געגאַנגען הין און צוריק.

ער האָט געטראָגען אַ בלויען טוניק מיט אַ טונקעל־רויטען גריכישען פּלאַשץ, וואָס איז געווען פאַרשפּילעט אויפ'ן רעכטען שולטער מיט אַ זילבערנעם שנאַל.

ניט ווייט פון איהם האָבען דריי בירגער וועגען עפּעס־וואָס זיך געזאַמפּערט. צוויי פון זיי זיינען אונז שוין באַקאַנט: דער אַטלעט טאַווריווי און דער אַקטיאָר עמילי. דער דריטער האָט באַלאַנגט צו יענעם צאָהלרייכען קלאַס פון די רוימישע בירגער, וואָס האָבען זיך גערופען קליענטען. זיי האָבען מיט קיין זאַך זיך ניט באַשעפטיגט, האָבען געלעבט אויף די נדבות, וואָס די פּאַטריציער

פלעגען זיי געבען, דערפאר פלעגען זיי באגלייטען די פאטריציער אויף די פארזאמלונגען, פלעגען שטימען פאר זיי, אדער פאר ווע־מען זיי פלעגען הייסען און אלע מאל פלעגען די פאטריציער זיי צואוואַרפען דערפאר עפעס־וואס.

טאוורויווי און עמילי ווארין האבען קריטיקירט דעם באוואוס־טען רוימישען גביר, מארק קראס, און דער דריטער, וועלכער איז געוועזן מארק קראס'ס קליענט, האט איהם זעהר היציג פארטיידיגט.

ספארטאק'ן האט ניט אינטערעסירט זייער אמפעריי, ער איז געוועזן פארטיפט אין זיינע טרויעריגע געדאנקען.

ער האט געטראכט וועגען זיין שוועסטער, וואס איהם האט זיך ניט איינגעגעבען זי צו באפרייען.

די סומע, וואס ער האט באקומען פון קאטילינא'ן, איז ווייניג געוועזן אויף אויסצוקויפען די שוועסטער פון שקלאפעריי. מירדזעס בעל הבית האט אויסגעבעטען פיעל מעהר, ווי ספארטאק האט גע־האט, און אזוי פיעל געלד האט ער ניט געקאנט באקומען.

אמת, איצט איז מירדזא געוועזן אונטער פיעל בעסערע בא־דינגונגען : א דאנק טרעבאניעס באמיהונגען, וועלכער איז גע־ווען גוט באקאנט מיט'ן אראטאר הארטענזי, האט ער אויסגע־ווירקט, אז הארטענזיעס שוועסטער, וואלעריא מעסאלא, וועלכע איז געוועזן סוללא'ס פרוי, זאל זי אפקויפען. אבער ניט דאס האט ספארטאק געוואלט. ווער האט געקאנט קאווירען, אז מירדזא וועט אויף אלעמאל בלייבען ביי דער גוטער הארענטע, וואלעריא מעסאלא ? אויסער דעם, ספארטאק האט געוואלט אינגאנצען זי באפרייען פון שקלאפעריי.

ספארטאק האט אויך געטראכט וועגען קאטילינא'ן, וואס ער האט איהם זעהר אפט באזוכט און פלעגט מיט איהם אויג אויף אויג פיעל רעדען וועגען דעם ענין, וואס איז איהם אזוי טייער געוועזן און וואס ער האט געוואלט ווידמען זיין גאנצען לעבען.

ער האט ניט באמערקט, ווי צו איהם איז צוגעגאנגען א מענש פון מיטעלען וואוקס, אבער אויסערגעוועהנליך שטארק געבויט, מיט שווארצע אויגען און מיט א שווארצער בארד, און מיט א גע־זיכט, וואס האט אויסגעדריקט א שטארקען כאראקטער.

— דו האָסט זיך אַזוי פאַרטראַכט, אַז דו קוקסט און זעהסט קיין זאַך ניט פאַר דיינע אויגען, — האָט ער געזאָגט און אַוועקגע־לייזט זיין האַנט אויף ספאַרטאַק'ס שולטער.

— אַ, דאָס ביזטו, קריקס ! איך האָב דיר גאָר ניט דערקאָנט.

— האָט ספאַרטאַק געענטפערט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

קריקס האָט געשטאַמט פון גאַליען, ער איז געוועזן איינער פון ספאַרטאַק'ס איבערגעגעבענע פריינד. ער איז דאָס געוועזן יענער גלאַדיאַטאָר, וועלכען ספאַרטאַק האָט זיך באַמיהט צו רעטען אין צירק.

— איך האָב געזעהן אַרטאָריקס'ן, — האָט קריקס געזאָגט, — ער האָט זיך נאָר וואָס אומגעקעהרט פון קאַפּואַי.

— האָט ער זיך מיט וועמען עס איז אויפגערעדט ? — האָט ספאַרטאַק געפרעגט.

— יאַ, מיט אַ גערמאַניער, זיין נאָמען איז ענאָמאַי — האָט קריקס געענטפערט, — ער איז פאַררעכענט פאַר'ן שטאַרקסטען און געוואַגטסטען אין דער גאַנצער שול.

— נו, און ווי האַלט עס מיט איהם ?

— דער דאָזיגער ענאָמאַי האָט פאַרטראַכט כמעט דאָסזעלבע וואָס דו. ער האָט באַלד איינגעשטימט צוצושטעהן צו אונזער פאַראיין און האָט צוגעזאָגט פלייסיג צו זאַמלען פאַר אונז אַנהענגער צווי־שען די גלאַדיאַטאָרען פון דער קאַפּואַנישער גלאַדיאַטאָר־שול.

— אָה ! — האָט ספאַרטאַק שטיל אויסגערופען — ווען די געטער וועלען אונז העלפען, וועט אין עטליכע יאָהר אַרום שקלאַפעריי פאַרשווינדען פון דער וועלט.

— צום באַדויערן, — האָט קריקס פאַרטגעזעצט, — איז אָבער דער דאָזיגער גערמאַניער, ווי מען זאָגט, אַ צו היציגער און איז ניט פאָרזיכטיג.

— דאָס איז שלעכט.

— געוויס איז דאָס שלעכט.נו, און וואָס איז מיט קאַטילינאַ'ן ?

— כ'האָב מורא, אַז אויף זיין הילף איז ניטאָ וואָס צו רע־כענען.

— פאר וואָס ? איז ער דען אזא שרעקעדיגער ?

— ניין, ער איז אַ געוואגטער און אַ ריזיקאנט, דערצו איז ער זעהר קלוג. אָבער ער איז אַ רוימער ! איך פאררעכטיג, אז ער וויל זיך באנוצען מיט אונזערע שווערדען. כדי ע ר זאָל גרויס ווערען, אז ער שטרעבט נאָר צו שטירצען די איצטיגע אָרדנונג, אָבער ניט אפצושאפען די בארבארישע געזעצען, לויט וועלכע די גאנצע איבריגע וועלט איז פארשקלאפט צו רוים... היינט פון אווענד וועלען זיך ביי איהם פארזאמלען זיינע פריינד. איך וועל דאָרט אויך קומען און איך וועל זיך באמיהען זיך צונויפצורעדען מיט זיי אויף אַ באשטימטען אופן.

— וויסען דען זיינע פריינד אויף אונזער סוד ? !

— האָב קיין מורא ניט ! ווען אפילו זיי וועלען אונז ארויס־געבען, וועט קיינער ניט גלויבען, אז מיר האָבען פארטראכט צו מאַ־כען אַן אויפשטאנד. די רוימער האסען אונז אזוי שטארק, אז זיי האַלטען אונז אפילו ניט פאר פעהיג אויף אזא זאך. זיינען מיר דען מענשען נאָך זייערע באגריפען ?

— דאָס איז אמת, — האָט קריקס מיט ביטערקייט געענט־פערט, — זיי רופען דאָך אונז בהמות . . . אָך, ספארטאק, אויב דו וועסט אונז ארויספיהרען קעגען די דאָזיגע זעלעלנלאָזע בעלי גאות, קעגען די דאָזיגע פארהאסטע אונטערדריקער אונזערע, אויב דו וועסט אונז גיבען אַ מעגליכקייט זיך אויסצומעסטען מיט זיי אין קרעפטען אויף אַן אָפענעם פעלד, באווייזען זיי, אז מיר זיינען אויך אזעלכע מענשען, ווי זיי זיינען, — וועל איך דיר דאנקבאר זיין נאָך מעהר, ווי פאר דעם, וואָס דו האָסט געראטעוועט מיין לעבען !

— מיר וועלען זיי דאָס באווייזען, קריקס ! יא, מיר וועלען דאָס באווייזען, — האָט ספארטאק איהם געענטפערט מיט אַ טאָן פון איבערצייגונג, דריקענדיג איהם די האנט.

— לאָמיר געהן ! — האָט קריקס שטיל געזאָגט, — מיר דאכט זיך, אז אציאָן האָט בדעה צו צוגעהן צו אונז. נאָר וואָס האָט ער מיר געבעטען איך זאָל דיר איינריידען, אז דו זאָלסט זיך איהם פארקויפען פאר אַ גלאַדיאטאָר, ער וויל געבען פערציג טויזענד סעסטערציעס.

— ער האָט מיר שוין וועגען דעם געזאָגט, האָב איך איהם געהייסען געהן צום טייוועל מיט זיין געלד צוזאמען.

ספּאַרטאַק און קריקס זיינען האסטיג אוועק פון דער וועראַנדע און דורכ׳ן פאָרום האָבען זיי זיך פארנומען צום פּאַלאַטין צו. דאָרט לעבען קאַטולאַ׳ס פּאָרטיק, האָט קאַטילינא געדאַרפט זיך טרעפען מיט ספּאַרטאַק׳ן, ווי זיי האָבען אָפּגעמאַכט.

קאַטולאַ׳ס הויז האָט באַלאַנגט צו די פּראַכטפולסטע געביי־דען אין רוים. דער פּאָרטיק ארום הויז, וואָס איז געוועזען וואונדער־ליך שעהן באַצירט, איז געוועזען דער באַליבטער פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון די רוימישע פרויען, וואו זיי פלעגען זיך באַשעפטיגען מיט גימ־נאַסטישע שפּיעלען.

דער דאָזיגער פּאָרטיק פלעגט זיין ארומגערינגעלט פון א מחנה נייגעריגע, וואָס זיינען שטענדיג גרייט אָנצוקוקען יעדע אומזיסטע פאָרשטעלונג. אפילו די סאַמע אנגעזעהענסטע פּאַטריציער פלע־גען זיך ניט שעהמען אָפּצושטעלען זיך ביי אָט דעם פּאָרטיק און קוקען, ווי די פרויען מאַכען גימנאַסטיקע.

קאַטילינא איז געשטאַנען אָנגעשפּארט אָן א זייל און האָט געשמועסט מיט קווינט קורי, וועלכער האָט שפּעטער ארויסגעגעבען קאַטילינא׳ן אַלס דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דער פאַרשווערונג, און מיט׳ן יונגען לוצי בעסטי, וועלכער איז געוועזען קאָנסול פון דער פלעבייער פּאַרטיי, אין דעם יאָהר פון דער פאַרשווערונג.

גערעדט האָבען זיי וועגען קראַס׳ן.

— איהר ווייסט ניט, וויפיעל געלד ער האָט ? — האָט לוצי בעסטי געזאָגט מיט אויפרעגונג, — איבער זיבען טויזענט טאַ־לאַנטעס ! ווי געפעלט אייך דאָס ?

— אין אונזער גוט איינגעאָרדענטער רעפּובליק איז דאָס גאָר קיין וואונדער ניט, — האָט קאַטילינא איהם אָפּגעענטפערט. — פאַר א מענשען מיט א באַגרענצטען שכל און מיט א קליינער נשמה׳קע זיינען אָפען אַלע וועגען צו כבוד און צו מאַכט. איך, צום ביישפּיעל, וואָס פיהלט אין זיך די קראַפט און די פעהיגקייט צו זיין א פיהרער פון אַן אַרמיי, קאָן זיך ניט דערשלאָגען צו קיין אנגעזעהענער שטעלע, ווייל איך בין אָרים און פאַרפּלאָנטערט אין

חוכות. און ווען קראס'ן וואָלט זיך מאָרגען פארוועלט צו ווערען א פיהרער פון אַן ארמיי אָדער א פארוואלטער פון א פראָווינץ, וואָלט ער עס באלד געוואָרען, ווייל ער קאָן אונטערקויפען ניט נאָר דעם הונגעריגען המון, נאָר אפילו אויף דעם זשעדנעם סענאט.

— און ווי אומעהרליך ער האָט ערוואָרבען זיין רייכקייט ! — האָט קווינט קורי באמערקט.

— דאָס איז גוט באוואוסט ! — האָט לוצי בעסטי געזאָגט.

— ער האָט אָפגעקויפט האלב אומזיסט די גיטער וואָס סוללא האָט קאָנפיסקירט ביי זיינע קרבנות, ער האָט געקראָגען כמעט אומזיסט שטיקער ערד אין די קווארטאלען פון די פלעבייער, וואָס זיינען פארוויסט געוואָרען פון די שרפות, און מיט דער הילף פון זיינע קנעכט האָט ער זיי איננאנצען פארבויט מיט הייזער.

— די הייזער פארדינגט ער, און דאָס געלד גיט ער אוועק אויף פראָצענט — האָט קאטילינא צוגעגעבען. דאָס איז ניט עהרליך און ניט שעהן, דערפאר אָבער ווערט דערפון ווארים אין די קעשענעס.

— וועט עס אייביג אזוי זיין ? ! — האָט קווינט קורי אויסגעשריען.

— מיר דארפען נאָר וועלען ! מיר דארפען נאָר צווינגען אונזערע מאסען צו פארשטעהן, וואָס פאר א קראפט זיי שטעלען מיט זיך פאָר און אז זיי זאָלען זיך אויסקלייבען אַן ערפאהרענעם, דרייסטען פיהרער !... — האָט לוצי בעסטי אָנגעהויבען.

— שווייג שטיל ! — האָט קאטילינא איהם אָפגעשטעלט. ניט אויף דער גאס און ניט מיט פוסטע ווערטער דארפען מיר אונזער כעס אויסגיסען, נאָר ביי זיך אין דער היים דארפען מיר ערנסט באאורטהיילען אונזער אבזיכט, כדי צו דערגרייכען דעם ציעל אין דער רעכטער צייט. ס'קאָן זיין, אז עס איז שוין ניט ווייט יענער טאָג, בעת מיר וועלען מיט איין שטויס איינווארפען דעם אלטען בנין, וואו אונז איז נאָר באשערט צו פארנעמען די קעלער־וואָהנונגען.

— גיט נאָר א קוק, ווי היימלאָך האָרטענזי איז היינט ! — האָט קווינט קורי איהם איבערגעשלאָגען. — ער קאָן זיך נאָך אליע

ניט אַנפּרעהען, וואָס זיין קאָנקורענט ציצעראָן איז אָוועקגעפּאָרען.

— וואָס פאַר א פייגלינג דער דאָזיגער ציצעראָן איז ! — האָט קאַטילינא געזאָגט מיט פאראכטונג. — ווי נאָר ער האָט באַמערקט, אַז סוללאַ קוקט אויף איהם קרום פאַר וואָס ער פּאַרעהרט מאריוס'ן, האָט ער זיך שוין אָפּגעטראָגען קיין גריכענלאנד... ווען איך וואָלט געווען אזא גרויסער רעדנער, ווי ער איז, וואָלט איך אין צוויי יאָהר צייט געוואָרען דער הערשער פון רוים !... דאָך, — האָט ער צו־גענעבען נאָך א קליינער פויזע, — אויב אונז וועט זיך ניט איינגע־בען איהם צוצוציהען אויף אונזער זייט, קאָן ער זיין זעהר גע־פעהרליך פאַר אונז.

אין דער אייגענער מינוט האָט די געשלאָסענע מחנה צושויער, וואָס איז געשטאַנען פאַר'ן פּאָרטיק, זיך אביסעל פאַנאַנדערגע־רוקט און צווישען די זיילען האָט זיך באַוויזען די מאַיעסטעטישע פיגור פון וואַלעריא מעסאַלא, איינגעהילט אין א לאַנגער פעלערינע פון טייערען אָריענטאַלישען בלויען שטאָף. האָרטענזי און עטליכע אנדערע פּאַטריציער האָבען זי באַגלייט, ביז וואַנען זי האָט זיך ניט אריינגעזעצט אין א טראָג־שטול באַצירט מיט גאָלד און מיט פּורפּור, וואָס פיער שטאַרקע שקלאַפען האָבען איהם געבראַכט.

— דאָס איז וואַלעריא, סוללאַ'ס פרוי, — האָט ספּאַרטאַק צוגעפּליסטערט קריקס'ן.

ספּאַרטאַק האָט דערקאָנט די האָרענטע וואָס ביי איהר האָט זיין שוועסטער געדינט אַלס שקלאַפין.

וואַלעריא האָט אויך דערקאָנט ספּאַרטאַק'ן און, בעת דער טראָג־שטול, אויף וועלכען די פיער שקלאַפען האָבען זי געטראָגען, איז אויסגעקומען קעגען איהם, האָט וואַלעריא אויף איהם א רעכטע ווײַלע אויפמערקזאם געקוקט.

איצט האָט קאַטילינא אויך באַמערקט ספּאַרטאַק'ן. ער האָט איהם צו זיך צוגערופען און איהם געזאָגט :

— קום היינט פון אָווענד, וואָס שפּעטער.

— איך וועל קומען, — האָט ספּאַרטאַק געענטפערט און, זיך פאַרנויגענדיג, איז ער אוועק.

בעת ער און קריקס זיינען געגאַנגען איבער דער הייליגער גאַס,

איז זיי געקומען אנטקעגען א יונגע, זעהר שעהנע און רייך געקליי־דעטע מיידעל, באגלייט פון א שקלאף און א שקלאפין.

זי איז צוגעגאנגען צו ספארטאק'ן, האט זיך אפגעשטעלט פאר איהם און געזאגט אויף גריכיש :

— זאל גאט זיין דיין היטער, ספארטאק.

— איך דאנק דיר, שענהייט, — האט ער געענטפערט מיט פארוואונדערונג.

די אומבאקאנטע איז נאך נעהנטער צו איהם צוגעגאנגען און האט גאנץ שטיל געזאגט :

— ליכט און פרייהייט !

ספארטאק האט אויפגעציטערט. אביסעל זיך אנגעכמורעט און געזאגט מיט א טאן פון אומצופרידענהייט.

— איך פארשטעה ניט אט דעם מאדנעם שפאס.

— איך שפאס ניט און דו מאך ניט דעם אנשטעל, אז דו פארשטעהסט מיר ניט — האט די אומבאקאנטע איהם אפגעענט־פערט. דאס איז דער געשריי פון אלע אונטערדריקטע וואס דור־שטען אראפצואווארפען פון זיך די קייטען פון רוימישען יאך. צו זיי באלאנג איך אויך, איך, די געוועזענע שקלאפין.

און, אנכאפענדיג ספארטאק'ס האנד, האט זי שטארק זי גע־דריקט מיט איהר קליינער הענטעל, וועלענדיג איהם ווייזען, אז זי ווייס אפילו דעם צייכען, וואס איז אנגענומען צווישען די גלא־דיאטארען.

— איצט זעהסטו שוין, — האט זי פארטגעזעצט מיט א שמייכעל, — אז איך ווייס אלץ און דו דארפסט פאר מיר קיין מורא ניט האבען. קום ארײן צו מיר ! איך וואהן אט אויף דער גאס, אט אין יענעם הויז, קום ארײן ! איך קאן דיר א סך העלפען אין דער אונטערנעמונג, וואס דו האסט פארטראכט... מיין נאמען איז עווטיבידא . . . איך וועל אויף דיר ווארטען. קום ארײן !

דאס שעהנע מיידעל האט זיך פארנייגט און איז אוועק.

זיי האבען נאך ניט באוויזען צו קומען צו זיך פון אט דער אומערווארטעטער באגעגניס, ווי צו זיי איז צוגעלאפען א ניך־געהער

וואָס איהם האָבען זיי מיט עטליכע מינוט צוריק געזעהן לויפענדיג פאר וואַלעריא'ס טראָג־שטול און מאַכענדיג אַ ווארע פאר איהר.

— ווער פון אייך איז ספארטאק ? — האָט ער געפרעגט.

— איך, — האָט ספארטאק זיך אָפּגערופען.

— דיין שוועסטער מירדזאַ וועט היינט אַרום האַלבע נאַכט אויף דיר ווארטען אין הויז פון איהר הארענטע. זי מוז מיט דיר ריידען וועגען אַ זעהר וויכטיגער זאַך.

— איך וועל אומבאַדינגט קומען, — האָט ספארטאק געענטפערט.

דער גיך־געהער איז אַוועקגעגאַנגען, און ביידע פריינד האָבען זיך פארנומען לינקס, צו אַ זייט־געסעל. זיי האָבען בשום אופן ניט געקאָנט טרעפען, וועגען וואָסער וויכטיגער זאַך וויל מירדזאַ מיט איהם ריידען.

פינפטער קאַפּיטעל.

# קאַטילינאַ'ס עס־צימער און וואַלעריאַ'ס גאַסט־צימער

קאַטילינאַ'ס הויז וואָס איז געשטאַנען אויף דעם דרום שרעג פון פּאַלאַטינער בערגעל איז געווען ניט קיין גרויסע און ניט קיין פּרעכטיגע פאַר יענער צייט, אָבער אינעווייניג איז דאָס הויז געווען אַזוי רייך צוגעקליבען אַז עס האָט זיך געקאָנט פאַרגלייכען מיט די פּראַכטפוּלסטע וואָהנונגען פון די פּאַטריציער.

דער לאַנגליכער עס־צימער וואו קאַטילינא איז געזעסען מיט זיינע געסט איז געווען איבערגעטיילט דורך זעקס מאַרמאָר זיילען, וואָס אַרום זיי האָבען זיך געשלענגעלט גירלאַנדעס פון לאָרבער, האָפּען און ראָזען. לענג אויס די ווענט זיינען געשטאַנען מאַרמאָר סטאַטועז פון באַוואוסטע קינסטלער; צווישען זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט צוועלף בראָנזענע עפּיאָפּען, אין גאָלדענע בראַסלע־טען און האַלז־בענדער, וואָס האָבען געהאַלטען זילבערנע קאַנדע־ליאַברען מיט אָנגעצונדענע לאָמפּען. אויך פון סופיט האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט גאָלדענע און זילבערנע לאָמפּען קינסטלעריש אויס־געאַרבייטע, וואָס האָבען העל באַלויכטען דעם זאַל און אין דער איינענער צייט איהם פול געמאַכט מיט אַן אַראָמאַט פון דופטיגע גראָזען, וואָס האָבען זיך אינוועניג געראויכערט.

אַרום דעם טיש, פּאַנאַנדערגעלייגט אין ווייכע לאָזשען, מיט די עלענבויגענס אָנגעשפּאַרט אויף פּורפּור קיסעלאך, זיינען גע־זעסען יונגע רוימישע פּאַטריציער, קאַטילינאַ'ס געסט.

אַלע זיינען זיי געווען אָנגעטאָן אין ווייסע באַקוועמע קאָסטיו־מען פון אַ וואָלענעם דין אויסגעאַרבייטען שטאָף און האָבען געטראָ־גען אויף די קעפּ קראַנצען פון לאָרבער, האָפּען און ראָזען.

דער אווענט מאַלצייט האָט שוין געהאַלטען ביים סוף, בעת דער שקלאַף האָט געמאָלדען קאַטילינאַ'ן, אַז ספּאַרטאַק מיט זיין חבר זיינען געקומען.

— אָה, ענדליך ! — האָט קאַטילינאַ אויסגעשריען, — זאָ־לען זיי זיך איבערטאָן און פיהר זיי אריין.

דער שקלאַף האָט זיך פאַרנייגט און איז ארויסגעגאַנגען, און קאַטילינאַ האָט געהייסען איינעם פון זיינע באַדינטע, ער זאָל אַלע שקלאַפען, וואָס האָבען באַדינט ארום טיש, אריינגעמען אין אַן אנדער צימער, אויך אַלע אַקטיאָרען און מוזיקאַנטען, וואָס האָבען אַמוזירט די געסט.

אין אַ ווײַלע ארום זיינען אין זאַל אריינגעקומען ספּאַרטאַק און זיין חבר קריקס אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער און מיט קראַנ־צען אויף די קעפּ.

— באַהיטען זאָלען די געטער דעם ווירט פון הויז און די געסט ! — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט.

— זייט אַלע געגריסט ! — האָט קריקס צוגעגעבען.

ענטפערענדיג אויף די באַגריסונגען האָט זיך קאַטילינאַ אויפ־געהויבען און איז געגאַנגען מקבל פנים זיין די אריינגעקומענע.

— וואָס אַזוי שפּעט ? — האָט ער געפרעגט מיט פאָרוואורף.

— מ'האָט מיך פאַרהאַלטען אין שיינק וואו עס קלייבען זיך צונויף די גלאַדיאַטאָרען, — האָט ספּאַרטאַק געענטפערט. — מיר האָבען דאָרט געהאַט אַ וויכטיגע באַראַטונג.

— איז דאָס טאַקי אמת, אַז די גלאַדיאַטאָרען ריידען וועגען זייערע רעכטען און ווילען זיך אונטערנעמען צו פאַרטיידיגען זיי מיט וואַפען אין די הענד ? — האָט לוצי בעסטי געפרעגט ניט אָהן איראָניע.

ספּאַרטאַק איז געוואָרען אַן אָנגעצונדענער און ער האָט זיך מיט מיה איינגעהאַלטען ניט צו ענטפערן איהם שאַרף.

באַמערקענדיג דאָס, האָט קאַטילינאַ זיך אריינגעמישט.

— אַרעלמוטיגע פאַטריציער ! — האָט ער זיך געווענדעט צו די געסט. איהר זעהט פאַר זיך דעם העלדישען, מעכטיגען ספּאַר־טאַק'ן, וועלכער האָט באַדאַרפט געבוירען ווערען ניט אַ פראַקיער,

נאָר א רוימישער פאטריציע. אייך איז באוואוסט, ווי העלדיש ער האָט געקעמפט אין די רייהען פון אונזערע לעגיאָנען.

— און דאָס האָט איהם פונדעסטוועגען ניט געשטערט צו אנט־לויפען צום שונא ביי דער ערשטער באקוועמער געלעגענהייט, — האָט לוצי בעסטי איהם איבערגעשלאָגען.

— ווי! — האָט קאטילינא אויסגעשריען, — און דו באשול־דינסט איהם דערפאר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט קעמפען קעגען זיין פאטערלאנד? ווער פון אונז וואָלט אויף זיין אָרט ניט געטאָן דאָסזעלביגע? איך האָב אייך שוין געזאָגט, וועגען וואָס ער טראכט איצט, ער, דער אומדערשראָקענער העלד. שטרעבען מיר דען ניט צו פרייהייט, פונקט אזוי ווי די גלאדיאטאָרען? ווערען מיר דען ניט געדריקט פון די זעלביגע אָליגארכען? דאָס גאנצע גאָלד, וואָס די אונטערטעניגע פעלקער צאָהלען אונז שווימט אריין אין זייערע הענד, און מיר, פאטריציער, די אמת'ע גרינדער פון דער רוימישער מאכט, מיר דארפען שטארבען אין אָרימקייט, מיר דארפען פארלירען אונזער יוגענד און אונזערע קרעפטען אין קאמף מיט דער נויט! איבער די אויערן זיינען מיר אָפּגעטונקט אין חובות און מיר צאפּלען זיך אין זיי, ווי פליגלען אין די נעצען פון א שפין. אונזער געגענוואַרט איז האָפנונגסלאָז, אונזער צו־קונפט איז נאָך ערגער. ביז וואנען וועלען מיר דולדען? שוין צייט צו ערוואכען!

קאטילינא'ס רעדע האָט אויפגערירט די איינגעדרעמעלטע גע־פיהלען פון די פאטריציער, וואָס זיינען געווען אביסעל בארוישט פון וויין. זייערע פנים'ער זיינען באלעבט געוואָרען, זייערע אויג־גען האָבען גענומען גלאנצען. א זופּ טאָענדיג פון בעכער, האָט קא־טילינא פאָרטגעזעצט:

— אלזאָ, מיינע פריינד, איך האָב אייך היינט פאררופען, אום געמיינשאפטליך צו באאורטיילען, צו דארפען מיר אפשר זיך פאר־איינינגען מיט ספארטאק'ן און מיט זיינע גלאדיאטאָרען, וואָס וועט זיכערער מאכען אונזער ערפאָלג? מיר דאכט זיך, אז עס איז א סך זיכערער צונויפצוקלייבען אלעמען, צו האָבען אויף אונזער

זייט איטליכען, ווער עס וויל זיך ערווערבען רעכט, אָדער זיך נוקם זיין פאר אן אומרעכט, איידער די קרעפטען זאָלען זיין צואוואַרפען.

די איינגווענדונגען פון די פאטריציער האָבען באוויזען, אז ווייט ניט אלע זיינען געווען פאר קאטילינא'ס פאָרשלאָג. די רוימישע שטאָלץ האט זיי ניט דערלאָזט זיך צו פאַרבינדען מיט בארבארען און מיט שקלאפען.

ספארטאק האָט פארשטאַנען, אז די שפיעל איז א פאַרלאָרענע און אז ווייטערדיגע געשפרעכען אויף דער דאָזיגער טעמע זיינען איבריג. איצט אָבער האָט ער נאָר געוואָלט זיי אביסעל פארבלענדען די אויגען.

— אדעלמוטיגער קאטילינא ! — האָט ער געזאָגט זיך אויפ־הויבענדיג, — איך זעה, אז א פאראייניגונג צווישען אונז איז אומעגליך. איך מוז זיך מודה זיין, אז איך האָב דאָס געוואוסט פון אָנהויב אָן און בין געקומען אהער, נאָר כדי צו ערפילען דיין באגעהר. איצט האָב איך מיר ענדגילטיג איבערצייגט, אז מיר פארפאָלגען גאַנץ פארשידענע ציעלען. פאר אייך איז נאָר נויטיג דערלייזט צו ווערען פון די רוימישע הערשער, כדי איהר זאָלט קאָנען פארנעמען זייערע ערטער. וועגען די שקלאפען, וואָס זיינען פול אין זייערע הייזער, וועגען די גלאדיאטאָרען, וואָס זיינען פול אין אייערע צירקען, דאגה'ט איהר גאָר ניט. פאר אונז אָבער איז די פראגע א גאַנץ אנדערע. מיר זיינען דערנידעריגט און פארהאסט ביי אייך, מיר זיינען אָפּגעריסען פון אונזער היים, פון אונזער פאַ־טערלאנד, מיר זיינען געצוואונגען צו הרג'ענען איינער דעם אנ־דערן, כדי אייך צו אַמוזירען, מיר ווילען פריהער פון אלץ פריי־הייט ! הייסט דאָס, אז אונז וואָלט אויסגעקומען צו מאכען אָן אויפשטאנד און צו רעוואָלטירען ניט קעגען די איצטיגע הערשער פון רוים, נאָר קעגען דעם סאַמע געזעץ, וואָס ערלויבט זיי צו דריקען און שטיקען, געגען דעם געזעץ, וואָס ערלויבט איין מענשען הערשען איבער א צווייטען, ריכטיגער גערעדט — קעגען שקלאַ־פעריי ! זיינען מיר דען אימשטאנד אזא זאך צו אונטערנעמען ? האָבען מיר דען כוחות דערצו ? וואָס קאָן אויפטאָן א הויפען גלאדיאטאָרען קעגען די צאָהלרייכע לעגיאָנען, וואָס זיינען אזוי

פארהארטעוועט געוואָרען אין קאמף ? אָט פאר וואָס איך האָב געטרויממ צו געפינען אין דיר א מיטהעלפער. אָבער אזוי ווי די פאטריציער קאָנען ניט ווערען די פיהרער פון די גלאדיאטאָרען, און די גלאדיאטאָרען אליין זיינען מאכטלאָז, מוזען מיר זיך אָפּזאָגען פון אונזער זינלאָזען חלום און בלייבען אונטערטעניג אונטער אונזער שיקזאל. ניטאָ קיין אנדער אויסוועג.

ספארטאקס ווערטער האָבען ניט אויף אלעמען געמאכט דעם זעלביגען איינדרוק. מאנכע האָבען געמיינט, אז ער האָט גערעדט קלוג און בארעכענט, אנדערע ווידער האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער איז צו דרייסט. נאָר אין איין זאך זיינען אלע איינשטימיג געווען: אלע זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז ער האָט זיך אין גאנצען אָפּגעוואָרפען פון זיין פלאן צו מאכען אן אויפשטאנד.

און נאָר דאָס האָט ספארטאק געדארפט.

ארויסגעהענדיג פון קאטילינא'ן, האָט ער געזאָגט צו קריקס'ן :

— געה אריבער אין אציאנ'ס שול און זאָג די גלאדיאטאָרען, אז אונזער אָפּגעמאכטער צייכען און די ווערטער זיינען איצט אנ־דערע : ניט „ליכט און פרייהייט״, נאָר „פאָרזיכטיגקייט און זיעג״, און דער צייכען איז אזא (ער האָט איהם געוויזען דעם ציי־כען). געה, פארליר ניט קיין צייט, און זאָג זיי, אז אונזער פאר־שווערונג איז אין געפאהר ענטדעקט צו ווערען. און אלעמען, וועמ נאָר עס וועט זאָגען די פריהערדיגע ווערטער און וועט מאכען דעם פריהערדיגען צייכען, דארף מען זאָגען, אז מיר האָבען פארלאָרען יעדע האָפנונג אויף ערפאָלג און מיר האָבען אינגאנצען זיך אָפּגע־זאָגט פון אונזער פלאן.

ספארטאק האָט אבשיד גענומען פון קריקס'ן און ער איז געשווינד אוועק צו סוללא'ס הויז.

מירדזא האָט אויף איהם געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד. ווי נאָר ער איז אריינגעקומען אין הויז איז זי איהם געלאָפען אנטקעג־גען, האָט איהם ארומגענומען און א קוש געטאָן, זאָגענדיג :

— איך האָב דיר אהער גערופען אויף דעם באפעהל פון מיין ווירטין, זי דארף דיר האָבען. אויף וואָס זי דארף דיר, וועט זי

אליין דיר זאָגען. איך וועל איהר נאָר מעלדען, אז דו ביזט גע־קומען.

ספּאַרטאַק איז געשטאַנען א געפּלעפּטער. בעת ער איז גע־גאַנגען צו דער שוועסטער האָט ער ניט געטראַכט וועגען דעם, אז איהם קאָן אויסקומען צו ריידען מיט אזא הויך־געשטעלטער דאַמע, מיט סוללא'ס פרוי.

דאָס ערשטע מאָל האָט ער זי געזעהן מיט א מאָנאַט צוריק, בעת ער איז צום ערשטען מאָל געקומען באַזוכען די שוועסטער. ער האָט זי באַגעגענט אין טיר. אָט אַזוי ווי היינט, האָט זי אויך דעמאָלט אויף איהם געקוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט.

איהם האָט זיך געדאַכט, אז ער זעהט א געטין, וואָס האָט אַראָפּ־געגנידערט אויף דער ערד.

און אָט באַלד וועט ער מיט איהר ריידען... איז דאָס ניט קיין חלום ?

— ניין ! — אָט איז מירדזא ווידער לעבען איהם און זי זאָגט צו איהם מיט א שמייכעל :

— קום ! זי וואַרט אויף דיר.

— צו וואָס ? — האָט ספּאַרטאַק אַרויסגעפּליסטערט, קוים וואָס מ'האָט געקאָנט הערען.

— באַלד וועסטו וויסען. אָבער האָב קיין מורא ניט ! — האָט מירדזא צוגעגעבען, באַמערקענדיג זיין בלאַסקייט. — אָט אַזוי שעהן ווי זי איז, אַזוי גוט איז זי.

„הייסט עס, אז זי איז גוט אָהן א שיעור", האָט ספּאַרטאַק זיך געטראַכט.

מירדזא האָט איהם אריינגעפיהרט אין וואַלעריא'ס אויפ־נאַמס־צימער, וואו זי פּלעגט לעזען און אויפנעהמען נאָהענטע פריינד.

דאָס איז געווען א געמיטהליך צימער, ניט גרויס, די ווענט זיינען געווען באַשלאָגען מיט א בלויען אָריענטאַלישען שטאָף, וואָס אונטער זיינע פאַלבען זיינען געווען באַהאַלטען אייזערנע רעהרען, וואָס האָבען דאָס צימער געוואַרעמט. א מאַסיווע גאָלדענע לאָמפּ, אין דער פאָרם פון א ראָזע, איז געהאַנגען אין מיטען סופיט און

האָט פול געמאכט דאָס צימער מיט א מילדען טונקעלען שיין און מיט א דופט פון פארפיומירטען אויל.

א דיוואן, א פאָטעל און עטליכע טאבורעטען, באשלאָגען מיט א ווייסען זיידענעם שטאָף, — דאָס איז געווען די גאנצע מעבעל פון דעם דאָזיגען פראכטפולען צימער.

וואלעריא איז געווען אָנגעטאָן אין א ווייסען טוניק, באפוצט מיט זילבערנע פרענז. ווען זי האָט דערזעהן, אז ספארטאק איז אריינגעקומען אין צימער און איז געבליבען שטעהן ביים טיר, א פארגליווערטער פון פארלאָרענהייט, האָט זי זיך אויפגעהויבען פון דיוואָן און זיך געווענדעט צו איהם מיט א באגריסונג:

— זאָלען די גיטער דיר באהיטען, העלדישער ספארטאק!

— די געטער באשיצען מיר מעהר, וויפיעל איך פארדין דאָס, — האָט ספארטאק געענטפערט מיט א ציטערדיגער שטים, — זיי האָבען מיר צוגעשיקט דאָס גליק צו ריידען מיט דיר.

— ווי איך זעה, ביזטו ניט נאָר העלדיש, נאָר אויך ליבענס־ווירדיג, — האָט זי פריינדליך געזאָגט. — איך האָב געהערט, אז דו האָסט געקראָגען א גריכישע בילדונג... דו ביזט געווען איינער פון די פיהרער פון דיין פאָלק איידער דו ביזט אריינגעפאלען אין גע־פאנגענשאפט?

— איך בין געווען דער פירסט פון איינעם פון די מעכטיגסטע שבטים אין פראקיען. דאָרט, אין די ראָדאָפישע בערג, האָב איך געהאט מיין אייגען הויז, לאָנקעס און בהמות. איך בין געווען רייך, מעכטיג און גליקליך, און... און... — האָט ער צוגעגעבען מיט א ציטערדיגער שטים. — איך האָב ניט געטראכט, אז מיין סוף וועט זיין... אז איך וועל ווערען א גלאדיאטאָר און א שקלאַף.

אויף וואלעריא׳ס פנים האָט זיך אָפגעשפיעלט מיטלייד.

— זאָרג ניט, ספארטאק! — האָט זי פריינדליך געזאָגט, — איצט ביזטו ווידער פריי, און, ס׳קאָן זיין, אז די געטער וועלען דיר דיין גליק צושיקען.

ספארטאק האָט אויף איהר א קוק געטאָן. זיין בליק האָט אויסגעדריקט דאנקבארקייט אָהן א שיעור.

— איצט לאָמיר ריידען וועגען דער זאך, — האָט זי פאָרט־

געזעצט, — סוללא וויל האָבען אייגענע גלאַדיאַטאָרען ביי זיך אויף דער ווילאַ אין קומי. ער וויל מאַכען פאַר גלאַדיאַטאָרען זעכציג פון זיינע שטאַרקסטע שקלאַפען. וועסטו זיך אפשר אָננעמען זיי צו לערנען ?

— יא, איך וועל דאָס אָננעמען, איך וועל טאָן אַלעס, וואָס דו וועסט מיר בעטען, — האָט ספּאַרטאַק היציג אויסגעשריען.

— וועל איך זאָגען סוללא'ן, אַז דו נעמסט זיך אָן.

## זעקסטער קאפיטעל.

# סוללאַ'ס טויט.

קומי איז געוועזן א רייכע, שענע און באפעלקערטע שטאָדט, וואָס איז געלעגען ביים ים. ניט ווייט פון אָט דער שטאָדט האָט דער דיקטאַטאָר סוללא געהאט זיין ווילע. כדי צו פארגעסען די שרעקליכע קראנקהייט, וואָס האָט איהם געמאַטערט און איהם ניט געלאָזט שלאָפען גאנצע נעכט, האָט ער איצט געזוכט נייע פאַר־וויילונגען. די ענדלאָזע הוליאנקעס, וואָס האָבען אָנגעהאלטען גאנצע נעכט, די אונטערהאלטונגען מיט די געסט, די מוזיק און טענץ, דאָס אַלעס האָט איהם געהאָלפען נאָר אויף א ווייִלע צו פאַר־געסען זיין שווערע קראנקהייט און צו באהאלטען זיינע יסורים פון די ארומיגע מענשען. ער, וואס איהם האָט מען גערופען סוללא „דער גליקליכער“, און „ווענערא'ס ליבלינג“, דער שטארקער און אומבאזיגבארער, איז געוועזן צו שטאָלץ זיך מודה צו זיין, אז די קראנקהייט האָט איהם באזיגט און צובראָכען. אפילו אין דער נאכט פאר זיין טויט, איז ער געוועזן אזוי פרעהלאך און באלעבט, אז קיינעם איז אויפ'ן געדאנק ניט געקומען, אז זיין סוף איז נאָהענט. און סוללא אליין האָט קענטיג ניט געטראכט, אז דאָס איז זיין לעצטע סועדה.

אין דעם גרויסען זאל „אפאָלאָן פון דעלפי“, אין דעם גע־ראמסטען און פראכטפולסטען פון די פיער עס־צימערן, וואָס זיי־נען געוועזן אין קומי'ער פאלאַץ, זיינען געוועזן געדעקט דריי טי־שען, ארום וועלכע עס זיינען געשטאַנען ניין לאָזשעס. אין די לאָ־זשעס זיינען געזעסען פאנאנדערגעלייגט זעקס און צוואנציג מענ־שען, שוין אריינגערעכענט דעם ווירט.

נאַר איין אָרט איז געווען ליידיג : סולא׳ס ליבלינג, דער אקטיאָר מעטראַבי, איז נאָך ניט געווען.

סולא האָט געטראָגען א ווייסען אנצוג, אויפ׳ן קאָפּ א קראַנץ פון ראָזען. ער איז געזעסען פאנאנדערגעלייגט ביים מיטעלסטען טיש לעבען אָרט פון קאָנסול, אין רייהע מיט זיין צווייטען ליבלינג, מיט׳ן באַריהמטען טראַגיקער קווינט ראָסצי.

— נו, דערצעהל, פּאָנציאָן, וואָס גראַני האָט געזאָגט, — האָט סולא זיך געווענדעט צו א פּאטריציער פון קומי, וואָס איז געזעסען צושפּרייט ביים צווייטען טיש.

— איך ווייס ניט, — האָט יענער געענטפערט, און איז געוואָרען בלאַס און פארווירט.

— איך האָב א גוטען געהער, פּאָנציאָן, — האָט סולא באַמערקט מיט א רוהיגען טאָן, אָבער זיין פּנים איז אָנגעכמורעט געוואָרען. — איך האָב געהערט, וואָס דו האָסט געזאָגט צו עלי לוּ־פּערק׳ן. דו האָסט געזאָגט : „לויט סולא׳ס אורטייל האָט מען גראַניע׳ן געצוואונגען צו באַצאָהלען שטראַף, ער האָט אָבער ניט געפּאָלגט, זאָגענדיג“... דאָ האָסטו אָבער א קוק געטאָן אויף מיר, און, באמערקענדיג, אז איך הער זיך איין, ביזטו אנשוויגען געוואָרען. איך וואָלט וועלען, אז דו זאָלסט מיר איבערזאָגען וואָרט אין וואָרט, וואָס גראַני האָט געזאָגט.

פּאָנציאָן האָט זיך אין גאַנצען פארלאָרען.

— ערלויב... גלויב מיר... גליקליכער דיקטאטאָר, דו, דער גרעסטער פון די רוימישע פעלדמאַרשאַלען ! — האָט גראַני געגנו־מען מורמלען, ציטערנדיג פון שרעק.

— איך נויטיג זיך ניט אין דיינע שבחים ! — האָט סולא דראָהענד גענומען שרייען, זיך אויפהויבענדיג פון אָרט און א קלאַפּ טוענדיג מיט׳ן פויסט אין טיש. — מיט מיינע זיעגען און מיט מיינע טאַטען האָב איך זיך ערוואָרבען אַן אָרט אין די אַנאַלען פון די קאָנסולען, דאָרט וועט מען געפינען די שבחים און איך נויטיג זיך ניט, אז דו זאָלסט זיי איבער׳חזר׳ן, פאַרהאַסטער שמייכלער דו ! . . . איך וויל וויסען, וואָס האָט גראַני געזאָגט ! און אויב דו וועסט מיר באַלד ניט זאָגען, שווער איך ביי אפּאָלאָן׳ס ליבע,

אז פון דאנען וועט מען דיר אוועקטראָגען און אריינוואַרפען אין טייך אריין, פון דיין גוף וועלען מיינע פיש הנאה האָבען.

אלע געסט זיינען בלאַס געוואָרען. זיי האָבען איהם גוט געקאַנט און זיי האָבען געוואוסט, וואָס די דאָזיגע שבועה באַדייט. די מוזיק האָט אויפגעהערט שפּילען און מ'האָט אויפגעהערט טאַנ־צען. אין זאַל איז שטיל געוואָרען, ווי אין אַ קבר. די שמחה איז געווען פאַרשטערט.

דער אומגליקליכער פּאַנציאַן האָט פון שרעק געגומען שטאַמ־לען און ער האָט קוים אַרויסגערעדט:

— גראַני האָט געזאָגט: איך וועל וואַרטען מיט דער איינ־צאָהלונג פון דער שטראָף: סוללאַ וועט באַלד... שטאַרבען, און איך וועל ניט דאַרפען צאָהלען.

סוללאַ'ס טונקעל־רויטער פּנים איז בלאַס געוואָרען פון צאָרן.

— אהאַ! — האָט ער אויסגעשריען, ציטערנדיג פון ווילד־קייט. — דאָס הייסט, אַז גראַני וואַרט מיט אומגעדולד אויף מיין טויט!... וועלען מיר זעהן, צו זיין כיטרער חשבון וועט אויס־האַלטען!... קריזאָגאָן!

אויף זיין רוף איז אַריינגעקומען קריזאָגאָן, סוללאַ'ס פאַר־טרויאונגס־מענש, אַ באַפרייעטער שקלאַף.

סוללאַ האָט איהם עפּעס־וואָס געזאָגט אויפ'ן אויער, קריזאָגאָן האָט דאַרויף צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איז אוועק אַזוי גע־שווינד, ווי ער איז געקומען.

אַלע האָבען פאַרשטאַנען, אַז גראַני'ס שיקזאַל איז שוין באַ־שטימט.

— נו, וואָס זייט איהר אַזוי שטיל געוואָרען, שרעקעדיגע שעפּסען? — האָט סוללאַ פּרעהלאַך זיך געווענדעט צו זיינע געסט. אָדער אייך דאַכט זיך, אַז איהר זייט היינט אויף מיין טויטען יום - טוב?

— זאָלען די געטער דיר באַהיטען!

— זאָל יופּיטער דיר צושיקען גליק!

— לאַנגע יאָהרען דעם אַלמעכטיגסטען סוללאַ! — האָבען אַלע געסט אויסגעשריען אין איין קול.

— לאמיר אלע טרינקען פאר דעם געזונט און עהרע פון לוצי קארנעלי סוללא, דעם גליקליכען! — האט אויסגעשריען קווינט ראסצי מיט זיין אנגענעמער, קלינגעדיגער שטים, הויך אויפהוי-בענדיג זיין בעכער.

אלע האבען איהם אונטערגעהאלטען. און ווידער האט די מוזיק גענומען שפילען, ווידער האבען די טענצערינס זיך גענומען דרעהען איבער'ן זאל.

נאכ'ן טאנצען האט מען אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש, ביי וועלכען סוללא איז געזעסען, אן אנגעשטאפטען אדלער, אזוי גוט געמאכט, אז דער אדלער האט אויסגעזעהען ווי א לעבעדיגער. ער האט געהאלטען אין שנאבעל א לארבער קראנץ מיט א פורפור-באנד, וואס אויף איהם איז געווען אנגעשריבען מיט גאלדענע אותיות: „סוללא דעם גליקליכען, וועגערעס ליבלינג".

אונטער אפלאדיסמענטען פון די געסט איז דער דאזיגער קראנץ ארויפגעלעגט געווארען אויף סוללא'ס קאפ, און קווינט ראסצי, זיך אויפהויבענדיג פון ארט, האט פארגעלייענט א געדיכט לכבוד דעם געוועזענעם דיקטאטאר.

נאך דעם האט סוללא גענומען א מעסער און אויפגעשניטען דעם אדלער, פון וואנען ס'האבען זיך גענומען שיטען אייער, און אין יעדען איי איז געווען א געבראטען פויגעלע, צוגעריכט מיט סאוס.

דער צווייטער געריכט איז געווען ניט ווייניגער אריגינעל.

דאס איז געווען א גרויסער טארט פון טייג מיט האניג, וואס האט אויסגעזעהען ווי א קיילעכדיגער טעמפעל מיט זיילען. בעת מ'האט דעם טארט אויפגעשניטען, זיינען פון איהם ארויסגעפלויגען אזוי פיעל לעבעדיגע פויגלען, וויפיעל געסט עס זיינען געווען.

אויף דער העלזעל פון יעדען פויגעל איז געווען צוגעבונדען אויף א בענדעלע א מתנה פאר יעדען גאסט מיט אן אויפשריפט, פאר וועלכען גאסט די אדער יענע מתנה איז באשטימט.

אט דער נייער סורפריז האט ארויסגערופען שטורמדיגע אפ-לאדיסמענטען און געשרייען. דער ליארם האט לאנג אנגעהאלטען, ווייל די געסט האבען זיך א לאז געטאן כאפען די אומגליקליכע

פויגלען, איבערגעשראָקענע פון די קולות, וואָס זיינען ארומגע־
פלויגען איבער'ן זאַל, זוכענדיג אַן ארויסגאַנג.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער לעצטער סורפּריז. דעם
סאַמע תאווה'דיגען סורפּריז, לויט די באַגריפען פון יענער גרוי־
זאַמער צייט, האָט סוללא געהאַלטען גאָר אויף לעצט.

— מיינע פריינד! — האָט ער אויסגעשריען, — איך בין
היינט פרעהלאַך און איך וויל אייך פרעהלאַך מאַכען מיט אַזאַ
ספּעקטאַקל, וואָס ניט אָפט זעהט מען אויף מאַלצייטען: ווילט
איהר זעהן אַ גלאַדיאַטאָר־געפעכט?

— מיר ווילען! — האָבען אַלע אויף אמאָל געענטפערט.

— מיר ווילען! — האָבען די טענצערינס אונטערגעכאַפּט
הינגעריסען פון דער אַלגעמיינער ענציקונג, פאַרגעסענדיג, אַז ניט
זיי האָט סוללא געמאַכט דעם פאָרשלאַג.

סוללא האָט באַלד באַפוילען איינעם פון די שקלאַפען אי־
בערצוגעבען ספּאַרטאַק'ן, ער זאָל ברענגען אין עס־צימער פינף
פּאָר גלאַדיאַטאָרען.

אין אַ ווײַלע ארום האָט קריזאָגאָן אריינגעפיהרט צעהן גלאַ־
דיאַטאָרען. פינף זיינען געווען אָנגעטאָן ווי פראַקיער און פינף
ווי סאַמניטען.

— און וואו איז ספּאַרטאַק? — האָט סוללא געפרעגט.

— ער האָט זיך מסתמא פאַרזעסען ביי זיין שוועסטער. מ'האָט
שוין געשיקט נאָך איהם.

קריזאָגאָן האָט זיך ניט באַוויזען דאָס אויסצורײדען — און
ספּאַרטאַק איז אריין אין עס־צימער, אַ צופלאַמטער און אַ פאַר־
סאָפּעטער, שווייגענדיג האָט ער באַגריסט סוללא'ן און די געסט.

— מיר ווייסען, — האָט סוללא זיך געווענדט צו איהם, —
וואָס פאַר אַ געשיקטער קעמפער דו ביזט. איצט וועלען מיר זעהן,
אויף וויפיעל דו קאָנסט אויסלערנען אַנדערע.

— אָבער מיינע שילער האָבען נאָר צוויי חדשים זיך געאיבט
אין דער פעכט־קונסט און דו וועסט מסתמא זאָגען, אַז זיי האָבען
ווייניג אויפגעטאָן, — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט.

— דאָס וועלען מיר זעהן, — האָט סוללאַ רוהיל באמערקט און האָט געגעבען דעם צייכען אָנצוהויבען די פאָרשטעלונג.

כמעט ניט וויסענדיג, וואָס ער טוט, האָט ספּאַרטאַק גענומען פאַנאַנדערשטעלען די גלאַדיאַטאָרען.

זיין גאַנצע נשמה איז געווען אויפגעבראַכט פון דער דאָזיגער אוממענשליכער גרויזאַמקייט, פון דער דאָזיגער אומגעשטילטער בלוט־דורשטיגקייט, וואָס האָט זיך אַזוי אָפען ביי זיי ארויסגעוויזען. די מוטוויליגקייט פון איין מענשען, וואָס מיט וויין און בלוט האָט ער שוין לאַנג זיך אויסגעלאָשען גאָר דאָס מענשליכע, האָט איצט פאָראויסבאַשטימט צום טויט די צעהן געזונטע און שטאַרקע יונגע לייט, וואָס זיינען געבוירען געוואָרען פרייע אין אַ פריי לאַנד!

און דאָך מוז מען זיך אונטערגעבען, אָהן טענות מוז מען טאָן וואָס אָט דער דעספּאָט הייסט!...

אַזוי ווי אימיצער וואָלט איהם אריינגעשטאָכען אַ מעסער אין הארצען, האָט ספּאַרטאַק זיך געפיהלט, בעת ער האָט צווישען די גלאַדיאַטאָרען דערזעהן ז יין ליבלינג ארטאָריקס, דעם יונגען מאַן פון גאַליען, מט אַן איידעלען פּנים, מיט געדיכטע בלאָנדע האָר. ער איז געווען דער געוואַגטעסטער און איבערגעבענסטער פון אַלע זיינע שילער.

— פאַרוואָס ביזטו נעקומען? — האָט איהם ספּאַרטאַק שטיל געפרעגט.

— מיר האָבען געוואָרפען גורל, ווער ס'זאָל געהן, און דער גורל איז געפאַלען אויף מיר, — האָט ארטאָריקס פונקט אַזוי שטיל געענטפערט.

דאַן האָט ספּאַרטאַק זיך געווענדט צו סוללאַ'ן.

— ערלויב מיר, סוללאַ, איבערצובייטען דעם דאָזיגען גלאַדיאַטאָר אויף אַן אַנדערען.

— פאַרוואָס קאָן דער זיך ניט שלאָגען? — האָט סוללאַ גע־פרעגט מיט אַ אומצופרידען טאָן.

— ווייל ער איז אַ סך געשיקטער פון די אַנדערע, און דארום וועט דער פראַקישער צד, צו וועלכען ער געהערט, זיין פיעל שטאַרקער פון דעם סאַמניטישען צד.

— צו וואָס אָבער זאָלען מיר וואַרטען? מיר ווילען טאַקי הנאה האָבען פון אזא קינסטלער. אויב די סאַמניטען וועלען מיט זיי ניט קאָנען פאַרטיג ווערען — וועט זיי זיין שלעכט, — האָט סולא געענטפערט.

און זאָגענדיג דאָס, האָט ער געגעבען דעם צייכען אָנצוהויבען די פאָרשטעלונג.

די שלאַכט האָט לאַנג ניט געדויערט. אין פאַרלויף פון צוואַנציג מינוט זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען צוויי סאַמניטען און איין פראַקיער; צוויי אַנדערע סאַמניטען זיינען געלעגען אויף דער ערד פאַרוואונדעטע און פאַרבלוטיגטע. דער לעצטער סאַמניט, וואָס איז געבליבען איינער געגען פיער פראַקיער, האָט מיט פאַרצווייפלונג זיך געוועהרט פון זיינע געגנער, ער איז אָבער אויך געפאַלען.

דער זאַל איז שיער ניט צולייגט געוואָרען פון קולות און אַפּלאָדיסמענטען.

סולא׳ס שיכור׳ע און כריפּענדיגע שטים האָט זיי איבערגעריסען:

— עי, ספּאַרטאַק! איצט וויַיז אונז וואָס דו קאָנסט! נעהם א פּאַנצער מיט א שווערט ביי אימיצען פון די גע׳הרג׳עטע און טרעט ארויס איינער געגען די פיער!

סולא׳ס באַפעהל האָט ביי אַלעמען ארויסגערופען גרויס ענטציקונג, בעת ספּאַרטאַק׳ן האָט ער ווי א דונער געטראָפען.

ער איז געשטאַנען ווי א פאַרטויבטער, א בלאַסער און אומבאַוועגליך, מיט ברייט צועפענטע אויגען, ער האָט א וואָרט ניט געקענט ארויסריידען.

— זיי מוטיג! — האָט ארטאָריקס צו איהם א מורמעל געטאָן.

ספּאַרטאַק איז אביסעל געקומען צו זיך און, מאַכענדיג איבער זיך א גרויסע אָנשטרענגונג, האָט ער זיך געווענדעט צו סולא׳ן:

— ערלויב מיר דיר צו דערמאָנען, גליקליכער דיקטאַטאָר, אז איצט בין איך א רודיאַרער, הייסט עס — א פרייער מענש; איך בין נאָר א לעהרער פון דיינע גלאַדיאַטאָרען, אָבער איך אליין בין שוין ניט קיין גלאַדיאַטאָר.

סוללא האט זיך ווילד צולאכט.

— גאר אזוי? ! אט דאס איז אונזער העלדישער ספארטאק? ! ער האט זיך גאר דערשראקען פאר'ן טויט! פארהאסטע ראסע! איך שווער אבער ביי הערקולעס'ן, — האט ער צוגעגעבען, א קלאפ טוענדיג מיט'ן פויסט אין טיש, — איך וועל דיר צווינגען זיך צו שלאגען! ווער האט דיר באפרייט? סוללא! מעג דיר סוללא אויך באפעהלען! און דו וועסט זיך שלאגען! איך שווער ביי אלע געטער פון אלימפ!

ספארטאק'ס אויגען האבען געברענט, די מוסקולען פון זיין פנים, וואס אין איהם האבען זיך אלע קאלירען געביטען, האבען געציטערט. מ'האט זיך לייכט געקאנט פארשטעלען, וואסערע שרעקליכע געדאנקען און געפיהלען ס'האבען אין איהם געקאכט, ווי טיף ערשיטערט ער איז געווארען פון דעספאט'ס ווילדען אויסברוך. איהם האט זיך געוואלט א כאפ טאן א שווערט און זיך ארויפווארפען אויף סוללא'ן. עטליכע רגע'ס האט ער זיך געראנגעלט מיט דעם דאזיגען נסיון. צולעצט, אויסגעמאטערט פון אט דעם אינערליכען קאמף, דערשטיקענדיג אין זיך די קללות, וואס זיינען גרייט געווען זיך ארויסצורייסען, האט ער א כאפ געטאן ביי איינעם פון די הרוגים דעם שווערט און פאנצער און האט מיט א ציטערדיגער שטים א געשריי געטאן צו סוללא'ן:

— איך האב קיין מורא ניט פאר'ן טויט, לוצי סוללא, איך וועל זיך שלאגען, כדי דו זאלסט האבען פארגעניגען. איך שווער אבער ביי אלע דיינע געטער, — אויב איך וועל פארוואונדען ארטאריקס'ן...

א שוואכע פרויען שטים, וואס האט זיך דערטראגען פון ניט וויט, האט ספארטאק'ן געשטערט צו ענדיגען זיין פראזע.

פון הינטער א גרינגעם זיידענעם פארהאנג, וואס האט פארשטעלט א זייט טיר אין דער וואנט, האט זיך באוויזען סוללא'ס פרוי, וואלעריא. זי איז געווען בלאס ווי דער טויט. זי האט געטראגען א ווייסע באל־קלייד און א ראזענקראנץ אויפ'ן קאפ.

געוואהר ווערענדיג פון מירדזא'ן, אז סוללא האט געשיקט נאך ספארטאק'ן, האט זי פארשטאנען, אז עפעס־וואס ניט גוטעס

ערוואַרט איהם, און דער אָרימער רודיאר האָט ביי איהר אַרויס־
געזוכט אַזוי פיעל מיטלייד, אז זי האָט באַשלאָסען אַליין צו קומען
אויף סוללא'ס סעודה. דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אַז דער
דאָזיגער שרעקליך־גרויזאַמער מענש האָט אויך דאָס מאָל פאַר־
טראַכט עפּעס וואָס ניט גוטעס.

זי האָט זיך געשווינט אָנגעטאָן און איז געגאַנגען אין עס־
צימער. נאָך שטעהענדיג ביי דער טיר, האָט זי, נאָכ'ן בראַזג
פון די שווערטען און נאָך די קרעכצען פון די פאַרוואונדעטע, פאַר־
שטאַנען, וואָס דאָרט קומט פאָר. בעת זי האָט דערזעהן ספּאַרטאַק'ס
צאָרן, זיין גרייטקייט אויפגעבראַכטערהייט צו באַגעהן אַ זינלאָזען
טאַט, האָט זי ניט ווילענדיג אַ געשריי געטאָן פון שרעק און איז
אַרויסגעקומען פון הינטער'ן פאָרהאַנג.

וואַלעריא'ס אַריינקומען אין אַזאַ שפּעטער שעה האָט פאַר־
וואונדערט די געסט און סוללא'ן. זייערע פאַר'שיכור'טע, צו־
פלאַמטע פּנים'ער, וואָס זיינען מיט אַ ווייל פריהער נאָך געווען
צוויושעט פון ווילדען, בלוטיגען קאַמף, זיינען איצט געווען פאַר־
ווירט און האָבען אויסגעדריקט אומצופרידענהייט.

פאַרוואָס האָט די דאָזיגע פרוי מיט איהר צאָרנדיגען בליק
פאַרשטערט זייער רווישיגע שמחה? קיינעם איז גאָר אויפ'ן זינען
ניט אַרויף, אַז זי, די אַריסטאָקראַטישע רוימישע מאַטראָנע, די
פרוי פון דעם אַלמעכטיגען סוללא, ציטערט פאַר'ן שיקזאַל פון
דעם אָרימען רודיארי, דעם געוועזענעם שקלאַף און גלאַדיאַטאָר.
ווי שטרענג די געזעלשאַפטליכע מיינונג וואָלט זי פאַר'משפט, ווען
מ'וואָלט נאָר געוואוסט, אַז אָט די מאַטראָנע נעהמט אויף ביי זיך
אין גאַסט־צימער דעם דאָזיגען באַרבאַר און געוועזענעם גלאַדיאַטאָר,
וואָס מיט איהם וואָלט יעדער אָרעלמוטיגער רוימער געהאַלטען
פאַר אַ שאַנד זיך צו פריינדלען, און זי אונטערהאַלט זיך מיט איהם
ביי איהר אין הויז, ווי מיט איינעם פון איהר גלייכען! און נאָך
מעהר וואָלט די רוימישע שטאָלץ געווען אויפגעבראַכט, ווען מ'וואָלט
געוואוסט, אַז אַזאַ הויכגעשטעלטע פּאַטריציע איז איבערראַשט פון
אָט דעם באַרבאַר'ס פאַרשטאַנד און אָרעלקייט, און אַז זי האַלט
אַלע רוימישע אָרעל־לייט, וואָס רינגלען אַרום סוללא'ן, פאַר אַ

מחנה קאַרליקעס, נישטיגע און וויסטע, אין פאַרגלייך מיט אַט דעם אָרימען רודיאַרי.

די אונטערהאַלטונגען מיט ספּאַרטאַק'ן האָבען פאַר וואַלעריאַ'ן ענטפּלעקט אַ גאַנץ נייע, רייצענדע וועלט פון גוטעס און גערעכטיג־קייט. זי האָט געפיהלט, אַז אונטער זיין איינפלוס ווערט זי אַליין בעסער, אַז זי געוועהנט זיך צו קוקען אויף אַ סך זאַכען מיט אַנדערע אויגען, ווי ביז אַהער.

אַזוי, צום ביישפּיעל, די גלאַדיאַטאָר־געפעכטען, וואָס אויף זיי האָט זי נאָך ניט לאַנג צוריק געקוקט ווי אויף גאַנץ נאַטירליכע פאַרוויילונגען, און זי פלעגט פון זיי הנאה האָבען, האָט זי איצט געהאַלטען פאַר דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אין דער ווירקליכ־קייט, — פאַר אַ ווילדען און גאַטלאָזען צייטפאַרטרייב, וואָס איז אומווירדיג פאַר אַ מענשען.

אַנשטאָט אריינצוקומען אין דער סעודה מיט אַ צופרידענעם היימליכען פנים, ווי זי האָט געהאַט בדעה, איז אויף איהר פּנים געלעגען צאָרן און שרעק.

— וואַלעריאַ, — האָט סוללאַ בייז אַרויסגערעדט, אַנשטע־לענדיג אויף איהר אַ פאַר'שיכור'טען טעמפען בליק. — דו ביזט דאָ! אין אַזאַ צייט.

אַלע האָבען זיך האַסטיג אויפגעשטעלט, אום צו באַגריעסן די ווירטין, הגם ניט אַלע האָבען זיך געקאָנט האַלטען אויף די פיס.

— זייט אַלע געגריסט! — האָט וואַלעריאַ אַרויסגערעדט זיך באַהערשענדיג, און האָט אַלעמען דורכגענומען מיט איהר בליק.

אין זאַל האָט זי באַמערקט ספּאַרטאַק'ן. ער האָט אויף איהר געקוקט מיט פאַרוואונדערונג און ענטציקונג. אין אָט דער מינוט האָט זי זיך איהם אויסגעוויזען פאַר אַ איבערנאַטירליך וועזען, וואָס די געטער אַליין האָבען געשיקט, אום צו רעטען איהם מיט זיינע חברים.

— אַמאָל האָסטו אַליין מיר גערופען אַהער כּאָטש איינמאָל מיט אייך אויסצוטרינקען דעם בעכער פון פריינדשאַפט, — האָט וואַלעריאַ זיך געווענדעט צו סוללאַ'ן. — היינט האָב איך ניט געקאָנט שלאָפען, און אייער געלעכטער, אייערע פרעהליכע שטימען

האָבען אין מיר ארויסגערופען א פארלאנג זיך היימליך צו מאכען מיט אייך אינאיינעם... איצט זעה איך אָבער, פארוואָס אייך איז אזוי פרעהליך! — האָט זי צוגעגעבען מיט א שטרענגען טאָן: אייך איז ווייניג צירקען און אמפיטעאטערס, איהר ווילט פאר־גיסען מיט בלוט אייערע אייגענע הייזער אויך!

די געסט האָבען געשוויגען, און סוללא, וואָס האָט עפּעס־וואָס געוואָלט איינוווענדען אויף דער דאָזיגער באשולדיגונג, האָט קיין ווערטער ניט געפונען, עפּעס אזוי ווי דער לשון וואָלט איהם אָפּ־גענומען.

— ספארטאק! די שלאכט איז געענדיגט, דו קאָנסט אוועק־פיהרען די גלאדיאטאָרען, — האָט וואלעריא פּאָרטגעזעצט. און איהר, — האָט זי זיך געווענדעט צו די שקלאפען, — טראָגט ארויס פון דאנען די גע'הרג'עטע און באגראָבט זיי.

דאן האָט זי געהייסען אָנגיסען סוללא'ס בעכער און איהם ארומטראָגען פאר אלע אָנוועזענדע. דער פריינדשאפטס־בעכער, וואָס נים פיעלע האָבען אין איהם אריינגעשאָטען די ראָזענבלעט־לאך פון זייערע קרענץ, איז צוגעטראָגען געווארען צו יערען גאסט. אין זאל האָט געהערשט א טיפע שטילקייט. נאָך דעם האָבען די געסט פארלאָזט דעם זאל איינער נאָכ'ן אנדערן.

סוללא איז געוועזען טויט־שיכור. ער האָט געשוויגען, זיינע אויגען זיינען געוועזען פארגאָסען, זעער בליק טעמפּ, ס'האָט אויסגע־וויזען, אז ער ווייס נאָר ניט וואָס ארום איהם קומט פאָר.

וואלעריא האָט געהייסען די שקלאפען אריינטראָגען איהם אין שלאָפצימער.

אויפגעכאפּט האָט ער זיך ארום האלבען טאָג פון דער פיינ־ליכער בייסונג, וואָס די הויט־קראנקהייט האָט ביי איהם ארויס־גערופען און וואָס ווייטער אלץ מעהר איהם געמאטערט.

נאָר אין זיין פרעכטיגער באָד האָט ער אויף א ווייל געקאָנט דערלייזט ווערען פון זיינע מאטערניסען.

האסטיג האָט ער אויף זיך ארויפגעוואָרפען די טאָגע און איז אוועק אין מרחץ באגלייט פון זיינע שקלאפען.

דאָס מאָל האָט אָבער אפילו די באָד ניט אינגאנצען געשטילט

זיינע יסורים. סוללא האָט געפּיהלט אַ שוואַכקייט, אַ ברענונג אין גאַנצען קערפּער און מינוטענווייז פלעגט זיך איהם אָפּדאַכטען, אַז ער פאַרלירט דאָס באַוואוסטזיין, אַז ער געהט פון זינען אַראָפּ. ער איז אַביסעל מונטערער געוואָרען ערשט דאַן, בעת מ׳האָט איהם געמאָלדען, אַז גראַני איז געקומען און ער וואַרט אויף איהם. סוללא האָט געהייסען באַלד איהם אַריינפיהרען צו זיך אין באָד.

גראַני איז געווען ניט טויט, ניט לעבעדיג פון שרעק, בעת מ׳האָט איהם אַריינגעפיהרט.

— זאָלען די געטער דיר באַהיטען אויף לאַנגע יאָהר ! — האָט גראַני קריכעריש אַרויסגערעדט און טיעף זיך פאַרנייגט פאַר סוללא׳ן.

— און וואָס האָסטו געזאָגט מיט דריי טעג צוריק, בעת דו האָסט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָהלען די שטראָף, וואָס איך האָב דיר צוגע׳משפּט ? דו האָסט געזאָגט, אַז היינט־נאָרגען וועל איך שטאַרבען און מיין טויט וועט דיר באַפרייען פון דער שטראָף.

גראַני האָט פּרובירט אָפּלייקענען, אַז ער האָט עס ווען געזאָגט, אָבער סוללא האָט איהם צאָרנדיג איבערגעשלאָגען מיט אַ גאַנצען שטראָם זידלערייז.

ער איז געווען שרעקליך. זיין טונקעל־רויט פּנים איז צוקרימט געוואָרען פון ווילדען צאָרן, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע אויגען, אָנגעגאָסענע מיט בלוט, האָבען געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון קאָפּ. זיין הייזעריגע שטים האָט געבראַזגעט און אַלע ווייַלע זיך איבערגעריסען, אַרויסשרייענדיג שרעקליכע זידלערייען.

מיט איין קלאַפּ אין פּנים האָט ער גראַני׳ן אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד און האָט געהייסען די שקלאַפען איהם שלאָגען און טרעטען מיט די פיס.

צורייצט פון זיינע ווילדע קולות, זיינען די שקלאַפען אַליין אויך צוהיצט געוואָרען און מיט אומענשליכער גרויזאַמקייט האָטען זיי גענומען פּייניגען זייער קרבן, ביז וואַנען ער איז געבליבען ליגען אָהן סימנים פון לעבען.

אָבער צוזאַמען מיט גראַני׳ס לעבען זיינען אויך אויסגעלאָשען געוואָרען זיין שונא׳ס קרעפטען, וואָס האָבען ניט געקאָנט

איבערטראָגען אזא איבערנאַטירליכע אנשטרענגונג. סוללא האָט דערפיהלט, אז אלץ ארום איהם איז פארצויגען געוואָרען גלייך ווי מיט א נעבעל און פארשווימט ערגעץ־וואו. מאכטלאָז אנידערפאַלענדיג אויפ׳ן רוקען, האָט ער קוים ארויסגעכריפּעט:

— העלפט מיר . . . איך שטארב ! . . .

סוללא האָט זיך געראנגעלט מיט דער גסיסה.

אזוי איז געשטאָרבען דער שרעקליכער סוללא, וואָס האָט אָנגעוואָרפען א שרעק אויף אלע זיינע שונאים, א גרויסער ארמייפיהרער און א שלעכטער בירגער, א בר מזל, זעהר א געשיקטער און דרייסטער, וואָס האָט זיך דערהויבען פונקט אזוי פיעל צוליעב זיין ביטרעקייט און דורכגעטריבענקייט, וויפיעל צוליעב זיין העלדישקייט און ענערגיע. ניט אומזיסט האָט איינער פון זיינע געגנער, וואָס האָט מיט איהם מלחמה געהאלטען, געזאָגט, אז אין זיין נשמה לעבען א פוקס מיט א לייב.

און אָט דעם מענשען, וואָס זיין גרויזאמקייט איז געווען אָהן א ברעג, וואָס האָט פארגאָסען טייכען בלוט, ווי וואסער, האָבען די צייט־מענשען גערופען „דער גליקליכער !״... ווי לצנות׳דיג דאס קלינגט היינט.

זיעבעטער קאפיטעל.

# די פאָלגען פון סוללאַ׳ס טויט.

די נאַכריכט וועגען סוללא׳ס טויט האָט זיך פארשפרייט איי־בער איטאַליען מיט דער געשווינדקייט פון א בליץ.

די נאַכריכט האָט אַלעמען איבעראַשט, דער געדאַנק וועגען דעם, אַז סוללא׳ס טויט וועט ארויסרופען ענדערונגען אין דער רע־פובליק, האָט אַלעמען געדעגט.

די פּארטיי פון די אָליגאַרכען, פּאַטריציער, אַלע רייכע מענ־שען האָבען דעם דאָזיגען טויט באַוויינט, ווי א געזעלשאפטליכען אומגליק און האָבען אָפען געפאָדערט, אַז סוללא זאָל באערדיגט ווערען מיט קעניגליכער עהרע, אַז מ׳זאָל זיין אנדענק פאראייביגען אין טעמפּלען און סטאַטועס, ווי דעם אנדענק פון דעם רעטער פון דער רעפּובליק און פון א האַלבען גאָט. די דאָזיגע פאָדערונג איז אונטערשטיצט געוואָרען פון צעהן טויזענד שקלאַפען, וואָס סוללא האָט באַפרייט אין רוים און א דאַנק דעם האָבען זיי באַקומען דאָס רעכט צו ווערען רוימישע בירגער. אָט די שקלאַפען, וואָס האָ־בען סוללא׳ן געהאַלטען פאר זייער דערלייזער, זיינען איהם געווען איבערגעגעבען ניט נאָר אויס דאַנקבאַרקייט, נאָר אויך לויט׳ן גע־פיהל פון זעלבסט־דערהאַלטונג. זיין טויט האָט אין זיי דער־וועקט די מורא צו פארלירען דאָס, וואָס ער האָט זיי געשענקט.

אויסער דעם, אין אַלע שטעדט, וואָס סוללא האָט חרוב גע־מאַכט און וועלכע זיינען געווען אויף דער זייט פון מאַריוס׳עס פּאַרטיי, האָבען זיך געפונען הונדערט צוואַנציג טויזענד סוללא׳ס טרייע לעגיאָנערען. זיי האָבען איהם פארגעטערט ניט נאָר אַלס זיגרייכען פיהרער, נאָר אויך אַלס בעל צדקה, וואָס האָט זיי פריי־

נעביג באלוינט פאר זייער מיה מיט דעם אייגענטום פון די באַ־זיגטע. זיי זיינען אויך גרייט געווען מיט'ן שווערד אין האנד צו שטעהן פאר איהם.

אָבער אין דער צייט בעת די דאָזיגע מעכטיגע פארטיי האָט געקלאָגט אויף סולא'ס טויט, האָט מען אין אַ סך אַנדערע קריי־זען אויפגענומען די בשורה וועגען זיין טויט מיט דער גרעסטער שמחה. צעהנדליגע טויזענדער פריינד און קרובים פון די רואיניר־טע און פאראַרימטע, וואָס סולא האָט ביי זיי קאָנפיסקירט דאָס אייגענטום, צעהנדליגע טויזענדער פארוואָגעלטע און היימלאָזע און אַ סך פון מאריוס'עס אנהענגער — זיי אַלע האָבען די נאכריכט אויפגענומען מיט דער גרעסטער שמחה, זיי האָבען אויפ'ן קול גע־פלוכט דעם מערדער פון זייערע קרובים און פריינד, דעם צושטע־רער פון אזוי פיעל פאמיליען. צו זיי זיינען אויך צוגעשטאנען די פלעבייער, וואָס ביי זיי האָט סולא אוועקגענומען פיעל רעכטען און פריווילעגיען, און וואָס האָבען איצט נעשטרעבט אָפצוקריגען דאָס פארלאָרענע. עס איז דארום קיין וואונדער ניט געווען, וואָס די ידיעה וועגען סולא'ס טויט האָט ארויסגערופען אַן אויפרודע־רונג, וואָס מ'האָט שוין לאנג אין רוים ניט געזעהן.

אויפ'ן פאָרום, אונטער די פארטיקעס פון די טעמפלען, אויף די גאסען, אין די קלייטען, אויף די מארק־פלעצער, איבעראַל האָ־בען זיך צונויפגעקליבען מענשען פון פארשידענע שטאנדען. עס זיינען כסדר פאָרגעקומען מחלוקות און אמפעריען צווישען סולא'ס אנהענגער און זיינע שונאים. די שנאה צווישעןביידע צדדים איז געווען אזוי גרויס, אז אַ בירגער קריג האָט געשיינט צו זיין אומפארמיידליך.

נעלאסענע בירגער, סענאטאָרען און קאָנסולען האָבען זיך באמיהט צו בארוהיגען דאָס פאָלק, זיי האָבען צוגעזאָגט רעפאָר־מען, דורכצופיהרען נייע געזעצען לטובה פון פאָלק און אומצוקעה־רען די פלעבייער זייערע אַלטע רעכטען. אָבער די אויפרעגונג איז געווען אזוי גרויס, אז די צוזאָגען פון די רוהיגע, געזעצטע מענ־שען האָבען קיין שום ווירקונג ניט געהאט.

אויף די געדיכט באוואָהנטע גאסען, וואו מען פלעגט ארויס־

הענגען אויף מארמארנע טאוולען די אנגענומענע געזעצען און פאר־ארדנונגגען, האט מען אין דריי טעג ארום נאך סוללא'ס טויט גע־זעהן אזא'ן אויפשריפט : „דער גליקליכער דיקטאטאר סוללא האט זיך געהאלטען פאר דעם הערשער פון דער וועלט און ער האט געוואלט אויפעסען רוים, אבער אנשטאט דעם האבען פאראזיטען איהם אליין אויפגעגעסען“.

אין אנדערע פלעצער האבען זיך געזעהן אזעלכע אויפשריפ־טען : „נידער מיט די אויסשליסליכע געזעצען !“ דערמיט האט מען געמיינט יענע געזעצען, וואס מיט זיי האט סוללא פארדעקט זיין נעוויסענלאזן דעספאטיזם. אדער : „מיר פאדערען די אומ־באריהרבארקייט פון די טריבונען, וואס סוללא האט איינגענוויליג ביי זיי אוועקגענומען“.

דער קאנסול מארק עמילי לעפיד, וואס ער האט אפילו ביי סוללא'ס לעבען ניט באהאלטען זיין האס צו איהם, האט איצט אפען ארויסגעזאגט זיינע געפיהלען, זייענדיג איבערצייגט, אז דאס פאלק און מאריוס'עס פארטיי שטעהען אויף זיין זייט. דער צווייטער קאנסול, לוטאצי קאטול, הגם ער האט באלאנגט צו דער אליגאר־כישער פארטיי, האט ער, קיינעם ניט ארויספאדערענדיג, נעגעבען צו פארשטעהן, אז ער וועט ניט אנערקענען דעם סענאט און די גע־זעצען.

קאטילינא האט ניט פארפעהלט זיך צו באנוצען מיט דער מהומה און האט זיך באמיהט נאך מעהר אויפצובלאזען דאס פייער צווישען דעם אויפגערעגטען המון.

נאר גניי פאמפיי און מארק קראס, אויסנוצנדיג זייער פאפו־לאריטעט, האבען אנגעווענדעט אלע אנשטרענגונגען שלום צו מא־כען צווישען די שטרייטענדע פארטייען.

אין אט דער מהומה איז צונויפגעקומען דער סענאט, אום צו באטראכטען די פראגע, וואסער כבוד מ'זאל צוטיילען דעם זיגער איבער מיטרידאט'ן.

דער קאנסול לוטאצי קאטול האט אין קורצע ווערטער כא־ראקטעריזירט סוללא'ס העלדענטאטען : ער האט גענומען אגור־טא'ן אין געפאנגענשאפט, ער האט באזיגט מיטרידאט'ן, די עטהע־

נער און האָט באַזייטיגט די געפאהר פון א בירגער קריג. דערביי האָט ער פארלאנגט, אז סוללא׳ס קערפער זאָל פייערליך אריבער־געפיהרט ווערען אין רוים, וואו מ׳זאָל איהם פארברענען אויף דעם מארסאָ פעלד.

זיין רעדע האָט ארויסגערופען רוישיגע אפּלאָדיסמענטען צווי־שען די סענאטאָרען און א שטורם פון צאָרן צווישען המון אויף די גאַלערעען.

דער צווייטער קאָנסול, לעפּיד, שילדערענדיג די שרעקליכע מעשים פון דעם געוועזענעם דיקטאטאָר, האָט באַוויזען פונקט פאר־קעהרט, אז באערדיגען אזא מענשען מיט עהרע וואָלט געוועזען א חרפּה פאר דער רעפּובליק.

זיינע ווערטער האָבען ארויסגערופען א הוזשעריי פון אומצו־פרידענהייט צווישען די סענאטאָרען און שטורמדיגע אפּלאָדיס־מענטען אויף די גאַלערעען.

לאנג האָבען די דאָזיגע דיסקוסיעס אָנגעהאלטען, און א סך רעדנער האָבען זיך אויף דער טריבונע געביטען, אָבער פון אָנהויב איז קענטיג געווען, אז דער סענאט, וואָס איז באשטאנען פון פּאַ־טריציער און אליגאָרכען, האָט ניט בדעה נאָכצוגעבען דעם פאָלק.

די פּארטיי פון סוללא׳ס אנהענגער האָט צולעצט געזיגט און דער פאָרשלאג פון דעם קאָנסול קאטול איז אָנגענומען געוואָרען.

אין דער צייט, בעת רוים האָט געקאָכט און גערודערט, איז אין קומי געווען רוהיג און שטיל, כאָטש דאָרט זיינען אויך אומ־באמערקט פאָרגעקומען געשעהעניסען, וואָס האָבען געבראכט מיט זיך ערנסטע פאָלגען פאר יענער עפּאָכע.

אין דעם טאָג פון סוללא׳ס טויט איז אין זיין ווילא געקומען א מאן פון קאפּואי, וואָס נאָך זיינע קליידער און נאָך זיין באַ־וואפנונג האָט מען געקאָנט דערקאָנען, אז ער איז א גלאַדיאטאָר.

דאָס איז געווען א מענש פון א יאָהר פערציג, קאָלאָסאל גע־וואקסען, מיט אויסערגעוועהנליך ענטוויקעלטע מוסקלען, וואָס האָ־בען אָנגעוויזען אויף זיין גוואלדיגער גבורה. די שטריכען פון זיין געשטופּעלטען פּנים זיינען נשוען גראָבע און ניט קיין שעהנע, זיין טונקעלע הויט האָט געהאט א ערדיגע פארב. זיינע קליינע שוואר־

צע אויגען, וואָס זיינען פול געווען מיט פייער און האָבען אויס־געדריקט געוואַגטקייט, זיין באָרד, שווארץ ווי קויל און דער גע־דיכטער צושויבערטער טשוב האָר אויפ'ן קאָפּ, האָבען איהם צוגע־געבען נאָך אַ ווילדערען אויסזעהן.

נאָר ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דער דאָזיגער גלאַדיאַטאָר האָט מיט זיין אויסערליכקייט ניט געקאָנט צוציהען, האָט ער דאָך פון ערשטען בליק אָן אָנגערענט צו זיך אַ ניט ווילענדיגע סימפּאַטיע. יעדע באַוועגונג זיינע, יעדער בליק, זיין גאַנצע פיגור האָט גע־אָטעמט מיט דרייסטקייט, מיט איידעלמוטיגער שטאָלץ און עפּעס מיט אַ קינדישער עהרליכקייט.

אָנקומענדיג אין דער ווילא, האָט ער באַלד געבעטען איבער־געבען ספּאַרטאַק'ן, אַז ער דאַרף מיט איהם ריידען וועגען אַ וויכ־טיגער זאַך.

ספּאַרטאַק איז צו איהם אַרויסגעקומען מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און מיט אַ פריידיגען שמייכעל.

— עפּעס־וואָס נייעס, ענאָמאַי? — האָט ספּאַרטאַק געפרעגט אַרומנעהמענדיג זיין חבר.

— אַלץ ווי געווען: מיר זיצען ליידיג, אָבער ס'וואָלט שוין צייט געווען זיך צו נעהמען פאַר די שווערדען, — האָט ענאָמאַי געענטפערט.

— שטילער! דו ווילסט באַגראָבען אונזער גאַנצען ענין!

— פאַרקעהרט, איך וויל וואָס גיכער איהם קרוינען מיט ערפאָלג.

— אָבער שריי ניט, משוגענער! מיר מוזען דאָך זיין פאַר־זיכטיג, אויב מיר ווילען דערגרייכען אונזער ציעל.

— איז ווען וועלען מיר עס דערגרייכען, אויב מיר וועלען ניט מעהר ווי נאָר וואַרטען און וואַרטען?

— אָבער די צייט איז נאָך ניט געקומען! די זאַך איז נאָך ניט צייטיג!

— עט, עס זיינען דאָ פלאַנצען, וואָס ווערען צייטיג נאָך'ן אָפּשניידען, בעת זיי ליגען אויף שטרוי, — האָט ענאָמאַי איהם אָפּגעענטפערט, — אַזעלכע פרוכטען, ווי אונזער רעוואָלט איז, —

איז פון יענע, וואָס ווערען גיך צייטיג. מ'דאַרף נאָר אָנהויבען, דאַן וועט שוין געהן פון זיך אַליין.

— וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן ? ווי איבערצייגט מען דיר?.. וויפיעל מענשען האָסטו באוויזען צוצוציהען צו אונזער פאַראיין אין די דריי חדשים, וואָס דו געפינסט זיך אין לענטול באַסטיאַ'ס שול ?

— הונדערט מיט דרייסיג.

— הונדערט מיט דרייסיג פון צעהן טויזענד ! און דיר דאַכט זיך, אַז מיט אַזעלכע קרעפטען קאָן מען אָנהויבען דעם אייפשטאנד ?

— מען דאַרף נאָר אָנהויבען, וועלען שוין אַנדערע אויך צושטעהן.

— ווי אַזוי וועלען זיי צו אונז צושטעהן, ניט ווי־סענדיג, וואָס דאָס באַדייט, ניט וויסענדיג, וואָס פאַר אַ מענשען מיר זיינען, צו וואָס מיר שטרעבען און וועלכע מיטלען מיר באַזיצען אום די זאַך דורכצופיהרען ? דו קאָנסט אורטיילען פון דיין אייגענער ער־פאַהרונג, ווי ניט גרינג עס איז צו קריגען אַנהענגער פאַר אונזער פאַראיין. אַ סך מענשען האָסטו צוגעצויגען ?

— דאָס איז דערפאַר, וואָס איך בין ניט געבילדעט, איך קאָן ניט גוט ריידען און איבערצייגען. אָבער דו ! דו קאָנסט עס יאַ ! אָט דערפאַר האָב איך זיך מיט גאָר מיינע קרעפטען באַ־מיהט איינצורעדען אונזער ווירט באַטיאַט'ן, ער זאָל דיר נעהמען פאַר אַ לעהרער אין אונזער שול. אָט לייען איבער אַליין, וואָס ער שרייבט דיר.

זאָגענדיג דאָס האָט ענאָמאַי ארויסגענומען פון אונטער'ן גאַר־טעל אַ צונויפגעראָלט שטיקעל פאַפּירוס און האָט עס דערלאַנגט ספּאַרטאַק'ן.

— אָט דערפון האָט מען באַדאַרפט אָנהויבען, אַנשטאַט צו פאַרברייננגען די צייט אויף פוסטע געשפּרעכען, — האָט ספּאַרטאַק מיט פאַרוואורף באַמערקט און, דורכלויפענדיג דעם בריעף, האָט ער פייערליך צוגעגעבען : — אָט וואו מיין אמת'ער אָרט איז ! שוין לאַנג האָט איך געטרוימט וועגען איהם, ניט וואַגענדיג צו האָפען, אַז מיין חלום וועט פאַרווירקליכט ווערען ! גאַנצע צעהן

טויזענד דרייסטע און קרעפטיגע יונגען וועלען זיין מיינע ! איי־נעם נאָך׳ן אנדערען וועל איך זיי צוציהען צו אונזער פאראיין, איך וועל זיי באזעעלען מיט מיין ענערגיע, איך וועל אין זיי אי־בערגיסען יענעם גלויבען, וואָס מיט איהם איז מיין נשמה פול. און אין א שעהנעם טאָג וועט אָט די צעהן טויזענדיגע ארמיי, ווי איין מענש, אויפהויבען איהרע שווערדען, וועט איבער זיך פאנאנ־דערוויקלען די פאָהן פון פרייהייט און וועט אויסשרייען, אז אלע, וואָס זיינען באשווערט און באדריקט פון דעם רוימישען יאָך, זאָ־לען זיך שטעלען אונטער איהר שוץ. אָך, ענדליך וועל איך ארייג־דרינגען אין דעם נעסט פון די שלאַנגען, וואָס מוזען זייער גיפט אריינלאָזען אין דעם לאטייניש ען אָדלער און איהם אונטערשלאָ־גען די פליגלען !

אויסער זיך פאר פרייד, האָט ספּארטאק ווידער אמאָל אי־בערגעלייענט דעם בריעף, האָט ארומגענומען ענאָמאַי׳ען און א צורודערטער האָט ער גענומען הין און צוריק שפּאנען, מורמלענדיג עפּעס אָפּגעריסענע ווערטער.

אָבער פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און זיין גאנצער פּנים האָט זיך געביטען. די פריידיגע שטימונג איז פארשוואונ־דען, זיינע באקען זיינען בלאַס געוואָרען, זיין בליק איז געוואָרען אומבאוועגליך און טרויעריג.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגען וואלעריא׳ן, וועגען איהר צו־געבונדענקייט צו איהם, ער האָט גענומען טראכטען וועגען דעם, ווי גרויס איהר צער וועט זיין, בעת זיי וועלען זיך מוזען צושיי־דען, באזונדערס איצט, בעת זי בלייבט אליין אין איהר גרויסען פּאלאַץ, וואָס איז איצט פול מיט אומעט און טרויער. און איהם אליין איז שווער געווען זיך צו שיידען מיט איהר, זי צו זעהן, זיך צו טיילען מיט איהר זיינע אינערליכע איבערלעבעניסען.

ענאָמאַי האָט באמערקט די פּלוצלינגע ענדערונג, וואָס אין איהם איז נאָר־וואָס פאָרגעקומען און ער האָט געפרעגט מיט אומ־רוהיגקייט :

— וואָס איז מיט דיר, ספּארטאק ? האָסטו אפשר חרטה געקראָגען ? אפשר ווילסטו זיך אָפּזאָגען פון דעם ענין ?

— ניין, ניין ! — האָט ספּארטאַק אויסגעשריען אויפּשוי־
דערענדיג : — פון אַלץ אין דער וועלט וועל איך זיך אָפּזאָגען, נאָר
ניט פון מיין שבועה ! איך האָב אייך געשוואָרען ביז'ן טויט
טריי צו בלייבען דעם פאראיין פון די אונטערדריקטע און איך
וועל די שבועה ניט פארשוועכען !

אין צוועלף טעג ארום נאכדעם ווי דער סענאט האָט באַ־
שטימט צו מאכען דעם געשטאָרבענעם דיקטאטאָר א קייזערליכע
לויה אויפ'ן חשבון פון דער געזעלשאפט, האָט א גרויסע לויה־פּראָ־
צעסיע זיך גענומען ציהען פון סוללא'ס קומי'ער ווילא איבער דעם
אפּישען וועג קיין רוים.

זעקס שווארצע פערד האָבען געפיהרט דעם פּראכטפולען
טרויער־וואָגען, וואָס איז געווען באדעקט מיט'ן קייזערליכען פּור־
פּור־גאָלדענעם מאנטעל. אויפ'ן וועג זיינען צו דער פּראָצעסיע
צוגעשטאנען נייע מענשען־מאסען, דערהויפּט פון די ארומיגע
שטעדט און דערפער.

די רוימישע בירגער האָבען באגעגענט די פּראָצעסיע צעהן
מייל פון שטאָדט, און ביים אריינקומען אין שטאָדט איז די פּראָ־
צעסיע באגעגענט געוואָרען פון א ספּעציעלען צערעמאָני־מייסטער,
וואָס דער סענאט האָט באשטימט פאַר דעם דאָזיגען צוועק.

עטליכע שעה האָט געדויערט, איידער די פּראָצעסיע איז
איינגעריכט געוואָרען לויט דעם באשטימטען פּלאַן און איז פייער־
ליך אריין אין שטאָדט. פאָראויס איז געגאנגען דער צערעמאָני־
מייסטער און צוועלף פּאָר ליקטאָרן, אָנגעטאָן אין טרויער. הינ־
טער זיי זיינען געגאנגען מוזיקאנטען, וואָס האָבען געשפּילט אויף
לאנגע לויה־פּלייטען ; דאן זיינען געגאנגען פינף הונדערט וויינער,
וואָס האָבען הויך געכליפּעט, געקלאָגט און געריסען די האָר אויף
זיך, ריהמענדיג די העלדענטאטען און די וואָהלטאטען פון דעם
געשטאָרבענעם.

אזוי ווי מ'האָט זיי צוגעזאָגט, אז די מלוכה־קאסע וועט זיי
גוט באלוינען פאַר זייער פלייסיגקייט, האָבען די וויינער קיין טרע־
רען ניט געשפּאָרט.

הינטער די וויינער איז געגאנגען א נייער כאָר פון מוזיקאנטען,

און נאָך זיי זיינען געגאנגען מיליטער און בירגער, וואָס האָבען געטראָגען גאָלדענע קרענץ און רייכע מתנות פון די לעגיאָנען וואָס האָבען געקעמפט אונטער סוללא'ס קאָמאנדע, און פון זיינע פער־זענליכע פריינד. נאָך זיי איז געגאנגען א גייסטליכער, וואָס האָט באדארפט דערשטעכען די באַליעבטע חיות פון דעם געשטאָרבע־נעם — ארום דעם פייער אויף וועלכען מ'האָט פארברענט זיין קערפער. הינטער איהם האָט מען געטראָגען די פּאָרטרעטען פון סוללא'ס עלטערן, דאן זיינען ווידער געגאנגען מוזיקאנטען, און נאָך זיי דער אַקטיאָר מעטראבי, אָנגעטאָן אין סוללא'ס בגדים און גרי־מירט אַזוי, אז ער זאָל וואָס מעהר עהנליך זיין צו סוללא'ן.

נאָך מעטראבי'ן, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי סוללא, האָבען די אינגסטע און שטארקסטע סענאַטאָרען געטראָגען דעם נפטר, וואָס מ'האָט אראָפּגענומען פון טרויער־וואָגען און אוועקגעלייגט אויף א גאָלדענער מיטה, באצירט מיט טייערע שטיינער. הינטער דער מיטה זיינען געגאנגען סוללא'ס קינדער, זיינע קרובים און זיין פרוי וואַלעריא, אַלע אָנגעטאָן אין טיפען טרויער. נאָך זיי זיינען געגאנגען די וועסטאלקעס אין זייערע ווייסע שלייערס מיט א פּור־פּור ראַנד און אין ווייסע שטערנבענדער, און די פּריסטער.

נאָך די פּריסטער זיינען געגאנגען די סענאַטאָרען, די ריי־טער, די דינער און די שקלאַפּען פון געשטאָרבענעם. די שקלאַ־פּען האָבען געפיהרט סוללא'ס שלאַכט־פערד, זיינע הינט און אַלע חיות, וואָס ער האָט ליעב געהאט ביים לעבען און דערפאר האָבען זיי געמוזט שטארבען מיט איהם צוזאמען... גאָר צום לעצטען זיינען געגאנגען די לעגיאָנען, וואָס האָבען געקעמפט אונטער סוללא'ס קאָמאנדע.

אויב'ן פאָרום האָט די בעערדיגונגס־פּראָצעסיע זיך אָפּגע־שטעלט, די מיטה האָט מען אוועקגעשטעלט גראד קעגען דער טרי־בונע. דאָ איבער'ן נפטר האָבען אויסגעדריקט זייער טרויער פריהער דער סענאט, נאכדעם די רייטער, די לעגיאָנען, און, צו־לעצט, דאָס גאנצע פאָלק. דער קאָנסול קאטול און פּאָמפּיי דער גרויסער האָבען געהאלטען רעדעס. זיי האָבען געזאָגט שבחים נאָכ'ן נפטר, זיי האָבען גערעדט וועגען זיינע העלדענטאטען און

וואָהלטאטען. דאָ האָבען זיך צעוויינט אלע, וועמען סוללא האָט געטאָן טובות און ווער עס האָט איצטער געציטערט פאר זיין אייגענעם שיקזאל.

נאָך דעם האָט די פּראָצעסיע זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג צום מארסא־פעלד, וואו אלץ איז שוין געווען צוגעגרייט צו דער באערדיגונגס צערעמאָני.

בעת מ׳האָט די מיטה אוועקגעשטעלט ביים שייטערהויף, איז וואלעריא צוגעגאנגען אבשיעד נעהמען פון נפטר, דערביי האָט זי איהם אריינגעלייגט אין מויל א קליינע מטבע אויף צו באצאָהלען כאראָנען פאר׳ן איבערפיהרען די נשמה דורך אכעראָן.

דאן האָט מען דעם קערפּער אוועקגעלייגט אויפ׳ן שייטערהויף. די מוזיקאנטען האָבען גענומען שפּיעלען דעם טרויער הימן און די פּריסטער האָבען גענומען דערשטעכען די חיות. זייער בלוט, צומישט מיט וויין, האָניג און מילך, איז אויסגעגאָסען געוואָרען ארום שייטערהויף. אויפ׳ן שייטערהויף האָט מען גענאָסען דופטיגע אוילען. פון אלע זייטען האָט מען גענומען ווארפען אזוי פיעל בלומען און קרענץ, אז דער גאנצער שייטערהויף און א גרויסער שטח ארום איהם איז מיט זיי פארשאָטען געוואָרען.

אין דער איינענער צייט האָבען סוללא׳ס גלאדיאטאָרען, אויסער ארטאָריקס׳ן, וועלכער איז נאָך פריהער באפרייט געוואָרען, זיך גענומען פעכטען, און נאָר אין גיכען זיינען זיי אלע נעפאלען ארום שייטערהויף, ווייל פון די גלאדיאָטאָר־שלאכטען, וואָס פלעגען פאָרקומען ביי באערדיגונגען, האָט קיינער ניט געטאָרט ארויסגעהן א לעבעדיגער.

בעת דער לעצטער גלאדיאטאָר איז נעפאלען, האָט פּאָמפּיי גענומען אן אָנגעצונדענעם פאקעל און אונטערגעצונדען דעם שייטערהויף.

אין איין אויגענבליק האָט דאָס פייער ארומגעכאפּט די האָלץ, וואָס איז געווען דורכגעזאָפּט מיט סמאָלע און אויל און דער גאַנצער שייטערהויף איז פארוואנדעלט געוואָרען אין איין שטיק פייער.

אין א האלבע שעה ארום איז פון דעם מענשען, וואָס פאר איהם האָט געציטערט גאנץ רוים און איטאליען, געוואָרען א

הויפען אש, וואָס מ׳האָט פאַרזיכטיג צונויפגענומען און אריינגע־שאָטען אין אַ בראָנזענער וואַזע מיט גאָלדענע און זילבערנע באַ־צירונגען.

ספּארטאַק, אָנגעטאָן אין טרויער, אלס לעהרער פון סולא׳ס גלאַדיאַטאָרען, האָט אויך געמוזט געהן אויף דער לויה און זיין אנוועזענד ביי דער שלאַכט פון זיינע שילער און מיטגלידער פון „דעם פאַראיין פון די אונטערדריקטע“.

אַ טיעף רחמנות־געפיהל צו די אומגעקומענע חברים, אַ ענד־לאָזער צאָרן קעגען די דעספּאָטען, וואָס צווינגען מענשען אומצו־ברייננגען איינער דעם צווייטען קעגען זייער ווילען, דאָס באַ־וואוסטזיין פון זיין אייגענער מאַכטלאָזיגקייט האָבען פול געמאַכט זיין נשמה מיט שרעקליכע יסורים. ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט אַזאַ דראַנג זיך נוקם צו זיין פאַר אַלע אומגערעכטיגקיי־טען פון די מאַכטהאַבענדע, נאָך קיינמאָל איז ער ניט געוועזען אַזוי גרייט צו פאַרגיסען זיין אייגען בלוט פאַר אַלע באַליידיגטע און ערנידריגטע, ווי אין דעם מאָמענט.

נאָר איבערמענשליכע אנשטרענגונגען האָבען איהם געהאָל־פען איינצוהאַלטען זיינע געפיהלען און ניט אַרויסצואווייזען פאַר די אַרומיגע, וואָס פאַר אַ שטורם עס האָט געווילדעוועט אין זיין נשמה.

ווען די רוימער וואָלטען דעמאָלט געקענט אריינבליקען אין דער נשמה פון אָט דעם מעכטיגען מענשען, וואָס האָט אַזוי גע־דורשט נאָך גערעכטיגקייט, וואָלטען זיי פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שרעקליכען שונא זיי האָבען, און קוים וואָלטען זיי איהם גע־לאָזט רוהיג אַוועקגעהן פון מאַרסאַ־פעלד צוריק אין דער גלאַדיאַ־טאָר־שוהל פון יוליוס ראַבעצי, וואו ער האָט זיך געדאַרפט טרע־פען מיט קריקס׳ן און זיך מיט איהם וועגען עפּעס־וואָס באַראַטען, איידער ער פאַרלאָזט רוים.

בעת ספּאַרטאַק איז געקומען אַהיים, האָט מירדזאַ איהם גע־זאָגט, אַז איהר ווירטין, וואַלעריאַ, וויל איהם זעהן.

וואַלעריאַ איז צו איהם אַרויסגעקומען. זי איז געוועזען מיד און בלאַס. די טרויער קליידער, וואָס זי האָט געטראָגען, האָבען

צונעגעבען איהר פנים א שרעקליכען אומעט.

זי האָט קוים באוויזען זיך צו באגריסען מיט ספּארטאק׳ן, איז מירדזא אריינגעגאנגען און האָט געמאָלדען, אז האָרטענזי איז געקומען.

ספּארטאק האָט געוועלט אוועקגעהן, אָבער וואַלעריא האָט איהם געבעטען אריינגעהן אין א דערבייאיגען צימער, פון וואַנען ער זאָל קענען אונטערהערען זייער געשפּרעך.

— איך וויים, וועגען וואָס מיין ברודער האָרטענזי וויל מיט מיר ריידען, — האָט וואַלעריא געזאָגט, — און איך וויל, אז דו זאָלסט הערען, וואָס איך וועל איהם ענטפערען.

ווי נאָר ספּארטאק האָט זיך באהאַלטען אין דערבייאיגען צימער, איז אריינגעקומען האָרטענזי.

נאָך זיין פאַראומערטען פּנים האָט מען געקענט זעהן, אז עפּעס־וואָס דריקט איהם.

ער האָט זיך קאַלט באגריסט מיט דער שוועסטער און באַלד איהר געזאָגט, אז ער איז אומצופרידען מיט איהר אויפפיהרונג, וואָס פּאַסט ניט פאַר אזא הויכגעשטעלטע מאַטראָנע, ווי זי איז.

— אין וואָס באשטעהט מיין חטא ? — האָט וואַלעריא שטאָלץ געפרעגט, — מיט וואָס האָב איך זיך ערנידעריגט ?

— מיט דיין ניט שעהנער באקאנטשאפט.

— ווער איז דאָס ?

— דיין באקאנטשאפט מיט דעם געוועזענעם שקלאַף און גלאַדיאַטאָר, וואָס דו ערלויבסט זיך איהם אויפצונעהמען ביי זיך אין הויז און דערמיט שטעלסטו זיך אויף איין שטאַפּעל מיט איהם. וואָס פאַר א פריינדשאפט איז דאָס צווישען אַן אָנגע־זעהענער רוימישער מאַטראָנע און א פאַראַכטען בארבאר ?

— און אויב איך האַלט איהם ניט פאַר א פאַראַכטען ? אויב איך שטאָלציר מיט אונזער פריינדשאפט ? און אויב איך האַלט, אז לויט זיין פאַרשטאנד און איידעלקייט איז צו איהם קיין גלייכען ניטאָ צווישען די אַריסטאָקראטישע רוימישע פּאַט־ריציער ? וואָס וועסטו דערויף זאָגען ?

— דו בינסט פון זינען אראָפּ, וואַלעריא ! — האָט האָר־

טענזי געזאָגט מיט שרעק. — און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם דאָזיגען ליידאַק, וועל איך שוין איהם אָנווייזען, וואו זיין אמת׳ער אָרט איז.

— דו זאָלסט ניט וואַגען וועגען איהם אַזוי צו ריידען אין מיין געגענוואַרט!

— פאַר וואָס ניט?

— ווייל, באַליידיגענדיג איהם, באַליידיגסטו מיר, זיין צו־קינפטיגע פרוי.

— און ער האָט געוואָגט צו מאַכען אַזאַ פאָרשלאַג דיר, די טאָכטער פון וואַלעריא מעסאַלא און די אלמנה פון געשטאָרבע־נעם דיקטאַטאָר?!

— איך אליין וויל איהם מאַכען אַ פאָרשלאַג, ווייל איך האַלט פאַר׳ן גרעסטען גליק צו ווערען זיין פרוי.

— וואַלעריא! משוגענע!... וואָס רעדסטו! — האָט האָר־טענזי מיט שרעק אויסגעשריען. — וואָס פאַר אַ שאַנד דאָס איז פאַר אונזער יחוס, פאַר אונזער גאַנצען באַשאַף!

— האָרטענזי! — האָט וואַלעריא פעסט און רוהיג איהם אָפּגעענטפערט. — באַמיה זיך אָוועקצושטעלען העכער פון די זינלאָזע פאָראורטיילען, וואָס מיט זיי פאַרדאַרבען מיר זיך דאָס לעבען. אַ שאַנד פאַר אונזער יחוס, פאַר אונזער גאַנצען באַשאַף און פאַר מיר אַליין איז געוועזען מיין הייראַט מיט סוללאַ׳ן, וועלכען איך האָב ניט ליעב געהאַט און ניט געאַכטעט. מיין הייראַט איז געוועזען אַן אויסגערעכענטע, כ׳האָב מיט איהם חתונה געהאַט דער־פאַר, ווייל איך האָב געזוכט כבוד. אַלע האָבען געוואוסט, וואָס פאַר אַ מענש דאָס איז געוועזען און אויף וואָסער אופן ער האָט צונויפגעקליבען זיין רייכקייט; אַלע האָבען געוואוסט, אַז מיט טייכען בלוט האָט ער פאַרפלייצט זיין פאָטערלאַנד, און דאָך האָט מיר דעמאָלט קיינער ניט פאַראורטיילט, פאַרקעהרט, אַלע האָבען צוגעגעבען, אַז מיין אויסוואהל איז אַ גוטער. איצט, בעת איך וויל מיין שיקזאַל פאַרבינדען מיט׳ן שיקזאַל פון אַן עהרליכען מענ־שען, וואָס האָט אַ האַרץ און אַ פאַרשטאַנד, וועמען איך ליעב און פאַרעהר און גלויב אָהן אַ שיעור — איצט פאַראורטיילט מיר אַ לייבליכער ברודער.

— אָה, שווייג שטיל! מאטער מיר ניט! — האָט האָר־טענזי ארויסגעזיפצט. — ווילען דען די געטער דערלאָזען, אז איך זאָל פארוואנדט ווערען מיט דעם דאָזיגען קאָמעדיאנט פון צירק!

— האָרטענזי! ער איז ניט געבאָרען געוואָרען א גלאדיא־טאָר! — האָט וואלעריא געלאסען געענטפערט. וואָס איז ער שולדיג, אז דער רוימישער דעספאָטיזם האָט ביי איהם אוועק־גערויבט זיין פאָטערלאנד, זיין פירסטליכע און מענשליכע ווערדע און איהם ארייגעשטויסען אין בלאָטע?

— גענוג! גענוג! — האָט האָרטענזי געקרעכצט, זיך כאַ־פענדיג ביים קאָפּ. וואָס פאר א בזיון דאָס איז! ס'ארא ער־נידערונג!

— טאָ זאָג זיך אָפּ פון מיר! פארגעס, אז איך בין דיין שוועסטער! איך אליין וועל זיך אויך אָפּזאָגען פון רוימישער בירגערשאפט און פון רוים און פון מיין גאנצען יחוס'דיגען באַ־שאף, אויב איך בין פאר איהם א שאנד, אויב איך בין א פלעק אויף דער משפחה. איך וועל פון דאנען אוועקפאָהרען מיט ספארטאק'ן און וועל זיך באזעצען מיט איהם ערגיץ־וואו ווייט. איהר וועט פון מיר ניט הערען.

— לאָמיר אויפהערען דעם געשפרעך. מיר ווילען שפּעטער ריידען, בעת דו וועסט זיך באזינגען.

— קיינמאָל ניט! — האָט וואלעריא היציג אויסגעשריען. — שפעטער וועל איך זאָגען דאָס אייגענע, וואָס איצט.

— איז דאָס דיין לעצט וואָרט?

— דאָס לעצט וואָרט, האָרטענזי!

— איז ניטאָ מעהר וועגען דעם צו ריידען?

— דאָס איז מיין לעצט וואָרט!

— זיי געזונט! עס טוט מיר זעהר לייד אויף דיר!

— אָה, רחמנות איז דאָ גאנץ איבעריג!

— זיי געזונט, וואלעריא!

— געה געזונט, האָרטענזי!

בעת האָרטענזי איז ארויס פון הויז, א צובראָכענער, נידער־שלאָגענער, האָט וואלעריא ארויסגערופען פון צימער ספארטאק'ן.

ער איז אריינגעקומען א פארצאגטער, אן אויפגערעגטער, אין דער אייגענער צייט איז ער געווען איבערפולט מיט דאנקבארקייט און מיט מיטלייד צו דער דאזיגער איידעלמוטיגער פרוי, וואס איז גרייט געווען אליין מקריב צו זיין פאר איהם און וועלכע ער האט איצט געמוזט פארלאזען אויף לאנג — ס'קאן זיין, אויף אייביג! ווי אזוי זאל ער איהר דאס זאגען? און וואס זאל ער איהר זאגען? ער האט דאך געשווארען קיינעם ניט אויסצוזאגען, פאר וואס ער פאהרט אין קאפויא.

— ספארטאק! — האט וואלעריא געזאגט, — איצט זעהסטו, וואס דו ביסט פאר מיר! איך וועל געהן וואוהין דו וועסט געהן, כאטש אין עק וועלט! לאמיר אוועקפאהרען קיין פראקיען, צווישען די ראדאפישע בערג, וואו די ביסט געבארען געווארען! דיין פאטערלאנד וועט פאר מיר ווערען א ניי פאטערלאנד, דיין פאלק וועט ווערען מיין פאלק. מיין רייכקייט האט מיר קיין גליק ניט געגעבען, און איך וויל ניט קיין לוקסוס! איך וועל גליקליך זיין מיט א קליינעם חלק, איך וועל ארבייטען צוזאמען מיט דיר, איך וועל דיר אין אלץ העלפען! אה, דו וועסט זעהן, אז איך בין ניט די זעלבינע, וואס אמאל געווען!

ספארטאק האט איהר אויסגעהערט און זיין הארץ איז שיער ניט צושפרונגען געווארען פון יסורים. ער האט ניט געוואגט צו צושלאגען איהרע שעהנע טרוימערייען וועגען דער צוקונפט, וואס האבען ניט געקאנט פארווירקליכט ווערען איבער זיין ענטשלאסענהייט זיך מקריב צו זיין פאר דער גרויסער און הייליגער זאך.

א ציטער האט איהם פלוצלונג דורכגענומען און ער האט אנגעהויבען עפעס וואס זיך איינהערען. ערגיץ־וואו ווייט, אויף דער גאס, האט זיך געהערט א שטילער געזאנג, וואס איז ביסלעכווייז געווארען אלץ שטארקער און דייטליכער. ס'איז קענטיג געווען, אז די זינגענדע האבען זיך דערנעהנטערט.

ספארטאק האט באלד דערקאנט דאס ליעד פון די גלאדיאטארן. יונגע און קרעפטיגע שטימען האבען געזונגען:

פרייהייט, הייליגע פרייהייט!
פארשפרייט אויף אונז דיין שיין.

אין שוואכע, מידע הערצער
גים מוט און קראפט אריין!
שפרייט אוים אויף אונז דיין פליגעל
און הויב אין אונז די מאכט,
גערעכטיגקייט זאל זיעגען,
פארלאז אונז ניט אין שלאכט.
נידער מיט די קייטען!
נידער מיט דער שאנד!
פרייהייטס ליעד זאל קלינגען
איבער ים און לאנד.
פרייהייט, הייליגע פרייהייט!
פארשפרייט אויף אונז דיין שיין
אין שוואכע, מידע הערצער
גים מוט און קראפט אריין!

שווער אטעמענדיג און מיט אן ארויפגעלאזטען קאפ, האט ספארטאק זיך איינגעהערט דאס דאזיגע ליעד, וואס האט איהם דערמאנט וועגען דער שווערער פליכט, וואס ער האט אויף זיך פרייוויליג גענומען. ער האט ניט געקאנט איינהאלטען די טרערען, וואס האבען ניט ווילענדיג זיך געקייקעלט פון זיינע אויגען.

— ספארטאק! וואס איז מיט דיר? — האט וואלעריא גע־פרעגט מיט אנגסט.

— פארגיב מיר! זיי מיר מוחל! — האט ער ארויסגערעדט בליפענדיג, מיט א געבויגענעם קאפ. — איך מוז פארשווינדען, איך מוז דיר פארלאזען! איך קאן דיר ניט זאגען פאר וואס, איך האב געשווארען ניט ארויסצוזאגען... איך וועל דיר זאגען שפעטער, בעת דו וועסט געוואהר ווערען, פאר וואס איך האב דיר אוועקגע־ווארפען, פאר וואס איך מוז אפפערן אי מיט דיין גליק אי מיט מיין גליק!

און איידער די דערשראקענע וואלעריא האט נאך באוויזען צו קומען צו זיך, האט ספארטאק געשווינד זיך א הויב געטאן, זיך אפגעזעגענט מיט איהר און איז האסטיג אוועק, מורא האבענדיג זיך אומצוקוקען.

8טער קאַפּיטעל.

## א שיכור אַלס רעטער פון דער רעפּובליק.

כמעט פיער יאָהר זיינען פארגאנגען.

רוים האָט געפייערט די פרעהליכע יום־טובים לכבוד דעם גאָט פּאַן, וואָס זיינען אַלע יאָהר אויסגעפאַלען דעם 15טען פעברואר.

ביי איינעם פון די זיילען פון דעם פּאַווען טעמפּעל איז געשטאַנען א יונגער מאַן פון א יאָהר פינף און צוואַנציג. ער איז געווען אויסערגעוועהנליך שעהן. א הויכער און א שלאַנקער, מיט א וואונדערליך שעהנעם קאָפּ באַדעקט מיט שווארצע האָר, מיט א גרויסען שטערן, מיט שעהנע אויסדרוקספולע אויגען, וואָס האָבען אָפּגעשפּיגעלט ענערגיע און שכל. זיין פּנים איז געווען ווי אָפּגעטאָקט. אין דער גאַנצער פיגור פון דעם דאָזיגען יונגען מאַן איז געווען עפּעס־וואָס הערשערישעס, עפּעס־וואָס, וואָס מאַכט צו זיך אונטערטעניג. ער איז געשטאַנען אנגעשפּארט אָן זייל און האָט גלייכגילטיג געקוקט אויפ'ן המון, וואָס האָט ארום איהם געשוויבעלט און געגריבעלט.

דאָס איז געווען יוליוס צעזאַר.

אָנגעטאָן איז ער געווען נאָך דער גריכישער מאָדע. איבער דעם ווייסען טוניק, וואָס איז געווען באַנייהט מיט פּורפּור טאַסמעס און איינגעצויגען ביים סטאַן מיט א פּורפּורנעם שנור, איז געווען אריבערגעוואָרפען א טאָגע פון א זעהר דינעם ווייסען שטאָף, די ראַנדען געזוימט מיט א בלויען באַנד.

אין יענער צייט איז ער שוין געווען באַוואוסט און פּאָפּולער. מ'האָט איהם געהאַלטען פאַר א קלוגען, געבילדעטען און מוטיגען מענשען, ער האָט זיך שוין דערמאָלט אויסגעצייכענט מיט זיין רעד־

נער־טאלאנט, מיט זיינע שעהנע מאניערען און מיט זיין פריינדליכ־קייט צו מענשען.

אלס קרוב און אָנהענגער פון מאריוס'ן, איז ער געוועזן געצ־צוואונגען זיך צו באהאלטען פון סוללא'ן און ערשט נאָך סוללא'ס טויט האָט ער זיך אומגעקעהרט אין רוים. ערב די דאָזיגע יום־טובים האָט מען איהם באשטימט פאר איינעם פון די אויבער־פריסטער.

— זיי געגריסט, געטליכער יוליוס! — האָט מעטראָבי מיט חניפה געזאָגט, ארויסגעהענדיג פון טעמפעל מיט א קאָמפאניע קאָמעדיאנטען און פאיאצען.

זיך דערמאָנענדיג עפעס־וואָס, האָט צעזאר איהם א וואונק געטאָן ער זאָל צוגעהן.

— איך דארף דיר האָבען, — האָט צעזאר שטיל געזאָגט. — קום צו מיר היינט פון אָווענד. און איצט קאָנסטו געהן מיט דיינע חברים זיך לוסטיג מאכען.

מיט גרויס פרייד האָט מעטראָבי באלד דערצעהלט זיינע חברים, אז יוליוס צעזאר האָט איהם איינגעלאדען צו זיך אהיים. דערווייל איז ער אוועק מיט זיין קאָמפאניע אין א שיינק און האָט זיך אָנגע'שיכור'ט.

— שעהן וועסטו אויסזעהן ביי צעזאר'ן אין אזא צושטאנד! — האָט איינער פון דער קאָמפאניע איהם אויפמערקזאם געמאכט, בעת ער האָט שיכור'ערהייד גענומען פלאפלען.

די דאָזיגע באמערקונג האָט מעטראָבי'ן א ביסעל אויפגע־מונטערט.

„מען מוז זעהן זיך אויסצוניכטערן", האָט ער א טראכט געטאָן, „און דערפאר וואָלט בעסער געוועזן זיך דורכצודרעמלען אויף דער פרייער לופט".

קוים דערשלעפענדיג די פיס, האָט ער פארלאָזט דעם שיינק און איז אוועק זוכען אן אָרט זיך דורכצודרעמלען אויף דער פרייער לופט.

צי דאָס איז געוועזן א פשוט'ער צופאל, אָדער דער בייזער שיק־זאל, וואָס באנוצט זיך מוטווילינ מיט מענשען, האָט איהם געפיהרט,

אבער מעטראבי, אליין ניט וויסענדיג וואוהין די פיס טראגען איהם, איז פארקראכען אין דעם וועלדעל פון פורינא, די געטין פון שטורמס. ער האט זיך דארט אוועקגעלייגט אונטער א געדיכטען בוים און האט שטארק איינגעשלאפען.

איהם האט זיך גע'חלום'ט עפעס־וואס שרעקליכעס און דארום האט ער זיך אויפגעכאפט ערשט ארום האלבע נאכט. די לבנה האט העל געשיינט דורך די בוימער, ווארפענדיג אויף דער ערד דורכ־זיכטיגע שטראהלען און דונקעלע סילועטען פון די צווייגען, וואס א לינדער ווינטעל האט גשאקעלט. ערגיץ־וואו ווייט האבען זיך געהערט שטימען.

מעטראבי האט זיך אויפגעהויבען און גענומען זיך איינהערען.

— אויב אונז איז שוין יא באשערט צו שטארבען, טא לאמיר בעסער שטארבען פאר פרייהייט, פארטיידיגענדיג אונזערע רעכטען, איידער אין די צירקען, וואו אונזערע שונאים מאכען פון אונזער טויט פארשטעלונגען און פארוויילונגען! — האט אימיצער היציג געזאגט. — אויב די דאזיגע חיות אין א מענשליכער געשטאלט דורשטען נאך אונזער בלוט, זאלען זיי אליין קומען מיט א שווערד אין האנט און עס פארגיסען און זאלען זיי דערפאר באצאהלען מיט זייער אייגען בלוט. בעת זיי וועלען דערזעהן, אז אין זייערע אדערן פליסט דאסזעלבע בלוט, וואס אין אונזערע אדערן, דעמאלט וועלען זיי זיך גיכער איבערצייגען, אז אלע מענשען זיינען באשאפען גע־ווארען גלייך און דארום האבען זיי גלייכע מענשליכע רעכטען!

אויסגעשרייען פון צופרידענהייט האבען אפגעהילכט אין דער נאכט־שטילקייט. עס איז קלאר געווען, אז די פארזאמעלטע האבען מסכים געווען מיט'ן רעדנער.

מעטראבי האט באלד פארשטאנען, אז דא קומט פאר א פאר־שווערונג. ער האט זיך צוגעדריקט צום בוים און גענומען זיך איינהערען מיט גרויס אנשטרענגונג. ער איז פלוצלינג ניכטער געווארען און האט זיך גענומען דערמאנען וואו און ווען ער האט געהערט יענע שטים, וואס איז איהם פארגעקומען באקאנט.

— יא, דאס איז ספארטאק! — האט ער צו זיך אליין גע־זאגט. — זיין פלאן איז מיר קלאר. גאר א קלייניגקייט!

דער גאנצער פּלאַן פון דעם געוועזענעם גלאַדיאַטאָר, וואָס ער האָט איהם אזוי לאַנג און מיט אזוי פיעל אויסדרויער ארומגעטראָגען אין די באהעלטעניסען פון זיין נשמה און מיט אזוי פיעל מיה איהם דערפיהרט כמעט צום ציעל, איז אין א־וועלכע צעהן מינוט צופעליג אויפגעדעקט געווארען פאר א זייטיגען מענשען, וואס האָט געברענט מיט אומגעדולד צו ווערען א פארעטער.

מיט אן איינגעהאַלטענעם אטעם האָט מעטראבי זיך איינגע־הערט צו זייערע ווייטערדיגע געשפּרעכען. לויט ווי זיי האָבען צווישען זיך אָפּגעמאכט, האָט ארטאָריקס מאָרגען געדארפט געהן צו ראוועג'ען, כדי דאָרט צו טרעפען גראניק'ן און איהם אָנזאָגען, ער זאָל האָבען אָנגעגרייט זיינע 5200 גלאַדיאַטאָרען, וואָס געפינען זיך אין דער ראוועגער גלאַדיאַטאָר־שוהל. דאָס וועט זיין דער ער־שטער לעגיאָן. דער צווייטער לעגיאָן, פון 7750 מאַן, וואָס איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון רוימישע גלאַדיאַטאָרען, וועט ארויס־טרעטען אונטער קריקס קאָמאנדע. 7000 קאפּואנישע גלאַדיאַטאָ־רען פון באטיא'ס שוהל, וועלען צוזאמענשטעלען דעם דריטען און דעם פערטען לעגיאָן און זיי וועלען זיין אונטער דער קאָמאנדע פון ספארטאק'ן און ענאמאי'ען.

— צוואנציג טויזענד באוואפּענטע גלאַדיאַטאָרען ! — האָט ענאָמאי אויסגעשריען מיט א ווילדער פרייד. — איך שווער ביי די געטער פון גהינום, מיר וועלען זעהען, ווי די לאַטען פארשפּילענען זיך אויף די רוקענס פון סולא'ס און מאראוס'עס לעגיאָנערען.

— איצט, אז מיר האָבען זיך שוין אויף אזוי פיעל צונויפגע־רעדט, — האָט ספּארטאק געזאָגט, — פארשווער איך אייך מיט אונ־זער הייליגער זאך, וואָס האָט אונז אַלעמען פאראייניגט, זייט פאָר־זיכטיג און קלוג ! געדענקט, אז איין ניט פאָרזיכטיגער שריט קאָן צושטערען דעם גאנצען ענין, וואָס גאנצע פיער יאָהר האָבען מיר אויף איהם אונזערע קרעפטען אוועקגעלייגט ! יעדער פעהלער וואָלט געווען א פארברעכען פון אונזער זייט,, א אומפארצייהליכעס פארברעכען אין אָט דעם ענטשידענעם מאָמענט. איך מיט ענא־מאי'ען וועלען די ערשטע אויפהויבען די פאָהן פון דעם אויפשטאנד און מיר וועלען אָנווענדען אַלעס מעגליכעס דורך א פלוצלינגען אי־

בערפאל צו פארכאפען די הויפט־שטאָדט פון קאמפאניען. דאן זאָלט איהר אויך זיך א הויב טאָן אין רוים און אין ראוועננע און דורך דאָרט וועט איהר געהן צו אונז.

נאָך עפעס־וואָס זיי אָנזאָגענדיג, האָט ספארטאק איינגעלאדען קריקס'ן אין שיינק פון „ווענוס די באשיצערין פון קברים", וואו ער האָט זיך געדארפט מיט אימיצען זעהן, און די איבריגע האָט ער געהייסען זיך אומקעהרען אין רוים — אין קליינע גרופען און אין פארשידענע ריכטונגען, כדי ניט צו ציהען די אויפמערקזאמקייט פון דער נאכט־וואך.

בעת דער וועלדעל איז פוסט געוואָרען, האָט מעטראבי, א פאר־גליווערטער פון שרעק, ווי א גנב, זיך ארומקוקענדיג פון אלע זייטען, פארלאָזט דעם וועלדעל.

"אזוי איז דאָס! — האָט ער צו זיך געמורמעלט. — א שטורם קלייבט זיך איבער רוים! . . . דאָס האָבען די געטער אליין מיר געשיקט אהער! ס'איז קיין צווייפעל ניט, אז זיי האָבען מיר אויס־געקליבען פאר זייער געצייג, אום צו רעטען די רעפובליק".

ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ס'איז שוין געווען גאנץ שפעט, האָט ער דאָך באשלאָסען צו געהן צו צעזאר'ן און איהם דערצעהלען די גאנצע געשיכטע.

אנפאנגס האָט צעזאר איהם ניט געגלויבט, ער האָט איהם געהאלטען פאר א שיכור און פאר א נאר, אָבער צולעצט האָט ער זיך גענומען באציהען ערנסטער צו זיינע ווערטער. צעזאר'ן איז ארויף אויפ'ן געדאנק, אז מעטראבי האָט ניט אזוי פיעל שכל אויס־צוטראכטען אזא מעשה און דארום איז נויטיג איהם אויסצוהערען מיט מעהר אויפמערקזאמקייט.

— נו, וואָס זאָגסטו דערצו ? — האָט מעטראבי אומגעדולדיג געפרעגט, באמערקענדיג, אז צעזאר האָט זיך פארטראכט און ענט־פערט איהם ניט.

— איך וועל דיר בעטען, — האָט צעזאר געענטפערט, — דו זאָלסט דערווייל ווענען דעם שווייגען און ניט פארלאָזען דאָס צי־מער, ביז וואנען איך וועל זיך אומקעהרען.

זיך איבערטאָענדיג אין פראָסטע קליידער און ארויפווארפענדיג

אויף זיך א טונקעלען פלאשץ, איז ער האסטיג אוועק אין שיינק פון „וועגוס די קברים באשיצערין“, אין דער באגלייטונג פון איינעם פון זיינע קנעכט.

אריינקומענדיג אין שיינק האט ער באלד באמערקט ספארטאק׳ן, וואס איז געזעסען אין א זייט־צימער מיט א קאמפאניע גלא־דיאטארען.

צעזאר איז אריין אין יענעם צימער, האט זיך געזעצט ביי א באזונדערען טישעל און געהייסען דערלאנגען צוויי פארציעס וויין פאר זיך און פאר זיין באגלייטער.

ספארטאק, וואס איז געזעסען צווישען קריקס׳ען און אנא־מאי׳ען, איז געווען פארטראכט און טרויעריג. נאך דעם טיפען קנייטש, וואס איז געלעגען צווישען זיינע צונויפגעדריקטע ברעמען, איז קענטיג געווען, אז שווערע מחשבות עגבערן זיין מוח.

פון ערשטען בליק קאן האט צעזאר געטראפען ווער פון זיי איז ספארטאק, הגם ביז יענער צייט האט ער איהם קיינמאל ניט גע־זעהן. און וואס מעהר ער האט געקוקט אויף ספארטאק׳ס שעהנעם איידעלמוטיגען פנים, אלץ מעהר סימפאטיע האט ער געפיהלט צו איהם.

— זיי געגריסט, העלדישער ספארטאק! — האט צעזאר ענד־ליך געזאגט, אויפהויבענדיג זיך פון ארט און צוגעהענדיג צו ספאר־טאק׳ן. — קאן איך דיר זעהן אויף עטליכע מינוט?

— יוליוס צעזאר! — האבען מיט פארוואונדערונג אויסגע־שריען די גלאדיאטארען, וואס האבען צעזאר׳ן געקאנט.

— יוליוס צעזאר? — האט אויך ספארטאק זיך געוואונדערט, דערהערענדיג זיין נאמען.

— שטילער, שטילער! — האט צעזאר געזאגט מיט א גנעדי־גען שמייכעל, — אניט וועט מארגען גאנץ רוים אנהויבען רעדען, אז איינער פון איהרע אויבער־פריסטער געהט ביינאכט ארום איבער די שיינקען.

— מיט וואס קאן איך דיר נוצליך זיין, קאיוס יוליוס צעזאר? — האט ספארטאק געפרעגט.

— איך וואלט מיט דיר געוואלט ריידען אויג אויף אויג, —

האָט יוליוס צעזאַר געענטפערט. — איך האָף, אַז דיינע חברים וועלען ניט האָבען וואָס אויסצוזעצען געגען דעם, וואָס דו וועסט זיי אויף אַ ווײַלע פאַרלאָזען און וועסט זיך דורכגעהן מיט מיר.

די גלאַדיאַטאָרען האָבען זיך איבערגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג. און ספּאַרטאַק, מיט ניט ווייניגער פאַרוואונדערונג, האָט אָנגענומען צעזאַר'ס פאָרשלאָג.

שווייגענדיג זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס און שווייגענדיג זיינען זיי געגאַנגען אין רייהע, ביז וואַנען זיי זיינען אַרויסגעקומען הינטער'ן תחום פון דער שטאָדט. דאָ, אויף אַ פּוסטען פעלד; וואָס האָט זיך געשפּרייט גאַנץ ווייט, בלאַסע ביים שיין פון דער לבנה, עהנליכע אין זייערע לאַנגע פלאַשצען גיכער אויף גייסטער, ווי אויף לעבעדיגע מענשען, האָבען זיך אָפּגעשטעלט איינער קעגען אנדערן צוויי מערקווירדיגע מענשען. ס'האָט אויסגעוויזען, אַז זיי האָבען געוואָלט אָפּשאַצען איינער דעם אַנדערן און אויסמעסטען דעם אבגרונד, וואָס האָט זיי פאַרנאַנדערגעטיילט, ווי פאָרשטעהער פון צוויי פיינדליכע פּרינציפּען : פון דעספּאָטיזם און פרייהייט.

אָנגעהויבען רייַדען האָט צעזאַר.

— איך בין געקומען דיר זאָגען, אַז דיין פאַרטראַכטע אונטערנעהמונג שטעהט אין דער גרעסטער געפאַהר, — האָט צעזאַר שטיל געזאָגט. — אַ רוימער האָט אייך אונטערגעהערט, בעת איהר האָט זיך בעראַטען אין דעם פּורינאַ וועלדעל. דערווייַלע האָט ער נאָר מיר דערצעהלט וועגען דעם, איך קאַוויר אָבער ניט, אַז אין דער פריה וועט ער ניט מעלדען וועגען דעם די קאָנסולען.

ספּאַרטאַק האָט זיך אַ ציה געטאָן אויף צוריק, ווי פון אַ דונערגעטראָפען. אַ פלוך האָט זיך ביי איהם פון מויל אַרויסגעריסען קעגען זיין ווילען. ער האָט גענומען קרעכצען, ווי פון אַ וועהטאָג, זיין פאַרצווייפלונג איז געוועזען אָהן אַ ברעג.

— פינף יאָהר שווערע אַרבייט, קאַמף, אַנשטרענגונג, האָפענונג... און אין איין אויגענבליק איז אַלץ פאַרשוואונדען ! — האָט ער אַרויסגעבליפּעט מיט אַ צונויפגעדריקטער שטים. — זיינען רען

די שקלאַפען אויף אייביג פאַר׳משפט צו שלעפען אויף זיך די קיימען ? !

מיט א טיעף מיטליידס געפיהל, כמעט מיט עהרפורכט האָט צעזאַר געקוקט אויפ׳ן אויסוועגלאָזען צער פון דעם דאָזיגען מענשען, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין איידעלער נשמה מיט אזא קראפט. זיין שטאָלצע נשמה, וואָס האָט זיך שוין לאנג אָבגעוואָהנט צו וואונדערן אויף וואָס ניט איז, איז איצט פול געווען מיט פארוואונדערונג אויף דעם אָרימען גלאַדיאטאר, וואס איהם האָט זיין פייערדיגע ליעבע צו פרייהייט געהאָלפען אויפטאָן אזא העלדישקייט, וואָס וואָלט געפּאסט פאר די העלדען פון גריכענלאנד און רוים. די עלענדע און פארהאסטע שקלאַפען, וואָס זיינען באַרויבט פון א פאַטערלאנד און פון מענשליכע רעכטען, וואָס ריידען אויף פארשיידענע לשונות און דיענען צו פארשיידענע געטער, האָט ער געקאָנט צונויפנעמען אין איין מעכטיגער ארמיי, וואָס איז גרייט אייפ׳ן ערשטען רוף אַרויסצוטרעטען מיט וואפען אין די הענד.

צעזאַר׳ס שווארצע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט קנאה. אָה, ווען די דאָזיגע פיער לעגיאָנען וואָלטען געווען אין זיינע הענד, וואָלט ער אין עטליכע יאָהר ערגאָבערט די גאַנצע וועלט, ער וואָלט געוואָרען דער הערשער פון רוים, ער וואָלט אָבער ניט געווען אזא ברוטאלער און גרויזאמער, ווי סוללא, ער וואָלט געווען א פריינד פון פאָלק, געאַכטעט און געליעבט פון פאָלק.

עטליכע מינוט האָבען ביידע געשוויגען, — איינער פארזונקען אין זיין טרויער, דער צווייטער אין זיינע עהרגייציגע חלומות.

— צעזאַר ! — האָט ספּאַרטאַק היציג אויסגעשריען, — וואָס ביזטו אונז : א שונא אָדער א פריינד ?

— איך וואָלט געוואָלט זיין אייער פריינד, און קיינמאָל וועל איך ניט זיין אייער שונא.

— אויב אזוי, העלף אונז !

— אויף וואָסער אופן ?

— גיב אונז ארויס דעם מענשען, וואָס האָט אַרויסגעקראָגען אונזער סוד !

— דו בעטסט, איך זאָל העלפען די בארבארען באהער־שען רוים ?

— איך האָב פארגעסען : דו ביזט א רוימער ! — האָט ספארטאק מיט ביטערקייט ארויסגערעדט.

— יא, איך בין א רוימער, — האָט צעזאר געענטזערט, — און דערפאר וויל איך, אז די גאנצע וועלט זאָל געהערען צו רוים.

— און רוים זאָל געהערען צו דיר ? רוים וואָלט דאן גע־הערשט איבער דער גאנצער וועלט און דו וואָלסט געהערשט איבער רוים ? ! איז דאָס ניט אזוי ?

— וואָס איך וויל, דאָס ווייס קיינער ניט און, ס'קאָן זיין, אפילו איך אליין ווייס ניט. און א סך מיה וועט מיר נאָך קאָסטען איידער איך וועל קאָנען אויסציהען מיינע פליגלען. און דו האָסט שוין אן ארמיי !... זאָג מיר, וואָס האָסטו בדעה צו טאָן ?

— וואָס איך האָב בדעה צו טאָן ? — האָט ספארטאק איבער־געזאָגט, — און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט א העלישען פייער. — איך האָב בדעה צו צערייסען די קייטען פון רוימישען דעספּאָטיזם און אויף די רואינען פון דער רוימישער מאכט אוועק־שטעלען די פרייהייטס פאָהן פון אלע לענדער און פון אלע פעלקער ! איך וויל אויסקאָסירען די מיאוסע געזעצען, וואָס גיבען איבער איין מענשען אין דער מאכט פון א צווייטען מענשען ! איך וויל פאר־ברענען אלע צירקען און אמפּיטעאטערס, וואו דער ווילדער המון פארווײלט זיך מיט אונזערע געפּעכטען און מיט אונזערע יסורים !

— אָרימער טרוימער ! — האָט צעזאר באמערקט מיט א טאָן פון שפּאָטלוסטיגער רחמנות. — און דו מיינסט, אז דיר וועט זיך איינגעבען צו דערגרייכען דאָס אלעס ? דו וועסט אליין אומקומען, און צוזאמען מיט דיר וועלען אומקומען אלע אנטיילנעהמער.

— זאָל זיין אזוי ! דערפאר אָבער וועלען מיר מיט עהרע אונזערע ביינער אוועקלייגען פאר א גרויסער זאך, און פון אונזער בלוט וועט אויסוואקסען א נייער דור פון נקמה נעהמער, וואָס ווע־לען פארענדיגען דאָס, וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען ! ווען עס איז וועט דאָך נעהמען א סוף פון הערען און שקלאַפען, און אלע ווע־לען זיין גלייך !

— שעהנע חלומות, זיי וועלען אָבער קיינמאָל ניט פארווירק־ליכט ווערען ! צווישען מענשען וועט קיינמאָל קיין גלייכהייט ניט זיין, און זיי וועלען אַלע מאָל זיך טיילען אויף וועלף און שעפּסען — אויף אונטערדריקער און אונטערדריקטע. אַלע מאָל וועט דער שטאַרקער הערשען איבער דעם שוואכען, און דער קלוגער איבער דעם נארישען. דערפאר ווארף אוועק דיין זינלאָזען חלום און געה האנד אין האנד מיט מיר.

— דו האָסט דאָך אָבער מיר ניט געזאָגט צו וואָס דו שטרעבסט, צעזאר.

— איך, פונקט אזוי ווי דו, בין ניט צופרידען מיט דער איצ־טיגער אָרדנונג פון זאכען, און איך וואָלט אויך געוואָלט די היינטיגע אָרדנונג איבערמאכען אזוי ווי איך פארשטעה, נאָר אביסעל אנ־דערש, ווי דו ווילסט, אויף אַן אנדער אופן. איך האָס די אָליגארכען און האָב זעהר פיעל מיטלייד מיט'ן פאָלק, וואָס זיי האָבען אזוי צוגעדריקט. איך וואָלט געוואָלט איבערבייטען די אָרדנונג, דאָס הייסט, דערנידעריגען די אָליגארכיע און דערהויבען דאָס פאָלק. ווי דו זעהסט, זיינען אונזערע ציעלען ביז אַ געוויסען גראד גלייך. און אזוי ווי פאר אַ טייך איז נוצליך אריינצונעהמען אין זיך די שטראָמען, וואָס פאלען איהם צו אויפ'ן וועג, שלאָג איך דיר פאָר דארום זיך צו פארבינדען מיט מיר.

— איך קאָן ניט ! ניט פאר דאָס האָב איך געשוואָרען אוועק־צולייגען מיין לעבען ! איך האָב אַ באַשטימטע פליכט, און איהר גיב איך אָב גאָר מיינע קרעפטען ! איהר וועל איך דינען ביז דער לעצטען רגע פון מיין לעבען !... אויב אויפ'ן הימעל איז דאָ גע־רעכטיגקייט, דאָס, וואָס איז ניטאָ אויף דער ערד, וועט אונזער זאָך ניט פארלאָרען געהן ! ווען אָבער די געטער, אזוי ווי די מענשען, וועלען זיין נעגען מיר, וועל איך פאלען, ווי אַן אקס, רוהיג און אָהן אַ ציטער !

צעזאר איז ווידער געוועזען פארוואונדערט און איבעראשט פון דעם דאָזיגען מוטיגען מענשען, וואָס איז כאָר איהם געשטאַנען און, איהם דריקענדיג די האנד, האָט ער געזאָגט :

— זאָל זיין, ווי דו זאָגסט. דו ביזט אזוי באַזעסען ביי זיך.

אז, ס'קאָן אפשר זיין, דיין מוט און דיין העלדישקייט וועלען באַזי־גען דעם בייזען שיקזאל. געה וואָס גיכער קיין קאפוא. איך קאָן איצט מעהר ניט אָפּהאַלטען יענעם מענשען, וואָס האָט אייך אונ־טערגעהערט, צו געהן מעלדען די קאָנסולען וועגען דער פארשוועָ־רונג. אויב דאָס גליק איז אויף אייער זייט, וועט איהר איבער־יאָגען די סענאַט־עסטאַפעטען. זיי געזונד!

— זיי געזונד, איידעלמוטיגער יוליוס! זאָלען די געטער דיר באשיצען!

דער אויבער־פריסטער יוליוס צעזאר און דער געוועזענער גלאַ־דיאַטאָר ספארטאק האָבען נאָך אמאָל זיך געדריקט די הענד און שווייגענדיג זיינען זיי צוריק אַוועק אין שיינק. צעזאר האָט באַ־צאָהלט דערווירטין פאר דעם וויין און, נעהמענדיג מיט זיך דעם קנעכט, איז ער אַוועק אַהיים. ספארטאק האָט ארום זיך פארזאַ־מעלט זיינע חברים און האסטיג גענומען ארויסגעבען באפעהלען.

קריקס האָט באַדארפט אויסראָטען אין רוים אַלע שפורען פון דער פארשווערונג, ארטאָריקס האָט באַדארפט וואָס שנעלער לויפען קיין ראַווענא און עפּעס וואָס אָנזאָגען גראַניק'ן, און ספארטאק, צו־זאמען מיט ענאמאי'ען, מיטנעהמענדיג גאָר דאָס געלד, וואָס איז געוועזען אין דער קאַסע פון דעם „פאראיין פון די אונטערדריקטע", זיינען געשווינד געלאָפען קיין קאפוא.

קומענדיג אַהיים, איז צעזאר געוואָהר געוואָרען, אז מעטראבי איז אַוועק, ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף איהם.

„הייסט עס, אז דער גורל איז שוין געוואָרפען, האָט צעזאר א טראַכט געטאָן. „ביידע צדדים יאָגען זיך, די סענאַט־עסטאַפעטען און די גלאדיאַטאָרען... ווער וועמען וועט איבעריאָגען?... ווי אָפט וויכטיגע געשעהעניסען הענגען אָב פון קלייניגקייטען. אין דעם דאָזיגען פאַל וועט אַלעס זיין אָפּהענגיג פון פערד".

## נײנטער קאַפּיטעל.

# דער אויפשטאַנד.

דעם 20טען פעברואַר, בעת דער טאָג האָט שוין געהאַלטען ביים פאַרגעהן, זיינען איבער די קאַפּוער גאַסען ווילד דורכגעפלויגען צעהן רייטער מיט א דעקוריאָן פאָראויס און זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם הויז פון פּאָליציי־פּרעפעקט. נאָך זייערע פאַרסאָפּעטע און אויסגעמאַטערטע פערד האָט מען געקאָנט זעהן, ווי זיי האָבען זיך געאיילט — קענטיג, מיט א וויכטיגער ידיעה.

אַרום פּרעפעקט׳ס הויז האָבען זיך באַלד פאַרזאַמעלט די ליי־דינג־געהער און מ׳האָט גענומען קלערען צוליעב וואָס די רייטער האָבען זיך פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזט אין קאַפּוא. דער המון איז גע־ווען זעהר נייגעריג און איטליכער האָט פּרובירט טרעפען די אורזאַך פון זייער אָנקומען. די נייגעריגקייט האָט נאָך מעהר געשטייגט, בעת די שקלאַפען פון פּאָליציי־פּרעפעקט, וואָס ער האָט זיי ערגעץ־וואו געשיקט, האָבען גענומען לויפען אין פאַרשידענע זייטען, און אין א ווײַלע אַרום איז אין פּרעפעקט׳ס הויז האַסטיג אָנגעקומען א מיליטערישער טריבון.

אין דער זעלבינער צייט זיינען צו די שטאָדט טויערען צוגע־גאַנגען צוויי מענשען, מידע און מיט שטויב באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס.

דאָס איז געווען ספּאַרטאַק און ענאָמאַי.

אָבוואָהל זיי האָט זיך איינגעגעבען אַרויסצופאָהרען פון רוים פריהער פון די סענאַט־עסטאַפעטען, דאָך האָבען די לעצטע זיי אָנגעיאָגט אַרום סעסא. זיי האָבען זיך דאַרום פאַרקירעוועט אין א זייט פון דעם פּאָסט־וועג.

זיי האָט אפילו אויך אָפּגעגאָלטען צו קויפען אין א דאָרף נייע פערד און זיי האָבען ווידער איבערגיאָגט די עסטאפעטען, דאָס האָט זיי אָבער ניט געהאָלפען. א מייל זיבען פון קאפוא איז ספּאַר־טאק'ס פערד, ניט אויסהאַלטענדיג דעם ווילדען גאַלויף, געפאַלען מיט'ן רייטער אונטער זיך און ספּארטאק האָט אויסגעלונקען א האנד.

ענאָמאי'ס פערד איז געווען אזוי אויסגעמאטערט, אז מ'האָט אויף זיינע קרעפטען ניט געקאָנט אויסרעכענען. אויף אזא'ן אופן האָבען זיי געמוזט געהן צו פוס א טייל וועג.

ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די האנד האָט איהם שרעקליך וועה געטאָן, איז ספּארטאק ניט אָפּגעשטאַנען פון זיין חבר און ער האָט מיט קיין זאך ניט ארויסגעוויזען זיינע יסורים. נאָר לויט דעם, ווי די מוסקלען פון זיין געזיכט פלעגען אַלע ווײַלע א ציטער טאָן, האָט מען געקאָנט זעהן, ווי גרויס זיינע יסורים זיינען.

לעטולא באַטיאט'ס גלאַדיאַטאָר־שוהל איז באַשטאַנען פון עט־ליכע געביידען, אַלע אויף איין פּאַסאַן און פון איין גרויס און זיי זיינען געווען אזוי אויסגעשטעלט, אז דער גרויסער הויף איז געווען פון זיי אַרומגערינגעלט רונד אַרום. אין א שעהן וועטער פלעגען די גלאַדיאַטאָרען אויפ'ן הויף זיך איבען אין געפעכט. אין א שלעכט וועטער פלעגען זיי מאַכען די איבונגען אין זאַלען, וואָס זיינען דערפאַר געווען באַשטימט. די פאַרשידענע וואַפען, וואָס פלעגען דערביי באַנוצט ווערען, זיינען געלעגען אין באַזונדערע גע־ביידען מיט דיקע און פעסטע טירען, וואָס די שליסלען פון זיי פלעגען ליגען ביים ווירט פון דער שוהל.

די קליינע קאַמערלאַך, וואו די גלאַדיאַטאָרען פלעגען שלאָפען אונטערגעבעט אויף שטרוי און טרוקענע בלעטער, זיינען געווען אזעלכע ענגע, אז אין זיי האָט קוים איין מענש זיך געקאָנט אהינ־טאָן. ענגע און פינסטערע, זייבען זיי גיכער עהנליך געווען צו קע־מערלאַך אין א געפענגניס. און די גאַנצע שוהל, וואָס איז געווען אַרומגעצאַמט מיט א הויכער וואַנט, האָט פאַרטראָגען צו א גע־פענגניס.

ניט באַוואוסט איז נאָר געווען, פאַר וואָסערע פאַרברעכענס

דארפען זיך אין איהר גרייטען צום טויט, געזונטע און שטארקע מענשען, מעהרסטען טייל יונגע און שעהנע, וואָס האָבען פול גע־מאכט די דאָזיגע שוהל. זייער איינציגע שולד איז באשטאנען דע־רין, וואָס זיי האָבען ניט געקאָנטביישטעהן קעגען דער רוימישער מאכט און, אַלס קריגס געפאנגענע, זיינען זיי געוואָרען די רויב פון די רוימער.

אין יענעם אבענד זיינען כמעט אַלע גלאדיאטאָרען פון דער קאפואישער שוהל געבליבען אין שוהל, א זאך, וואָס ביז אהער איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען. מאנכע האָבען געמאכט איבונגען מיט הילצערנע שווערדען, אנדערע האָבען אויפ'ן הויף געמאכט גימ־נאסטיק אָדער געזונגען אויף זייער שפּראך געהיימניספולע ליעדער, וואָס דער אויפזעהער האָט ניט פארשטאנען. אנדערע ווידער האָ־בען זיך ארומגעדרעהט אין קאָרידאָר אָדער זיינען געלעגען אין זייערע קעמערלאך.

אויף וויפיעל זיי האָבען זיך ניט באמיהט צו מאכען דעם אָנ־שטעל, אז זיי זיינען גלייכגילטיג און באזעסען, האָבען דאך זייערע פנים'ער אויסגעדריקט אומרוהיגקייט און ערווארטונג.

לעטולא באטיאט האָט עס באמערקט און זיין בייז געזיכט איז געוואָרען באזאָרגט.

— וויים אפשר אימיצער פון אייך, — האָט ער זיך געווענדעט צו די אויפזעהער, — פאר וואָס אַלע גלאדיאטאָרן זיינען היינטיגען אווענד אין שוהל ? אַלע מאָל אין דער צייט געהען זיי דאך אוועק אין די שיינקען, פאר וואָס זיינען זיי היינט געבליבען אין שוהל ?

די אויפזעהער האָבען נאך ניט באוויזען א טראכט צו טאָן יענען זיין פראגע — און איינער פון דעם פּאָליציי־פּרעפעקט'ס קנעכט איז אריינגעלאָפען א פארסאָפּעטער און האָט באסטיאט'ן דערלאנגט א בריעף, וואָס האָט איהם פארענטפערט זיין פראגע. דער פּרעפעקט האָט איהם געווארענט וועגען דער געפאהר, וואָס דראָהט זיין שוהל און דער גאנצער שטאָדט, דערביי האָט ער איהם געבעטען ער זאָל וואָס מעהר באוואכען די סקלאַדען, וואו עס ליגען די וואפע און פארשליסען אַלע טויערען פון דער שוהל, צוזאָגענדיג

איהם אין א האלבער שעה ארום צוצושיקען א מיליטערישען טריבון מיט א שטארקער מחנה סאלדאטען.

א דערשראקענער פון דער דאזיגער נאכריכט האט באססיאט באלד געהייסען אומבאמערקט פאר די גלאדיאטארען באוואפענען 250 סאלדאטען און 250 קנעכט, וואס האבען זיך אין זיין שוהל געפונען, און האט זיי געהייסען זיך פארזאמלען ביי די טויערן פון פארטונא, דורך וועלכע די שוהל האט געקאנט קומען אין פאר־קעהר מיט דער שטאדט. דארט האט ער זיי איינגעטיילט אין גרו־פען און זיי אוועקגעשיקט באוואכען די סקלאדען מיט געוועהר און די טויערן פון דער שוהל.

אין גיכען איז אנגעקומען דער מיליטערישער טריבון מיט זיין מחנה סאלדאטען.

דאס אלעס האט ארויסגערופען די שטארקסטע אויפרעגונג צווישען די גלאדיאטארען. זיי האבען פארשטאנען, אז זייער פאר־שווערונג איז אויפגעדעקט געווארען.

בעת ספארטאק און ענאמאי זיינען צוגעגאנגען צו דער שוהל, האבען זיי מיט שרעק דערזעהן, אז די שוהל איז ארומגערינגעלט פון סאלדאטען.

אויסקלייבענדיג אן ארט, וואס איז נאך ניט געווען פארנומען פון די סאלדאטען, האבען די דאזיגע צוויי העלדען זיך א ווארף געטאן מיט'ן גרעסטען אימפעט, האבען זיך גענומען איינדראפען מיט די הענד אין די געזימסען פון דעם געמויערטען צוים און קלע־טערען אין דער הויף.

ביי יעדער באוועגונג האט ספארטאק'ס אויסגעלונקענע האנד איהם פארשאפט אזעלכע יסורים, אז נאר מיט פארקריצטע צייהן האט ער זיך געקאנט איינהאלטען ניט צו קרעכצען.

— ספארטאק ! ספארטאק ! — האט זיך דורכגעטראגען א פריידינער פליסטער צווישען די גלאדיאטארען, וואס האבען געווי־מעלט אין הויף, בעת נאך ענאמאי'ען האט ספארטאק זיך ארונ־טערגעלאזט.

ספארטאק'ס אנוועזנהייט אין אזא קריטישער מינוט האט באלד אלעמען אויפגעמונטערט און אויפגעהויבען זייער אראפגעפא־

לענע מוט. אַלעמען האָט זיך אָפּגעראַכט, אַז צוזאַמען מיט דעם דאָזיגען מוטיגען מענשען איז אויך גקומען די האָפנונג אויף א ישועה.

— שטילער ! — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט. — וואו זיינען אייער־רע טריבונען און קאָמאַנדירען ?

— זיי באַראַטען זיך וואָס מיר זאָלען טאָן.

— פיהרט מיר דורך צו זיי. און איך פאַרשווער אייך מיט אַלע געטער פון הימעל און העל, האַלט זיך אין אָרדנונג און זייט שטיל.

אין איינעם פון די גרויסע געפעכט־זאַלען, ביים שיין פון עט־ליכע פאַקלען, האָבען אָפּגעהאַלטען א באַראַטונג צוויי הונדערט פון די סאַמע אנגעזעהענסטע גלאַדיאַטאָרען — טריבונען, צענטוריאָנען און מיטגלידער פון העכסטען ראַט פון „דעם פאַראיין פון די אונ־טערדריקטע".

— ספּאַרטאַק מיר זיינען פאַרלאָרען ! — האָט דער פאָרזיצענ־דער פון ראַט אויסגעשריען.

— דערווייל נאָך ניט, — האָט ספּאַרטאַק געענטפערט, — אויב אייך וועט זיך איינגעבען צו פאַרכאַפּען איין סקלאַד מיט געוועהר.

— אָבער ווי אַזוי קאָנען מיר דאָס, ווייבאַלד מיר זיינען ניט באַוואָפענט ?

— וויפיעל פאַקלען זיינען דאָ ביי אייך ?

— אַרום פיער הונדערט.

— דאָס וועט זיין אונזער געוועהר, ביז וואַנען מיר וועלען קיין אנדער געוועהר ניט קריגען. איהר מוזט היינט באַווייזען, אַז אייערע חברים האָבען ניט פאַרזעהן דערמיט, וואָס זיי האָבען אייך געמאַכט פאַר זייערע קאָמאַנדירען. זייט איהר גרייט אויף אַלץ ?

— מיר זיינען גרייט ! — האָבען אין קול אַלע צוויי הונדערט גלאַדיאַטאָרען געענטפערט.

— טאָ ניט אהער די פאַקלען ! לאָמיר זיי אָנצינדען און מיט זיי זיך א וואָרף טאָן אויף דער וואַך, וואָס היט דעם נעהנטסטען

סקלאַד מיט געוועהר. מיר וועלען די וואַך פאַרטרייבען און אונ־טערצינדען די טיר, — דאַן וועלען מיר האָבען גענוג געוועהר.

מ'האָט גענומען לויפען נאָך די פאַקלען, וואָס זיינען שוין פון פריהער געווען אָנגעגרייט לויט ספּאַרטאַק'ס פּלאַן און באַהאַלטען אין פאַרשידענע ערטער. דערווייל איז אַ נייע מחנה סאָלדאַטען אָנגעקומען צו די פאָרטונאַ־טויערן, די מחנה איז געפיהרט געוואָרען פון פּאָליציי־פּרעפעקט אַליין.

אין דער זעלביגער מינוט, בעת ספּאַרטאַק און ענאָמאַי מיט זייערע חברים זיינען גרייט געווען זיך אַריינצורייסען אין קאָרידאָר, וואו ס'איז געווען אַ טיר, וואָס האָט געפיהרט אין סקלאַד מיט גע־וועהר, האָט מען גענומען שאַלען אין טרובעס און דערנאָך האָט דער אָנזאָגער אויסגערופען, אַז אין נאָמען פון סענאַט בעט ער די רע־בעלען זיך פאַנאַנדערצוגעהן אין די קאַמערן, אויב זיי ווילען ניט מ'זאָל זיי פאַנאַנדערטרייבען איבער גוואַלד.

ספּאַרטאַק האָט אַ ווײַלע זיך באַטראַכט און דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו די חברים :

— זאָלען די עלטערע צענטרואינען פוןביידע לעגיאָנען געהן צו אונזערע חברים און זיי מעלדען, אַז אין אַ פערטעל שעה אַרום זאָ־לען זיי זיך רוהיג פאַנאַנדערגעהן אין זייערע קאַמערן, אויב זיי וועלען ניט הערען דעם פרייהייטס הימן. דאָס וועט באַדייטען, אַז אונז האָט זיך ניט איינגעגעבען צו פאַרכאַפּען דעם סקלאַד מיט גע־וועהר. דאַן וועלען מיר אויסברעכען די פאָרטקע, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון הערקולעס טויערן, זיך אַריינכאַפּען אין האַנימעד'ס שיינק, זיך באַוואָפענען מיט אַלץ, וואָס וועט קומען צו דער האַנד און וועלען אַנטלויפען אויפ'ן וועזוויוס. דאָרט וועלען מיר פאַנאַנדער־וויקלען די פאָהן פון אויפשטאַנד. זאָלען אַהין קומען אַלע, וואָס ווילען זיך שלאָגען פאַר פרייהייט. און איצט, פאָרווערטס !

און, הויך אויפהויבענדיג דעם פאַקעל, האָט ספּאַרטאַק דער ער־שטער זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאָרידאָר. די וואַך, וואָס האָט גע־היט די טיר פון דעם סקלאַד מיט געוועהר, איז פאַרטריבען גע־וואָרען.

אונטערדעסען האָבען די אַנטלאָפענע וועכטער געמאָלדען דעם

טריבון וזענען ספארטאק'ס אומגעריכטען אָנפאַל און ער האָט באַלד אונטערגעשיקט אַ נייע מחנה.

די גלאַדיאַטאָרען האָבען ניט געקאָנט אויסהאַלטען דעם דרוק פון דער ניי־אָנגעקומענער מחנה און זיי זיינען געווען געצוואונגען אָפּצוטרעטען.

אין דער זעלביגער צייט האָבען זיך אין שוהל אריינגעריסען סאָלדאַטען און גענומען שלאָגען די אומבאַוואָפענטע גלאַדיאַטאָרען. און נאָך דעם ווי מ'האָט דריי מאָל זיי געוואָרענט זיך פאנאַנדערצו־געהן און זיי האָבען ניט געפאָלגט, האָבען די סאָלדאַטען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זיי מיט די בלאַנקע שווערדען. די גלאַדיאַטאָרען האָ־בען גענומען לויפען אין אומאָרדנונג, אומוואָרפענדיג און טרע־טענדיג איינער דעם צווייטען.

דערזעהענדיג דאָס, האָט ספּאַרטאַק פאַרשטאַנען, אַז דער איינ־ציגער אויסוועג פאַר איהם איז צו אַנטלויפען. דערווייל האָט ער געהייסען די עטליכע גלאַדיאַטאָרען, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרכאַפּען די וואַפען פון די עטליכע סאָלדאַטען, אויף וויפיעל עס איז נאָר מעגליך אָפּצוהאַלטען דעם אָנדראַנג פון דער ניי־אָנגעקומענער מחנה ; און ער אַליין מיט עטליכע דרייסטע חברים, וואָס האָבען די גאַנצע צייט זיך געהאַלטען אַרום איהם, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער פאָרטקע, וואָס זיי האָבען צוזאַמען אויסגע־בראָכען און זיך אַרויסגעריסען פון דער שוהל.

אויסלעשענדיג די פאַקלען, האָבען די גלאַדיאַטאָרען זיך אַ וואָרף געטאָן אין האַנימעד'ס שיינק. דער איינענטימער פון שיינק, אַ באַפרייטער קנעכט, איז געווען ספּאַרטאַק'ס אַ גוטער פריינד. ער האָט געהייסען ספּאַרטאַק'ן נעהמען פון הויז אַלץ, וואָס קאָן נאָר דיענען פאַר וואַפען : מעסערס, העק, קאָסעס, זאַסטופּעס — און דאָס אַלעס האָט ספּאַרטאַק אויסגענוצט.

באַוואָפענענדיג אויף אַזאַ'ן אופן זיין מחנה, האָט ספּאַרטאַק זי צוטיילט אויף צוויי גרופּען. איינע, מיט איהם אַלס פיהרער, האָט באַדאַרפט געהן אויף וועזואַוויוס, די צווייטע, אונטער ענאָ־מאַי'ס קאָמאַנדע, האָט באַדאַרפט בלייבען, כדי צו פאַרהאַלטען די פאַרפאָלגונג פון די רוימער.

## צעהנטער קאַפּיטעל.

# פון קאַפּוא ביז וועזואוויוס.

ארום האלבע נאכט איז א מחנה גלאַדיאַטאַרען, וואָס זיינען אנטלאָפען פון באַטיאַט'ס שוהל, צוגעגאַנגען צו דאַלאַבעלאַ'ס ווילאַ און געפּאָדערט מ'זאָל עפענען דעם טויער, אַניט וועט מען איהם אויפברעכען.

דער אַלטער וועכטער, פון גריכישער אָפּשטאַמונג, האָט לאַנג געקווינקעלט, ביז וואנען ספּאַרטאַק, וואָס האָט גוט גערעדט גריכיש, האָט איהם ניט דערקלערט, וואָס דאָ קומט פאָר.

אריינקומענדיג אין הויף, האָט ספּאַרטאַק געהייסען אוועקשטעלען אַ וואַך ביי יעדען ארויסגאנג און, צורופענדיג דעם פאַרוואַלטער פון דער ווילאַ, האָט ער איהם געבעטען ער זאָל באַזאָרגען זיין מחנה מיט דער נויטיגער פּראָוויאַנט און איהם ארויסגעבען גאָר די געוועהר, וואָס געפינט זיך ביי איהם. דערביי האָט ער איהם צוגעזאָגט ניט אָנצואווענדען קיינע גוואַלד־מיטלען, אויב ער וועט ערפילען זיין בקשה. דער פאַרוואַלטער איז דערויף איינגעגאַנגען.

איינשטילענדיג דעם הונגער, האָט יעדער גלאַדיאַטאָר, אויף ספּאַרטאַק'ס באַפעהל, זיך אָנגעגרייט פּראָוויאַנט אויף דריי טעג. ספּאַרטאַק אַליין האָט כמעט גאָרניט געגעסען, כאָטש איבער אַ מעת־לעת, אַז ער האָט ניט געגעסען און ניט גערוהט.

צווישען דאַלאַבעלאַ'ס קנעכט איז געוועזען אַן ארצט, אַ גריך, וואָס האָט קורירט דאַלאַבעלאַ'ס קנעכט און דאַלאַבעלאַ'ן אַליין, בעת ער פלעגט קומען אין דער ווילאַ.

ער האָט אויפמערקזאם באַקוקט ספּאַרטאַק'ס האַנד, האָט אריינגעשטעלט אין אָרט דעם אויסגעלונקענעם ביין און פאַרבאַנ־

דאַזשירט די האַנד. דערבײַ האָט ער איהם אויפמערקזאם געמאַכט, אַז ער מוז זיך גוט אויסשלאָפען, כדי צו קומען צו זײַנע קרעפטען, ווען ניט קאָן ער קריגען פיבער.

ספּאַרטאַק האָט זיך צוגעלייגט און האָט געשלאָפען ביז אין דער פריה. בעת ער האָט זיך אויפגעכאַפּט א דערפרישטער און געקרעפטיגטער, האָט שוין די זון געגאָסען איהרע בלענדענדע שטראַהלען אויף דער פּרעכטיגער ווילא, אויף די אַרומיגע בערגלאַך און וועלדלאַך.

ספּאַרטאַק האָט געהייסען פאַרזאַמלען אַלע שקלאַפען אויף דער וועראַנדע, וואָס האָט אַרומגערינגעלט די הויז, און ער, אין דער באַגלייטונג פון פאַרוואַלטער און פון טורמע אויפזעהער, איז אַוועק אין טורמע, וואָס איז אומבאַדינגט געווען ביי יעדער רוימישער ווילא.

דאָרט האָט מען געהאַלטען די פאַרזינדיגטע שקלאַפען, וואָס האָבען געמוזט אַרבייטען מיט קייטען אויף די הענט און אויף די פיס.

ספּאַרטאַק האָט באַפרייט איבער צוואַנציג אַזעלכע אומגליק־ליכע און האָט זיך מיט זיי אומגעקעהרט צו די איבריגע שקלאַפען אויף דער וועראַנדע.

אין א וואַרימער און שטאַרקער רעדע האָט ער זיי דערקלערט די אורזאַך און דאָס ציעל פון דעם גלאַדיאַטאָר־אויפשטאַנד, וואָס האָט נאָר וואָס זיך גענומען פאַרשפּרייטען, ער האָט דערצעהלט, ווי ער און זײַנע חברים זײַנען אַנטלאָפען פון דער קאַפּואינער שוהל און ווי נויטיג עס איז איצט פאַר זיי שטיצע פון יענע, וואָס זײַנען צוגעדריקט פון רוימישען יאָך.

ער האָט זעהר בולט פאַר זיי געשילדערט אַלע צרות פון די אומגליקליכע גלאַדיאַטאָרען און שקלאַפען און די ליכטיגע צוקונפט, וואָס די פרייהייט באָט אָן.

— ווער פון אייך עס וויל זײַן פריי, — האָט ער פאַרענדיגט זײַן רעדע, — ווער פון אייך עס וויל בעסער שטאַרבען מיט א ערליכען טויט אויפ׳ן שלאַכטפעלד איידער לעבען ווי א קנעכט, ווער עס פיהלט זיך אויף אַזוי פיעל דרייסט, אַז יעדע מינוט איז

ער גרייט צו ריזיקירען מיט'ן לעבען און אויף אזוי פיעל פעסט, אום צו קאָנען איבערטראָגען אלע געפאהרען און שוועריקייטען פון מלחמה קעגען די וועלט עראָבערער; ווער עס פיהלט די גאנצע חרפה פון א פארשקלאפט לעבען און די לאסט פון קייטען, זאָל יענער נעהמען יעדע וואפע, וואָס וועט איהם קומען צו דער האנד און געהן מיט אונז!

זיין גלענצענדע, געפיהלפולע רעדע, האָט געמאכט א טיעפען און ערשיטערענדען איינדרוק אויף אָט די אומגליקליכע, דערשלאָגענע און ערנידעריגטע מענשען, וואָס אין זייערע הערצער האָט אויפגעגליהט א פונק פון האָפנונג אויף א בעסערער צוקונפט. אונטער יובעל געשרייען און פריידיגע טרערען האָבען איבער אכציג מענשען געכאפט העק, קאָסעס, רידלען און האָבען געזאָגט די שבועה, וואָס האָט זיי געמאכט פאר מיטגלידער פון „פאראיין פון אונטערדריקטע".

איצט איז ספּארטאק'ס מחנה באשטאנען פון 150 מענשען. פון אוועגד איז ער שוין געווען אין די אומגעגענדען פון נעאפעל, וואו ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אין דער ווילא פון א פּאַטריציע. דאָ איז פאָרגעקומען דאָס אייגענע, וואָס אין דאלאבעלא'ס ווילא. פיתף הונדערט קנעכט און גלאדיאטאָרען פון יענעם פּאטריציע, צעברעכענדיג די קייטען, זיינען זיי צוגעשטאנען צו ספּארטאק'ן.

ער איז געגאנגען די גאנצע נאכט, אויסמיידענדיג די גרויסע וועגען. דורך אומוועגען האָט ער געפיהרט זיין מוטיגע מחנה און אין יעדע ווילא פלעגט ער זיך אָפּשטעלען און פארנעהמען די קנעכט און די וואפען.

אזוי זיינען זיי צוגעגאנגען ביז דעם וועזואוויוס. ביים צופוסן פון דעם בארג וועזואוויוס זיינען געווען צעווארפען פאטריצישע ווילאס, און זיין שפיץ האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט משופע'דיגע אָפּריסען, וואָס זיינען געווען באדעקט מיט וואלד און מיט קליינע קוסטען.

אין יענע צייטען האָט וועזואוויוס געהאט א גאנץ אנדער אויסזעהן, ווי איצט, און ער האָט ניט געדראָהט מיט זיינע שרעקליכע

פייערדיגע אויסברוכען, וואָס מיט זיי האָט ער צולעצט אָנגעוואָרפען אַן אימה אויף גאַנץ איטאַליען. כאָטש אין די גאָר אַלטע צייטען פלעגט דער וועזואוויוס יאָ שפייען מיט פייער, ווי מען קאָן זעהן פון די ערד־שיכטען אונטער די חורבות פון הערקולאַן און פּאָמפּייא, אָבער אין דער עפּאָכע, וואָס מיר באַשרייבען דאָ, האָט מען וועגען דעם אינגאַנצען פאַרגעסען, און קיין זאַך האָט ניט באַאומרוהיגט די איינוואָהנער פון אָט דעם פּראַכטפולען ווינקעל אויף דער ערד, וואָס פּאָעטען האָבען איהם אַזוי באַזונגען. דאָס איינציגע, וואָס האָט געקאָנט אַביסעל באַאומרוהיגען די איינוואָהנער פון אָט דער גליקליכער געגענד, איז געווען דאָס, וואָס די ערד־ציטערנישען, האָבען דאָרט צייטענווייז אויפגעטרייסעלט דעם באָדען. זיי זיינען אָבער געווען אַזוי אָפּט און אַזוי אומשעדליך, אַז מ'האָט זיך צו זיי צוגעוואָהנט און קיינער פלעגט זיך וועגען דעם ניט קימערן. אָט דערפאַר איז דער גאַנצער אונטערשטער טייל פון דעם באַרג וועזואוויוס געווען באַדעקט מיט ווילאָס, מיט פּאַלאַצען, מיט ווייןגערטנער, מיט אָליווען און אָראַנזשען וועלדלאָך, וואָס האָבען די גאַנצע געגענד פאַרוואַנדעלט אין איין גרויסען גאָרטען.

די פּאַנאָראַמע, וואָס אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט דער וועזואוויוס און די גאַנצע נעאַפּאָליטאַנישע בוכט, איז געווען אַזוי וואונדערליך שעהן, אַז ס'איז אומעגליך געווען די אויגען אָפּצורייסען פון זיי. פון ווייטען האָט זיך געזעהן די רייכע און פּראַכטפולע פּאָמפּייא, גלייך ווי אַ פאַרוואָרפענע צווישען די ים־כוואַליעס.

אָבער די אַלע נאַטור־שעהנקייטען זיינען ניט געווען די גלאַדיאַטאָרען צום מוט.

דער שמאָלער וועג, איבער וועלכען די גלאַדיאַטאָרען זיינען געגאַנגען באַרג אַרויף, איז געוואָרען אַלץ שמאָלער און אומזיכערער און צולעצט איז ער אינגאַנצען פאַרשוואונדען.

דער אויבערשטער טייל פון באַרג איז באַשטאַנען פון נאַקעטע אָראָפּגעהאַנגענע פעלזען און ס'איז זעהר שווער געווען זיך אַרויפצוהויבען איבער זיי. דאָס, וואָס דער אַרויפגאַנג איז געווען אַזאַ שווערער, האָט ספּאַרטאַק'ן געפרעהט. ער האָט געזאָגט:

— ענדליך זיינען מיר דערקראָכען! נאָך אזוי פיעל מיס־ערפאָלגען, הויבען אָן די געטער אונז העלפען! דאָ, אויף די ניט־צוגעננגליכע הויכקייטען, וואו די אָדלערס פלעכטען זייערע נעס־טען און די חיות געפינען א באהעלטעניס פון דעם מענשענס פאר־פאָלגונגען, וועלען מיר פאנאנדערוויקלען די פרייהייטס־פאָהן! דאָ וועלען מיר זיך דערוואַרטען, ביז וואַנען אונזערע חברים וועלען אונטערקומען אונז צו הילף! קיין בעסערן אָרט האָט דער שיקזאַל אונז ניט געקאָנט צושיקען!

די פינף הונדערט מאַן, וואָס ער האָט איצט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע, האָט ער איינגעטיילט אין פינף גרופען. יעדע גרופע, וואָס איז באשטאַנען פון הונדערט מאַן, האָט געהאַט א באזונדערן נאָמען לויט די געוועהר, וואָס זי האָט געטראָגען. די ערשטע גרופע, וואָס איז באשטאַנען פון די איינגסטע און געזינד־סטע גלאַדיאַטאָרן, איז געוועזען באוואפענט מיט שפּיזען און שווער־דען. איהר קאָמאַנדיר איז געוועזען א יונגער מאַן פון גאַליען, באָר־טאָריקס. די איבריגע פיער גרופען זיינען געוועזען באוואפענט: איינע מיט קאָסעס, די צווייטע מיט דריי צייגערדיגע שטיקער אייזען, און די לעצטע צוויי מיט העק, מיט מעסערס און מיט אנדערע קורצע וואפען.

יעדע גרופע האָט געהאַט איהר קאָמאַנדיר — א צענטוריאָן, און איז ווידער איינגעטיילט געוואָרען אין גרופען פון צעהן, וואָס האָבען אויך געהאַט זייערע קאָמאַנדירען. דער קאָמאַנדיר פון א צעהנדליג האָט זיך גערופען — דעקוריאָן.

די צענטוריאָנען און דעקוריאָנען האָט ספּאַרטאַק אויסגע־קליבען פון די גלאַדיאַטאָרן, וואָס זיינען מיט איהם אנטלאָפען פון דער קאַפּוער שוהל. זיי האָט ער געקאָנט פון לאַנג אָן און ער האָט זיך אויף זיי געקאָנט מעהר פארלאָזען.

די איבריגע גלאַדיאַטאָרען פון באַטיאַט׳ס שוהל האָט ער אוועקגעשיקט אין רוים, אין ראַוועננא און קאַפּוא אָנזאָגען די חברים, אז ספּאַרטאַק מיט פינף הונדערט פון זיינע סאָלדאַטען האָט זיך פארקליבען אויפ׳ן בארג וועזוּוויוס און ער וואַרט דאָרט אויף הילף.

איצט, אז ספּאַרטאַק מיט זיין מחנה האָט שוין דערגרייכט דעם זיכערסטען אָרט אויפ'ן סאַמע שפּיץ פון בארג, האָט ער זיי געהייסען זיך אָפּשטעלען. און אין דער צייט וואָס זיי האָבען זיך אָפּגערוהט, איז ער ארומגעגאַנגען באַקוקען דעם אָרט, אום זיך צו איבערצייגען, אויף וויפיעל דער אָרט איז צוגעפּאַסט פאַר א לאַגער. און איבערצייגענדיג זיך, אז דער אָרט איז פון אַלע זייטען נאַטירליך באַפעסטיגט און ס'איז כמעט אוממעגליך צוצו־קומען צו איהם, האָט ער באַשלאָסען דאָרט צו לאַגערן, ביז וואַנען מ'וועט איהם אונטערשיקען הילף.

אפריהער האָט ער אין עטליכע פונקטען אויסגעשטעלט א וואַך, דאַן האָט ער געהייסען ברענגען האָלץ און פאַנאַנדערלעגען א פייער. ביינאַכט אויף אַזאַ הויכען אָרט, און דערצו נאָך אין מאָנאַט פעברואַר, האָט מען געקאָנט ערוואַרטען א שטאַרקע קעלט.

בעת די גאַנצע מחנה, אויסגעמאַטערט פון וועג, האָט שוין געהאַט איינגעשלאָפען, איז ספּאַרטאַק נאָך געזעסען אויף א פעלז פאַרטיפט אין געדאַנקען, אומבאַוועגליך, ווי פון שטיין אויסגע־האַקט. ניט ווייט פון איהם האָט געפלאַקערט דער קאָסטיאָר און דער פאַנטאַסטישער פלאַם האָט באַלויכטען זיין ריזיגע פיגור, וואָס פון ווייטען וואָלט מען געקאָנט אָננעהמען פאַר א שאָטען פון יענע טיטאַנען, וועלכע, לויט ווי די פּאָעטען באַהויפּטען, האָבען זיך געשטעלט אַנקעגען זעווס'ן און האָבען געגרינדעט זייער לאַגער ניט ווייט פון דעם וועזוואַוויוס.

א לייכטער שאָרך, וואָס האָט זיך געהערט ערגיץ־וואו אונ־טען, האָט צושלאָגען זיינע געדאַנקען און ער האָט זיך גענומען צוהאָרכען. אָבער רונד ארום איז געווען שטיל, נאָר א לינדער ווינטעל, וואָס האָט אַלע ווייל דורכגעשוועבט, האָט געטרייסעלט די בלעטער אויף די בוימער.

אָבער אָט איז דער שאָרך שטאַרקער געוואָרען. ער האָט זיך גענומען צוהאָרכען מיט מעהר אָנגעשטרענגטקייט. „ניין, דאָס איז ניט פון ווינט“ — האָט ער א טראַכט געטאָן — „דאָס זיינען טריט, מען קלעטערט אויפ'ן בארג“. ער האָט זיך אָנידערגע־שטעלט.

— דאָס זיינען רווימער! — האָט ער גאַנץ שטיל צו זיך אליין געזאָגט. — שוין!... אזוי גיך האָב איך זיי ניט ערוואַרט.

ער האָט נאָך ניט באוויזען צוצוגעהן צום נאָהענטסטען פונקט, וואו די וואַך איז געשטאַנען, ווי אין דער לופט האָט אָפּגעהילכט דעם וועכטער'ס שטים:

— ווער איז דאָרט?

און באַלד נאָכדעם:

— צו די וואַפען!

אין אַן אויגענבליק איז די גאַנצע וואַך געוועזן אויף די פיס.

ספּאַרטאַק איז צוגעגאַנגען צום וועכטער, האַלטענדיג דעם בלאַנקען שווערד אין דער האַנד, און האָט רוהיג געזאָגט:

— מען וויל אויף אונז מאַכען אַ פּלוצלונגען איבערפאַל. אָבער פון אָט דער זייט וועט קיינער צו אונז ניט קאָנען צוקומען. זאָל אימיצער פון אונז געהן אויפוועקען די גאַנצע מחנה.

— ווער איז דאָרט? — האָט דער וועכטער ווידער אַמאָל אויסגעשריען.

ווי גרויס איז אָבער געוועזן אַלעמענס פאַרוואונדערונג, בעת אויף דעם וועכטער'ס פראַגע האָט אימיצער געענטפערט:

— פּאָרזיכטיגקייט און נצחון!

— ענאָמאַי! — האָט ספּאַרטאַק פריידיג אויסגעשריען, דער־הערענדיג די באַקאַנטע שטים.

דאָס איז ווירקליך געוועזן ענאָמאַי און מיט איהם דריי און נײַנציג גלאַדיאַטאָרן פון דער קאַפּועער שוהל.

ספּאַרטאַק האָט זיך אַ וואַרף געטאָן צו זיין חבר און איז איהם אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז מיט אַזאַ שמחה, אַזוי ווי ער וואָלט איהם ניט געזעהן יאָהרען לאַנג.

— בינסטו דאָס, פריינד מיינער! — האָט ער געזאָגט, ניט גלויבענדיג זיינע אויגען. — כ'האָב ניט געהאָפּט דיר צו זעהן אַזוי גיך.

— און איך אַליין האָב עס אויך ניט ערוואַרט, — האָט ענאָמאַי געענטפערט, גלעטענדיג מיט זיין גרויסער האַנד ספּאַר־טאַק'ס בלאָנדע האָר און קוסענדיג איהם אין שטערן.

און ער האָט גענומען דערצעהלען כסדר, אַלץ, וואָס איז ביז אהער מיט איהם פאָרגעקומען.

נאָכדעם ווי ספּאַרטאַק האָט זיך ארויסגעריסען פון דער גלאַדיאטאָר־שוהל, האָט ער פריהער פון אַלץ זיך באמיהט צו פאַרבאַריקאדירען די גאַס, כדי וואָס לענגער צו פאַרהאַלטען די סאָלדאטען. כדי דאָס אויסצופיהרען, האָבען די גלאַדיאטאָרן זיך אריינגעריסען אין די ארומיגע הייזער, האָבען פון דאָרט ארויסגעשלעפּט די גאַנצע מעבעל, און דערמיט פאַרשטעלט די גאַס. צוויי שעה האָבען זיי זיך אָפּגעוועהרט פון שונא, וועלכער האָט זיך צו־לעצט אַ לאָז געטאָן, אום זיי ארומצורינגלען פון הינטען. ענאָמאַי האָט פאַרשטאַנען די טאַקטיק און אַזוי ווי לויט זיין אויסרעכענונג איז ספּאַרטאַק שוין געווען הינטער'ן שטאָדט, האָט מען איצט געקאָנט אָנהויבען טראַכטען וועגען זיך אַליין.

ענאָמאַי האָט געהייסען זיינע חברים זיך פאַנאַנדערשיטען אין אַלע זייטען און זיך באַהאַלטען וואו נאָר עס וועט זיין מעגליך, און אויף מאָרגען ביינאַכט זיך צונויפקומען אויפ'ן באַשטימטען אָרט.

אויף אַזאַ'ן אופן האָט זיי אָפּגעגאַלטען זיך צו רעטען, הגם ניט אַלעמען. נאָהענט פון דרייסיג גלאַדיאטאָרן זיינען אומגעקומען אין ביינאַכטיגען קאַמף, און איבער צוואַנציג פון די וואָס זיינען לעבען געבליבען זיינען ניט געקומען אויפ'ן באַשטימטען אָרט.

לעבען פּאָמפּעא האָט די מחנה באַגעגענט איינעם פון ספּאַרטאַק'ס עסטאַפּעטען און פון איהם איז מען געוואָהר געוואָרען גאַנץ גענוי, וואו ספּאַרטאַק'ס לאַגער געפינט זיך.

גרויס איז געווען ספּאַרטאַק'ס שמחה אין דער דאָזיגער נאַכט!

אין די קאָסטיארען האָט מען צוגעוואַרפען האָלץ, און ארום די פלאַקער־פייערן האָבען די גלאַדיאטאָרן טראַקטירט די ניי־גע־קומענע חברים מיט ברויט און קעז, מיט פרוכט און ניס.

ערשט ארום האַלבע נאַכט איז אין לאַגער ווידער געוואָרען שטיל און רוהיג.

באלד נאָך זונענאויפגאַנג האָט ספּאַרטאַק געהייסען שאַלען אין האָרנס און די גאַנצע מחנה האָט זיך אויפגעהויבען.

אויסשטעלענדיג די מחנה אין אַ מיליטערישער אָרדנונג, האָ־בען ביידע קאָמאַנדירען, ספּאַרטאַק און ענאָמאַי, זי באַקוקט און געמאַכט אין איהר קליינע ענדערונגען. נאָכדעם האָט מען איין הונדערט אַוועקגעשיקט נאָך פּראָוויאַנט און די צווייטע נאָך האָלץ. נאָר די איבריגע, ביידע קאָמאַנדירען ניט אויסגעשלאָסען, האָבען גענומען אויסגראָבען פון דער ערד שטיינער אויף צו וואַרפען אויפ׳ן שונא, בעת ס׳וועט זיין נויטיג.

קופּעס שטיינער זיינען אָנגעלעגט געוואָרען אַרום יעדען פּונקט פון וועלכען דער שונא האָט געקאָנט קומען, באַזונדערס פון דער פּאָמפּייער זייט, פון וואַנען מ׳האָט גיכער געקאָנט ערוואַרטען די אָנפאַלען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג באַלד ווי דער מאָרגענשטערן איז אויפ־געגאַנגען זיינען די גלאַדיאַטאָרן אויפגעוועקט געוואָרען פון די וועכטער, וואָס האָבען פון אַלע זייטען גענומען שרייען: — צו די וואַפען!

דאָס מאָל איז קיין צווייפעל ניט געווען, אַז דער שונא קומט. דער טריבון טיט סערוויליאַן האָט געפיהרט צוויי מחנות רוימישע סאָלדאַטען, יעדע מחנה איז באַשטאַנען פון פינף הונדערט מאַן.

אויפ׳ן צווייטען טאָג נאָך יענער אומרוהיגער נאַכט, בעת איהם האָט זיך איינגעגעבען איינצוהאַלטען דעם אויפשטאַנד פון די צעהן טויזענד גלאַדיאַטאָרען פון דער קאַפּוער שוהל, האָט טיט סערוויליאַן זיך דערוואוסט, אַז ספּאַרטאַק און ענאָמאַי מיט צוויי הונדערט רעבעלען זיינען אַוועק אין דער ריכטונג צום באַרג וועזוּוויוס, אומעטום אויפפּאָדערענדיג די שקלאַפען צוצושטעהן צו זיי און באַרויבענדיג פּאַראיינס די ווילאַ׳ס, וואָס זיינען געלעגען ביים וועג, דאָס, וואָס אין דער ווירקליכקייט איז ניט פאָרגעקומען.

ווערלענדיג זיך אויסצייכענען, איז סערוויליאַן אַוועק אין סע־נאַט, וואָס האָט אָפּגעהאַלטען זיינע באַראַטונגען אין יופּיטער׳ס טעמפּעל, און האָט זיך באַמיהט איבערצוצייגען די סענאַטאָרן, ווי נעפעהרליך עס איז צו לאָזען ספּאַרטאַק׳ן און ענאָמאַי׳ען אַרום־

געהן פריי אפילו נאָר עטליכע טעג, ווייל ארום זיי וועלען דער־ווײַלע די שקלאפן זיך פארזאמלען מאסענווייז. צולעצט האָט ער געזאָגט, אז ס'איז נויטיג באלד זיי נאָכצויאָגען, צוהאקען זיי אויף שטיקער, און די קעפ פון ביידע פיהרער ארויפשטעכען אויף שפּיזען און זיי אויסשטעלען ביי די טויערן פון באטיאט'ס שוהל, כדי איינצושרעקען די איבריגע גלאדיאטאָרן.

סערוויליאנס פאָרשלאג איז דעם סענאט געפעהלען געוואָרען און ער האָט ארויסגעגעבען א דעקרעט, וואס האָט צוגעזאָגט א באַ־לוינונג פון צוויי טאלאנטעם פאר ספּארטאק'ס און ענאָמאי'ס קעפּ. ביידע זיינען פאר'משפּט געוואָרען צום טויט, און אלעמען, סאי די פרייע בירגער, סאי די שקלאפען, האָט מען געווארנט, אז ווער נאָר עס וועט די רעבעלען מיט עפּעס וואָס באהילפיג זיין, וועט זעהר שווער באשטראָפט ווערען.

דער צווייטער דעקרעט פון קאפּוער סענאט האָט באפאָלמעכ־טיגט סערוויליאנען זיך צו שטעלען בראש פון צוויי מחנות סאָל־דאטען: איין מחנה פון פינף הונדערט פון קאפּוא, די צווייטע מחנה פון פינף הונדערט פון דער נעהענטסטער שטאָדט אטעלא. א מחנה פון פינף הונדערט האָט באדארפט בלייבען אויף צו באַ־שיצען די שטאָדט און אכטונג צו געבען אויף באטיאט'ס שוהל.

אין דער נאכט פון יענעם טאָג האָט סערוויליאן אוועקמאר־שירט צו אטעלא, און פון דאָרט צום וועזוואוויוס. פון די איינ־וואָהנער אין די ארומיגע דערפער האָט ער זיך דערוואוסט אין וועלכער זייט די גלאדיאטאָרן געפינען זיך. ער האָט איבערגע־נעכטיגט מיט זיין ארמיי ביים צופוסען פון בארג און ווי נאָר דער מאָרגענשטערן איז אויפגעגאנגען האָבען זיי שוין געהאט דער־גרייכט דעם שפּיץ בארג.

ווי פאָרזיכטיג די רוימישע מחנות האָבען זיך ניט באוועגט, האָט די גלאדיאטאָרישע וואך זיי באמערקט פריהער, איידער זיי האָבען באוויזען צו צוקומען. דער רוף פון ערשטען וועכטער — צו די וואפען! — איז באלד ווידערהאָלט געוואָרען פון די איב־ריגע וועכטער, און אלע גלאדיאטאָרן האָבען אויגענבליקליך זיך א הויב געטאָן, ווי איין מענש.

די גלאַדיאַטאָרן האָבען גענומען וואַרפען שטיינער אויף די רוימישע סאָלדאַטען מיט סערוויליאַנען בראש, ווי נאָר זיי האָבען אָנגעהויבען זייער אָנדראַנג.

— פאָרווערטס! דרייסטער! — האָט סערוויליאַן ערמוטיגט זיינע סאָלדאַטען. — נאָך א רגע — און מיר וועלען זיין אין פיינד־ליכען לאַגער, וואו מיר וועלען זיי איבערשניידען די העלזער ביז'ן לעצטען.

ניט קוקענדיג אויף דעם האָגעל פון שטיינער, וואָס האָט זיך פון אויבען געשאָטען אויף די רוימישע סאָלדאַטען און וואָס איז געוואָרען אַלץ געפעהרליכער, וואָס נעהענטער זיי זיינען צוגעקומען, האָבען די רוימער פאָרטגעזעצט זייער אָנדראַנג, ביז זיי האָבען געקאָנט זיך באַנוצען מיט זייערע וואַרף־שפּיזען.

עס איז געוואָרען אַן אומבאשרייבליכע מהומה. די געשרייען פון ביידע צדדים האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין אַלגעמיינעם ליאַרם, דער צוזאַמענשטויס איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א בלוטיגען קאַמף.

ספּאַרטאַק איז געשטאַנען אויף א הויכען פעלז און האָט בע־אָבאַכטעט די שלאַכט. באַטראַכטענדיג די פּאָזיציעס פון ביידע צדדים, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, ס'אַרא גרויסען פעהלער זיין געגנער האָט געמאַכט דערמיט, וואָס ער האָט זיין מחנה געפיהרט אויף אַן אָנפאַל איבער אַזאַ שמאָלען וועג. אויף דעם דאָזיגען וועג האָבען קוים צעהן מענשען זיך געקאָנט אויסשטעלען אין רייהע, בעת די גאַנצע איבריגע מאַסע האָט געמוזט בלייבען אונ־טהעטיג אונטער די טרעפענדע קלעפּ פון די שונאים.

און ער האָט זיך אונטערגעאיילט צו באַנוצען זיך מיט דעם דאָזיגען פעהלער. זיינע סאָלדאַטען האָט ער אויסגעשטעלט אין אַזאַ אָרדנונג, אַז זיי זאָלען קאָנען וואַרפען שטיינער ניט נאָר א יף די פאָדערשטע רוימער סאָלדאַטען, וואָס האָבען געקלעטערט באַרג ארויף, נאָר אויך אויף די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען אונטהעטיג פון הינטען.

ספּאַרטאַק'ס סאָלדאַטען האָבען דערוויילע געהאַנדעלט מיט

שטיינער פון אלע זייטען, עפעס אזוי ווי א וואלקען פון שטיינער וואלט זיך אראפגעלאזט איבער דער רוימישער מחנה.

— אין א פערטעל שעה ארום, — האט ספארטאק געזאגט, — וועלען די רוימער נעהמען לויפען און מיר וועלען זיי פארפאלגען.

און אזוי איז טאקי געווען.

אין דעם שונא׳ס פאדערשטע רייהען, וואס זיינען באזונדערס שריארק געטראפען געווארען, איז פארגעקומען א מהומה. די סאל־דאטען האבען אנגעהויבען דריקען איינער דעם צווייטען, און ניט הארכענדיג סערוויליאן׳ס קאמאנדע, האבען זיי גענומען לויפען צוריק אין אונארדנונג. די גלאדיאטארן זיינען אריבערגעשפרונגען איבער דעם שוץ־וואל און האבען זיי נאכגעיאגט.

דער דאזיגער מענשענשטראם, וואס האט זיך מיט אזא׳ן אימ־פעט געטראגען בארג אראפ, האט פון דער הויך אויסגעזעהן ווי א גוואלדיג גרויסער שלאנג, וואס צאפעלט זיך אוןווארפט זיך איבער׳ן בארג־אברים.

מערקווירדיגער פון אלץ איז אין אט דעם קורצען געשלעג געווען דאס, וואס אויף א שטרעקע פון צוויי מייל איז א טייל געלאפען און א טייל האט נאכגעיאגט, ניט האבענדיג קיין געלעגענ־הייט, ניט איין צד, ניט דער צווייטער צד, זיך צו שלאגען מיט וואפען. און ניט די, ניט די אנדערע האבען זיך געקאנט אפ־שטעלען, ווייל די הינטערשטע האבען געדריקט די פאדערשטע, דער וועג איז געווען א שמאלער און דער בארג איז געווען אזוי משופע׳דיג, אז ניט נאר איז אוממעגליך געווען זיך אפצושטעלען, נאר אפילו לאנגזאמער געהן איז אוממעגליך געווען.

נאר אין יענעם ארט, וואו דער בארג איז שוין פלאכער געווען און דער וועג האט זיך פאנאנדערגעצווייגט, האבען די אנטלאפענע רוימער זיך געקאנט פארשפרייטען איבער די ארומיגע פעלדער און סעדער. און אויך דא האבען די גלאדיאטארן געקאנט געפינען א גוטען פונקט אויף איינצוארדענען זייער פראנט.

סערוויליאן, צונויפקלייבענדיג ארום זיך א קליינע צאהל סאל־דאטען, האט העלדיש אפגעשלאגען דעם אנפאל. אין א צווייטען ארט האט דער צענטוריאן סאלאני מיט א הייפעלע העלדישע סאל־

דאַטען פּראָבירט די גלאַדיאַטאָרן פאַרצאַהמען דעם וועג. נאָך אַנ־דערע פון די ערפאַהרענע קעמפער, וואָס האָבען זיך אמאָל געשלאָגען אונטער מאַריוס׳עס און סוללא׳ס קאָמאַנדע, האָבען געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו ..געווינען דעם דאָזיגען קאַמף.

אָבער די אַלע העלדישע אָנשטרענגונגען זיינען געווען פּרוכט־לאָז, ווייל די הויפּט מאַסע פון די רוימישע לעגיאָנערען, א דער־שראָקענע פון דער אונערוואַרטער מפּלה, האָט ניט געהאָרכט איהרע קאָמאַנדירען און האָט זיך צושפּרייט אין אונאָרדנונג, טראַכטענדיג נאָר ווי זיך צו רעטען.

ספּאַרטאַק מיט זיין מחנה האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף סערוויליאַנען. בעת דער לעצטער איז געפאַלען פון ספּאַרטאַק׳ס שווערד און דער העלדישער צענטוריאַן סאָלאָני פון ענאָמאַי׳ס שווערד, האָבען די רוימער אינגאַנצען פאַרלאָרען דעם מוט. איצט איז די שלאַכט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א שחיטה. איבער פיער הונדערט סאָלדאַטען זיינען געפאַלען, דריי הונדערט האָט מען גענומען אין געפאַנגענשאַפט. די לעצטע, אויף ספּאַרטאַק׳ס באַפעהל, האָט מען אַנטוואָפענט און באַפרייט. די פאַרלוסטען פון די זיעגער זיינען געווען ניט גרוים: דרייסיג גע׳הרג׳עטע און אַרום פופציג פאַרוואונדעטע.

די גלאַדיאַטאָרן האָבען זיך אומגעקעהרט אין זייער לאַגער, אָנגעטאָן אין רוימישע לאַטען און שלעמען, באַוואָפענט מיט רוי־מישע שפּיזען און שווערדען, אוועקטראָגענדיג, מיט זיך א סך גע־וועהר פאַר די צוקינפטיגע חברים.

11טער קאַפּיטעל.

## פון ספּארטאק׳ס מחנה ווערט א צעהנטויזענדיגע ארמיי.

די נאכריכט וועגען דער נידערלאַגע פון די רוימישע סאָל־דאטען האָט זיך געשווינד פארשפּרייט איבער אַלע ארומיגע שטעדט און האָט איבעראַל ארויסגערופען שרעק און אומרוהיגקייט.

געאַפּאָל, נאָלא, נאצערא, קומיג, קאפּוא און הערקולאַן האָבען זיך געגרייט צו פארטיידיגען און האָבען טאָג און נאכט באַשיצט די טויערען און די ווענט ארום שטאָדט.

די שטאָדט פּאָמפּעא, וואס האָט קיין ווענט ניט געהאט ארום זיך, האָט קיין ווידערשטאנד ניט געקאָנט ארויסווייזען קעגען די גלאַדיאטאָרען.

זיי זיינען אומגעשטערט אריין אין שטאָדט נאָך פּראָוויאַנט און, צו דער גרעסטער פארוואונדערונג פון די איינוואָהנער, האָבען זיי זיך אויפגעפיהרט ניט ווי שונאים אָדער ווי ווילדע, נאָר ווי דיסציפּלינירטע סאָלדאטען.

די פּאָליציי פּרעפעקטען פון די אָנגערופענע שטעדט האָבען כסדר געשיקט עסטאפעטען צום קאָפּוער פּרעפעקט און פּארוואל־טער פון דער פּראָווינץ, מעצי ליבעאָן, בעטענדיג איהם אָנצונעהמען מיטלען קעגען דער געפאהר, וואָס וואקסט מיט יעדען טאָג אַלץ מעהר. און דער צוטומעלטער ליבעאָן האָט פון זיין זייט געשיקט איין עסטאפעט נאָכ׳ן צווייטען צום רוימישען סענאַט.

רוים האָט אָבער ניט צוגעגעבען קיין באזונדערע באדייטונג דעם דאָזיגען אויפשטאנד. נאָר קאטילינא און יוליוס צעזאר האָ־בען געקאָנט פארשטעהן זיין באדייטונג; זיי אליין האָבען נע־

וואוסט, ביי וועלכע אומשטענדען דער אויפשטאנד איז ענטשטאַנען, און ווי באַגאַבט עס איז דער מענש, וואָס האָט זיך געשטעלט בראש פון די גלאַדיאַטאָרן.

אויסער די דאָזיגע צוויי מענשען האָט קיינער קיין גרויס געוויכט ניט געלעגט אויף דער מפלה פון סערוויליאַן׳ס מחנות; דערצו נאָך האָבען די סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך געראַטעוועט פון שלאַכט, דערקלערט די אורזאַך פון דורכפאַל נאָר דערמיט, וואָס זייער פיהרער, סערוויליאַן, איז אַן אונערפאַהרענער און אונגעלערענטער מענש, וואָס שטעלט צופיעל אויף זיך.

אויסער דעם איז דער רוימישער סענאַט אין דער צייט געווען פאַרנומען מיט מלחמות, וואָס זיינען געווען, לויט זיין מיינונג, א סך וויכטיגער. אויפ׳ן מערב האָט סערטאָריוס אויפגעהויבען קעגען רוים כמעט גאַנץ שפּאַניען און ער האָט ארויסגעוויזען א זיעגרייכען ווידערשטאַנד קעגען די לעגיאָנען, וואָס האָבען פּרובירט באַרוהיגען זיין פּאָמפּעא. אויפ׳ן מזרח האָט מיטרידאַט ווידער זיך געשטעלט אנטקעגען די רוימער. איינעם פון די קאָנסולן האָט ער שוין גע־האַט באַזיעגט, דער צווייטער, לוקול, האָט צונויפגעקליבען די לע־גיאָנען, אום זיי צו פיהרען קעגען דעם דאָזיגען אַלטען און מעכטיגען שונא פון רוים.

דאָס מאָל האָט מען געשיקט קעגען די גלאַדיאַטאָרן דעם העל־דישען און ערפאַהרענעם טריבון קלאַודי גלאַבר, וואָס האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע זעקס קאָגאָרטען, ס׳הייסט איבער דריי טויזענד מאַן.

דערווייל האָט די צאָהל פון די רעבעלירענדע שקלאַפען שוין דערגרייכט איבער 1,200 מאַן.

ספּאַרטאַק, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען מיט די מיליטעַרישע אָרדענונגען פון די גריכען, פּראַקיער אין רוימער, האָט פון דעסטוועגען מעהר אנערקענט די רוימישע מיליטערישע טאַקטיק און דיסציפּלין. אַלס געוועזענער סאָלדאַט אין די רוימישע לעגיאָנען, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז די רוימער האָבען אַלע מאָל געזיעגט איבער די אַנדערע העלדישע און מיליטעריש ערפאַהרענע פעלקער א דאַנק זייער אייזערנער דיסציפּלין און שטרענגער אָרדע־

נונג. ער האָט דארום איינגעפיהרט אין זיין מחנה די רוימישע מיליטערישע אָרדנונג און דיסציפּלין.

ווי נאָר דער נצחון איבער טיט סערוויליאן האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט ארייצוגעהן אין פּאמפּעא, האָט ער באלד באשטעלט פאר זיין ערשטען לעגיאָן א פאָהן, וואס אויף איהר איז געווען, אָנשטאָט דעם רוימישען אָדלער, א רויטע הויב — דער סימבאָל פון באפרייאונג. מיט אַזעלכע הייבלאך פלעגען די שקלאַפען באַזיצער געוועהנליך באַדעקען די קעפּ פון די שקלאַפען, וואָס זיי האָבען געוואָלט באפרייען. אונטער דער הויב איז אויף דער פאָהן געווען א קליינע בראָנזענע פיגור פון א קאַץ — א חיה, וואָס צוליעב איהר פרייהייטס־ליעבענדען כאראקטער איז געווידמעט געוואָרען דער געטין פון פרייהייט. אויסער דעם האָט ספּארטאַק, אויפ'ן רוימישען שטייגער, באשטעלט פאָהנען פאר יעדער הונדערט סאָלדאטען, אָדער צענטוריע. דער שטענגעל פון אַזאַ פאָהן האָט זיך פון אויבען פארענדיגט מיט צוויי בראָנזענע הענד, וואָס איינע דריקט די צווייטע. און אונטער זיי איז געמאַכט געוואָרען, אויך פון בראָנז, א קליינע פּראַקישע הייבעל מיט די נומערן פון קאָגאָרט און לעגיאָן. ספּארטאַק האָט ניט געצווייפעלט, אַז אונטער זיינע פאָהנען וועט זיך נאָך צונויפקלייבען ניט איין לעגיאָן פון שקלאַפען און גלאַדיאַטאָרן.

האָבענדיג אין זיין באזיץ דעם ווערזאַווויוס מיט די ארומיגע עבענעס, האָט ער יעדען טאָג עטליכע שעה מושטירט זיינע סאָלדאטען לויט דער רוימישער מיליטערישער אָרדנונג.

אויף אַזאַ'ן אופן, ביז וואַנען די רוימער האָבען זיך אויסגעקליבען ארויסצושטעלען נייע מחנות, האָט ספּארטאַק באוויזען צוצוגרייטען זיינע סאָלדאטען צום פאָרשטעהענדען קאמף.

א דאנק דער שטרענגער דיסציפּלין, וואָס דורך איהר האָט ער זיינע סאָלדאטען איינגעהאַלטען פון רויב, האָט ער זיך ערוואָרבען דעם צוטרוי און די געניייגטקייט פון די ארומיגע פאַסטוכער און האָלצהעקער. ספּארטאַק האָט שוין געוואוסט, אַז די רוימער גערען אויף איהם און ווי גרויס עס איז די צאָהל פון זייערע מחנות. ער האָט פארשטאַנען, אַז מיט איין טויזענד סאָלדאטען

איז פאר איהם אוממעגליך זיך צו שטעלען אויף אן אפענעם פעלד קעגען דריי טויזענד. און דארום האט ער באשלאסען בעסער צו ערוואַרטען יעם שונא אויפ'ן וועזואוויוס.

דער נייער רוימישער קאמאנדיר, קלאָודי, נעהמענדיג אין אנבעטראַכט סערוויליאן'ס פעהלער, האט באשלאסען ניט צו מאכען קיין אפענעם אנפאל, נאר צו צווינגען די גלאַדיאַטאָרן ארויסצו־קריכען פון זייער לויערונגס־אָרט.

איבערצייגענדיג זיך, אז זיי האבען ניט פארלאזען זייער לאַ־גער, איז קלאָודי דערמיט געבליבען זעהר צופרידען און האט לוס־טיג געזאגט:

— די מויז איז אין פאסטקע! אויסגעצייכענט! אין פינף טעג ארום וועט זי זיין אין אונזערע הענד.

און ער האט געהייסען אויפשלאגען אויפ'ן בארג צוויי לאַ־גערן: איין לאגער פון דער פאמפייער זייט, וואס איז איהם האט ער קאנצענטרירט זיינע הויפט־קרעפטען, אין דעם צווייטען לאגער פון דער נאלאַר'ס זייט, וואו ער האט אוועקגעשיקט נאר איין דריי־טעל פון זיינע סאלדאטען, ווייל פון דער דאזיגער זייט איז דער בארג געוועזען שרעקליך משופע'דיג און די גלאַדיאַטאָרן וואלטען דורך דער זייט ניט געקאנט אנטלויפען.

אויף אזא'ן אופן האט ער פאר די גלאַדיאַטאָרן אפגעשניטען אלע וועגען אויף צו אנטלויפען פון בארג.

אויפ'ן צווייטען טאג באגינען, ארומגעהענדיג ווי געוועהנליך די וואכט־פונקטען, האט ספארטאק באמערקט דעם שונא'ס לאגער פון דער נאלאַ'ר זייט, וועלכער איז געוועזען אונטער דער קאמאנדע פון וואלערי מעסאלא, א קרוב פון וואלריע'ן, די אלמנה פון דיק־טאטאר סולא. דעם הויפט־לאגער, וואס איז געוועזען אונטער דער קאמאנדע פון קלאָוודיען אליין, האט ער ניט געקאנט זעהן צוליעב דעם געדיכטען וואלד. דאך האט ער זיך משער געוועזן, וואו ער דארף זיך געפינען.

נעהמענדיג מיט זיך צוויי הונדערט מאן, האט ספארטאק גע־נומען זיך ארונטערלאזען איבער'ן פוס־וועג, וואס האט געפיהרט אין פאמפעא.

גאַר אין גיכען האָט זיך פאַר איהם באַוויזען דער גרויסער רוימישער לאַגער אין זיין גאַנצער שרעקליכער הערליכקייט.

ספּאַרטאַק, אַ בלאַסער און אַן ערנידעריגטער, האָט זיינע אויגען ניט געגלויבט. ער איז געבליבען שטעהן אַ פאַרגליווערטער.

אויף די רוימישע אוואַנפּאָסטען האָט מען באַמערקט דעם שונא. מ'האָט באַלד גענומען שאַלען, און די וואַכט־מחנה האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף די גלאַדיאַטאָרן.

— ספּאַרטאַק, וואָס זאָל מען טאָן? — האָט זיך צו איהם געווענדט איינער פון די דעקוריאַנען. — געהן פאָרווערטס, אָדער אָפּטרעטען?

— אָפּטרעטען, אַלצעסט, אָפּטרעטען! — האָט ספּאַרטאַק טרויעריג געענטפערט, קומענדיג אַביסעל צו זיך פון זיין פאַר־גליווערטקייט.

זיך אומקעהרענדיג אין לאַגער, האָט ער זיך גענומען באַראַטען מיט ענאָמאַי'ען און באַרטאַריקסען, וואָס מ'זאָל טאָן.

דער היציגער ענאָמאַי האָט פאָרגעשלאָגען, מ'זאָל זיך אַ וואָרף טאָן אויף איינעם פון די לאַגערן און זיך דורכרייסען.

— ווען דאָס וואָלט נאָר מעגליך געווען! — האָט ספּאַרטאַק געענטפערט. — אַ וויילע האָב איך אויך געטרוימט וועגען דעם. די זאַך איז אָבער, אַז דעם שונא'ס מחנות פאַרנעהמען גראָד יענע ערטער, וואו עס ענדיגט זיך דער משופּע'דיגער און שמאָלער וועג און עס הויבען זיך אָן די ברייטע און פלאַכע ערטער. הייסט עס, זיי האָבען וואו צו פאַרשפּרייטען און אויסצושטעלען זייערע מחנות, און מיר קאָנען נאָר אויסשטעלען צעהן מענשען. די איבריגע וועלען נאָר דאַרפען צוקוקען ווי די רוימער וועלען אויסשלאַכטען יענע צעהן.

ספּאַרטאַק'ס אַרגומענטען זיינען געווען אַזוי קלאָר, אַז קיינער האָט ניט געהאַט וואָס איינצואווענדען קעגען זיי.

שפּייז האָבען זיי געהאַט נאָר אויף פינף טעג און דאַן — ענטוועדער זיך אונטערגעבען, אָדער שטאַרבען. דער דאָזיגער אויסוועג איז געווען אַזוי שרעקליך, אַז קיינער האָט וועגען דעם גאָרניט געוואָלט טראַכטען.

ספארטאק האָט געהייסען די חברים גוט אויספאָרשען די פּאָזיציע ארום זייער לאַגער, אפשר איז נאָך ערגיץ־וואו דאָ אַן אָרט, דורך וועלכען מ'קאָן זיך דורכרייסען מיט מעהר אָדער וועניגער זיכערהייט, אָדער איינציגווייז דורכגעהן אומבאמערקטערהייד פאר'ן שונא.

אָבער אזא אָרט איז ניט געווען.

עס זיינען געווען מעגליכקייטען זיך אויפצוהויבען נאָך העכער אויפ'ן בארג, אָבער דאָס וואָלט די לאַגע ניט פארבעסערט, אויב ניט פארערגערט. אָבער אַן אָרט דורך וועלכען מ'זאָל קאָנען אנטלויפען, איז אין ערגיץ ניט געווען. איבעראל איז דער בארג געווען אָפּגעריסען און האָט אויסגעזעהן ווי אַ הויכע וואנט, און אונטען — אָפּגרונדען, פינסטערע, טיעפע, אז ס'איז געווען אַן אימה אַ קוק צו טאָן, מ'האָט קיין גרונט ניט געקאָנט דערבליקען.

— נאָר אַ שטיין וואָלט זיך אהין געקאָנט ארונטערלאָזען, ניט קיין מענשען! — האָט טרויעריג געזאָגט ספארטאק, וואָס איז לאַנג געשטאַנען פארטראכטערהייד איבער דעם דאָזיגען פינסטערן, אימה'דיגען אָפּגרונד.

ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו ספארטאק איז געשטאַנען, האָבען עטליכע יונגע גאַללען, ליעגענדיג אויף דער ערד, געפלאָכטען פון שטאַרקע בויגזאַמע צווייגלאַך גרויסע פאנצערס, וועלכע זיי האָבען נאָכדעם באדעקט מיט פּאָרעשווע לעדער.

ספארטאק'ס בליק איז צופעליג געפאלען אויף די דאָזיגע פאנצערס.

איינער פון די גאַללען, באמערקינדיג ספארטאק'ס בליק, האָט שמייכלענדיג געזאָגט:

— מיר האָבען ניט קיין מעטאַלענע פאנצערס פאר אַלעמען, ווילען מיר אויספלעכטען אָט אזעלכע כל זמן מיר האָבען לעדער.

— די געטער זאָלען אייך דערפאר באצאָהלען! — האָט ספארטאק אויסגעשריען און, צוגעהענדיג נעהנטער צו זיי, האָט ער מיט גרויס אינטערעס גענומען באטראכטען זייער ארבייט.

— האָט איהר נאָך אַ סך לעדער? — האָט ער געפרעגט.

— ניין! מיר האבען לעדער גאך אויף צעהן פאנצערס, ניט מעהר, — האט איינער פון זיי געענטפערט.

— עס טוט מיר זעהר לייד, וואס אין וואלד וואקסט קיין לעדער ניט, — האט א צווייטער געענטפערט. — צווייגען אויף צום פלעכטען קאן מען דא קריגען וויפיעל מען וויל, אבער לעדער איז דא ניטא.

די דאזיגע ווערטער האבען ספארטאק'ן ארויפגעבראכט אויף א געדאנק, פון וועלכען זיין פנים האט גענומען שיינען.

ער האט אויפמערקזאם א קוק געטאן אויף די צווייגען וואס זיינען געלעגען אויף דער ערד און האט פריידיג אויסגעשריען:

— איך שווער ביי יופיטער'ן, מיר זיינען געראטעוועט!

אלע האבען איהם א קוק געטאן מיט פארוואונדערונג.

— ווי אזוי איז דאס? — האט ענאמאי געפרעגט.

— אט אויף אזא'ן אופן! — האט ספארטאק געענטפערט, אויפהויבענדיג פון דער ערד עטליכע צווייגלאך. — פון אט די צווייגלאך וועלען מיר אויספלעכטען א גאנץ לאנגען לייטער, איין ענד פון איהם וועלען מיך צובינדען צום פעלז און דאן וועלען מיר זיך איינציגווייז ארונטערלאזען אין אפגרונד. פון דארט וועלען מיר זיכער געפינען א וועג און מיר וועלען פלוצלונג אנפאלען אויף די רוימער.

— ספארטאק, דו רעדסט פון שלאף! — האט ענאמאי גע־זאגט.

— אויספלעכטען א לייטער, וואס זאל קאנען דערגרייכען דעם גרונט פון אט דעם תהום! איז דען מעגליך אזא זאך? — האט בארטאריקס געזאגט.

— דער, וואס האט נאר א שטארקען רצון, — האט ספארטאק זיי געענטפערט, — איז פאר איהם קיין אוממעגליכעס ניטא. — אונזער קאמפאניע באשטעהט פון 1200 מענשען, און אין פארלויף פון עטליכע שעה וועלען מיר אזא לאנגען לייטער קאנען אויס־פלעכטען.

זיין פעסטער גלויבען אין דער מעגליכקייט זיך צו רעטען האט ביסלעכווייז אנגעשטעקט אויף די אנדערע. בעת די פיער הונ־

דערט גלאַדיאַטאָרן, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד נאָך צווייגען, זיינען צוריקגעקומען מיט גרויסע בינט פרישע, ווייכע און עלאַסטישע צווייגען, קליינע און גרויסע, האָבען אַלע מיט אימפעט זיך צוגעכאַפּט צו דער אַרבייט. אַ טייל האָט געפלאָכטען די שטאַפּלען, אַנדערע האָבען זיי צוגעשניטען. צוויי שעה פאַר זונענאונטערגאַנג איז דער לייטער, כמעט נײַנציג פוס לאַנג, געווען פאַרטיג. ספּאַרטאַק האָט איהם אויפמערקזאַם באַקוקט, כדי זיך צו איבערצייגען אין זיין שטאַרקייט. ווי נאָר דער אָוועגד איז צוגעפאַלען, האָט די מחנה זיך גענומען קלייבען אין וועג אריין. יעדער צעהנדליג סאָלדאַטען האָט צונויפגעבונדען די געוועהר. דער לעצטער האָט זיך געדאַרפט אַרונטערלאָזען אויף אַ שטריק, וואָס איז צונויפגעפלאָכטען געוואָרען פון פאַרשיידענע שטיקלאַך שטאָפען, וואָס האָט זיך געפונען אין לאַגער. זיך אַרונטערלאָזענ־דיג אויפ'ן דעק פון אָפּגרונד, האָט יעדער צעהנדליג באַלד געדאַרפט קריגען זיינע געוועהר.

צו איין ברעג פון לייטער האָט מען צוגעבונדען צוויי גרויסע שטיינער און מ'האָט גענומען זיי אַרונטערלאָזען שטילערהייד. די דאָזיגע שטיינער האָט מען צוגעבונדען מיט אַ דאָפּעלטען ציעל: ערשטענס האָבען זיי געהאָלפען דעם לייטער זיך אַרונטערלאָזען, ניט פאַרטשעפּענדיג זיך אָן די שטיינער, וואָס האָבען אַרויסגע־סטאַרטשט; צווייטענס, האָבען זיי מיט זייער שווערקייט איינגע־האַלטען דעם לייטער ער זאָל זיך ניט שאָקלען אַזוי שטאַרק, בעת די מענשען וועלען זיך אַרונטערלאָזען. און אויסער דעם האָבען די שטיינער באַוויזען וויפיעל משא דער לייטער קאָן אויסהאַלטען, וואָרום דער שווערסטער פון די גלאַדיאַטאָרן איז געווען פיעל גרינגער פון די שטיינער. האָט דער לייטער אויסגעהאַלטען די שטיינער, וועט ער זיכער אויסהאַלטען אַ מענשען. און אַראָפּלאָזען זיך האָט מען באַדאַרפט איינציגווייז.

בעת אַלץ איז שוין געווען פאַרטיג, האָט ענאָמאַי דער ער־שטער זיך גענומען אַראָפּלאָזען. ווי דרייסט און מוטיג ער איז ניט געווען, האָט אויך זיין שטאַרק הארץ זיך אַ צאַפּעל געטאָן, בעת ער איז געבליבען הענגען איבער'ן פינסטערן און אימה'דיגען

תהום, וואָס האָט אָנגעבאָטען, קאָן זיין, אומעראַוואַרטע און אומ־פּאַראויסגעזעהענע געפאַהרען.

ספּאַרטאַק, זיך אַריבערבויגענדיג איבער'ן אָפּגרונד, האָט די אויגען ניט אַראָפּגעלאָזט פון זיין פריינד און מיט אַ ציטער האָט ער נאָכגעפאָלגט די טרייסלונגען פון לייטער, וואָס האָבען געוויזען וויפיעל שטאַפּלען זיין חבר איז שוין אַריבערגעגאַנגען. אויך אַנ־דערע גלאַדיאַטאָרן זיינען געשטאַנען ביים ראַנד פון תהום און האָ־בען מיט אָנשטרענגונג געקוקט אויף אונטען, הגם דער געדיכטער חושך האָט קיין זאַך ניט געלאָזט זעהן.

אין דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט האָט מען נאָר גע־הערט דעם שווערען אָטהעם פון דער טויזענד קעפּיגער גלאַדיאַטאָר־מחנה, וואָס האָט מיט אַ שווער געמיט ערוואַרט די לייזונג פון דער פראַגע: איז דאָ פאַר איהר אַ מעגליכקייט זיך צו רעטען, אָדער ניט?

די טרייסלונג פון לייטער האָט אָנגעהאַלטען אַרום דריי מינו־טען, דערנאָך האָט עס אויפגעהערט. די דאָזיגע דריי מינוטען זיינען פאַר די אָרימע גלאַדיאַטאָרן געווען דריי יאָהר.

אַ טיפער זיפץ פון ערלייכטערונג האָט זיך ניט ווילענדיג אַרויסגעריסען ביי זיי, בעת פון תהום האָט זיך דערהערט פריהער אַ שטילער און אומדייטליכער, דערנאָך אַ העכערער אויסגעשריי:

— הער!... הער!...

דאָס איז געווען דער אָפּגעמאַכטער סיגנאַל, וואָס מיט איהם האָט ענאָמאַי געלאָזט וויסען די חברים, אַז ער האָט בשלום דער־גרייכט דעם גרונט פון תהום.

דאַן האָבען די גלאַדיאַטאָרן מיט'ן גרעסטען אימפּעט זיך גע־נומען אַראָפּלאָזען איינער נאָכ'ן אַנדערן איבער דעם דאָזיגען אויסערגעוועהנליכען וועג, וואָס איז פאַר זיי געווען די איינציגע רעטונג פון אומפאַרמיידליכען אונטערגאַנג.

נאָהענט פון זעקס און דרייסיג שעה האָט געדויערט, איידער זיי האָבען זיך אַרונטערגעלאָזט, און ערשט באַגינען אויפ'ן צווייטען טאָג זיינען אַלע גלאַדיאַטאָרן געווען אונטען.

זיך באַהאַלטענדיג אין די פעלזען שפּאַלטען, האָבען זיי גע־

נומען וואַרטען די נאַכט זאָל צופאַלען, כדי זיי זאָלען קענען אומ־געריכט אָנפאַלען איוף די שלאָפענדיגע רוימער.

בעת די זון האָט גענומען פאַרגעהן, זיינען די גלאַדיאַטאָרן אַרויסגעגאַנגען פון זייער באהעלטענים און, זיך צוטיילענדיג אויף צוויי קאָנאַרטען, האָבען זיי זיך פאַרנומען אין פאַרשיידענע זייטען.

איין העלפט חיל, אונטער דער קאָמאַנדע פון ענאָמאַי׳ען, איז אַוועק צום ים, די צווייטע העלפט האָט ספּאַרטאַק געפיהרט אין דער ריכטונג צו נאָלא. אַזוי ווי ביידע רוימישע לאַגערן האָבען זיך געפונען כמט אויף דעם זעלביגען שטח פון טאָל, זיינען ביידע גלאַדיאַטאָר־מחנות אַרויסגעגאַנגען אין איין צייט, כדי אין איין צייט צו באַפאַלען ביידע רוימישע לאַגערן.

צוגעהענדיג צום לאַגער פון וואַלערי מעסאַלא, האָט ספּאַרטאַק זיך אָפּגעטיילט פון זיינע סאָלדאַטען און איז אַליין צוגעגאַנגען צום שוץ־וואַל.

ביים שיין פון די אויסגעלעגטע פייערן, אַרום וועלכע די נאַכט־וואַך האָט זיך געוואַרעמט, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו באַטראַכטען, ווי אַזוי דער לאַגער איז איינגעאָרדענט, פון וועלכער זייט דער טויער געפינט זיך, — קורץ, אַלץ וואָס ער האָט באַ־דאַרפט וויסען.

אומקעהרענדיג זיך צו זיינע סאָלדאַטען, האָט ספּאַרטאַק פאַר־זיכטיג זיי געפיהרט אין דער ריכטונג צום לאַגער־טויער, וואָס איז אויסגעקומען אין יענער זייט, פון וואַנען מ׳האָט קוים געקאָנט ערוואַרטען אַן אָנפאַל.

— ווער געהט דאָרט? — האָט דער וועכטער אויסגעשריען, בעת די גלאַדיאַטאָרן זיינען צוגעגאַנגען שוין גאָר נאָהענט, און, ניט באַקומענדיג קיין אַנטוואָרט, האָט ער גענומען שרייען:

— צו די וואָפען!

אָבער די גלאַדיאַטאָרן האָבען מיט גרויס אימפּעט זיך אַ וואָרף געטאָן אין גראָבען, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם לאַגער, און, שפּרינגענדיג איינער דעם צווייטען איוף די שולטערן, האָבען זיי מיט אַן אויסערגעוועהנליכער געשווינדקייט אַרויפגעקלעטערט

אויפ׳ן שויץ־וואל; און פון דאָרט האָבען זיי געשווינד גענומען אריבערשפרינגען איבער׳ן צוים.

דער ערשטער איז ספּארטאק אריבערגעשפרונגען איבער׳ן צוים און מיט איין קלאַפּ פון שווערד האָט ער אוועקגעלעגט דעם וועכטער.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבען א שרעקליכע שחיטה, וואָס קומט געוועהנליך פאָר ביי אומערווארטעטע ביינאַכטיגע אָנפאַלען אויפ׳ן שלאָפענדיגען שונא.

זייענדיג איבערצייגט, אז זיי זיינען פאָלשטענדיג אויסער געפאהר, האָבען די רוימער געשמאַק געשלאָפען.

עס איז דארום קיין וואונדער ניט, וואָס דער דאָזיגער אומגעריכטער אָנפאל האָט זיי אזוי צומישט, אז זיי זיינען כמעט ניט געווען פעהיג ארויסצואווייזען קיין ווידערשטאנד קעגען דעם גרויזאַמען אָנדראנג פון די גלאַדיאַטאָרן. דער גאנצער רוימישער לאַגער איז פארהילכט געוואָרען פון געשרייען און זיפצען, פון יאָמער און קללות. מאנכע צושראָקענע סאָלדאטען האָבען געבעטען מיטלייד און האָבען אוועקגעגעבען די וואפען. אין פארלויף פון א האלב שעה זיינען אויסגעה׳רג׳עט געוואָרען פיער הונדערט רוימישע לעגיאָנערען. די איבריגע זיינען אנטלאָפען אין טויט שרעק, וואוהין די אויגען האָבען זיי געטראָגען.

נאָר א מאַן פערציג פון די העלדישסטע לעגיאָנערען, אונטער דער קאָמאנדע פון וואלערי מעסאלא, האָבען געמאכט א פארזוך זיך צו שטעלען אנטקעגען די גלאַדיאַטאָרן און אָפּצושטעלען די, וואָס האָבען גענומען לויפען.

וואלערי אליין האָט געקעמפט בראש פון אלעמען און האָט ארויסגערופען ספּארטאַק׳ן אויף א דועל.

— עי, ספּארטאק, נידערטרעכטיגער פיהרער פון די פארהאַסטע מערדער! — האָט ער געשריען, — וואו בינסטו? וואוהין האָסטו זיך באהאלטען? האָסט מורא אויסצופּרובירען דעם שווערד פון א פרייען בירגער!

נים קוקענדיג אויפ׳ן ליאַרם, געשרייען און בהאזה פון די וואָפען, האָט ספּארטאק דערהערט דעם חוצפה׳דיגען ארויסרוף פון פּאַטריציע און האָט זיך א וואָרף געטאָן צו איהם שרייענדיג:

— אַט דאָ בין איך, הויכגעבאָרענער רוימישער מערדער, זון פון די וועלט רויבער און וועלט תליונים ! וואָס פארלאנגסטו פון מיר ?

— איך וויל דיר דורכשטעכען דורך און דורך און פאראומ־רייניגען דעם ערליכען רוימישען שווערד מיט דיין באַרבאַרישען בלוט ! — האָט וואלערי פרעך געענטפערט.

מיט איין קלאפּ האָט ספארטאק ביי איהם ארויסגעזעצט דעם פאנצער, מיט'ן צווייטען קלאפּ האָט ער איהם אַנידערגעוואָליעט אויף דער ערד. דאָס צווייטע מאָל האָט ער איהם אַ קלאפּ געטאָן איבער'ן שלעם מיט אזא קראפט, אז ער איז פארטויבט געוואָרען און אַנידערגעפאלען.

איצט איז ער איינגאנצען געווען אין ספארטאק'ס הענד.

אָבער ווי גרויס ספארטאק'ס כעס איז ניט געווען, האָט ער דאָך ניט פארגעסען, אז זיין פאריסענער, חוצפה'דיגער שונא איז אַ קרוב פון וואלעריא מעסאלא. און ספארטאק'ס האנד האָט זיך ניט אויפגעהויבען אויף צו דערלאנגען איהם דעם לעצטען קלאפּ — דעם טויט־קלאפּ. אוועקלייגענדיג ביידע רוימער, וואָס זיינען אונטער־געלאָפען העלפען זייער קאָמאנדיר, האָט ספארטאק אַ געשריי גע־טאָן צו וואלערי'ן :

— געה, פּאַטריציע, און דערצעהל אַלעמען, ווי אַ פאראאַסטער גלאַדיאַטאָר האָט דיר געשאָנקען דאָס לעבען !

און ער האָט געהייסען צוויי גלאַדיאַטאָרען ארויסטראָגען וואַ־לערי'ן פון לאגער, ניט טאָענדיג איהם קיין שום בייז.

אין עטליכע מינוטען ארום זיינען אַלע איבעריגע רוימער אויס־גע'הרג'עט געוואָרען, אויסשליסענדיג די אנטלאָפענע.

דער גאַנצער רוימישער לאַגער איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די זיעגער.

אין דער אייגענער צייט איז דאָסועלבע פאָרגעקומען אויף דער צווייטער זייט פון בארג אין דעם לאַגער פון קלאָודי גלאבר.

אויף אַזא אופן, אַ דאנק ספארטאק'ס איינפאל, האָבען טויז־זענד גלאַדיאַטאָרען באַזיעגט דריי טויזענד רוימער, פארנעהמענדיג

ביידע פיינדליכע לאגערן מיט אלע געצעלטען, פאָהנעס, געוועהר און פראָוויאנט.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָבעןביידע גלאַדיאטאָר־מחנות זיך באפעסטיגט אין קלאָוודי גלאבר'ס לאגער.

די ידיעה וועגען דעם דאָזיגען נייעם נצחון האָט נאָך פאַר־גרעסערט די פאניק אין די ארומיגע שטעדט.

פון דער קאפּוער שוהל זיינען די גלאַדיאטאָרן געלאָפען צו ספארטאק'ן מאסענוויין. טעגליך זיינען אָנגעקומען אין גלאַדיא־טאָרשען לאגער צו עטליכע הונדערט מאן. אין צוואנציג טעג ארום נאָך קלאָוודי'ס מפּלה, האָט ספארטאק געהאט אונטער זיין קאָמאנדע ארום זעקס טויזענד מאן.

ספארטאק איז מיט זיי אוועק אויף קאָלא, איינע פון די בליהענדע און פולבאָפעלקערטע שטעדט פון קאמפאניען.

איידער ער האָט אָנגעהויבען דעם אָנפאַל, האָט ער פאָרגע־שלאָגען מ'זאָל איהם פרייוויליג עפענען דעם שטאָדט־טויער, צו־זאָגענדיג דערפאר פאָלשטענדיגע זיכערהייט פאר די איינוואוינער און זייער אייגענטום.

דער שטאָדט-ראט האָט איהם דערין אָפּגעזאָגט און ער האָט אוועקגעשיקט עסטאפעטען אין נעאפּל און רוים מיט א בקשה אונטערצושיקען הילף.

אָט די אלע עסטאפעטען זיינען אָבער אריינגעפאלען אין ספארטאק'ס הענט און אויף אזא אופן איז נאָלא געבליבען אומ־באשיצט. שלעכט באוואפענט און אָפּגעוועהנטע זיך צו באנוצען מיט געוועהר, האָבען די בירגער אפילו א שעה ניט געקענט אויס־האלטען דעם אָנדראנג פון די גלאַדיאטאָרען. א דאנק זייערע לייטערס, האָבען די גלאַדיאטאָרען זיך אריינגעריסען אין שטאָדט כמעט אָהן פארלוסטען.

הגם ספארטאק האָט שטרענג פארזאָגט זיינע סאָלדאטען ניט אָנצורירען די איינוואוינער, אָבער, אויפגערייצטע פון יוידער־שטאנד, האָבען די גלאַדיאטאָרען אָנגעהויבען רויבען און הרג'ענען. ערשט נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען האָט זיך איינגעגעבען זיי איינ־צוהאלטען.

איינזעהענדיג, אז מיט ווערטער און געשרייען קען ער ניט ווירקען אויף די צורייצטע סאָלדאטען, האָט ער געהייסען, אז די סיגנאַליסטען זאָלען צונויפרופען די סאָלדאטען אין פארזאמלונגס־פונקט, אין מיליטערישער אָרדנונג. באלד נאָך דעם האָבען די גלאדיאטאָרען גענומען זיך צונויפקלייבען אויפ'ן מארק־פּלאַץ און זיך אויסשטעלען אין רייען. ספּארטאק האָט זיך געשטעלט אויף די טרעפּלעך פון צעראנס טעמפּעל און האָט זיך געווענדט צו די סאָלדאטען מיט צאָרנדיגע ווערטער:

— ווילט זיך אייך דען, געזעצלאָזע מענשען, באקומען א נאָמען פון מערדער און רויבער? מיינט איהר דען, אז אייערע ווילדקייטען איז דאס יענע פרייהייט, וואָס מיר טראָגען פאר די קנעכט? וועט איהר דען דערמיט באווייזען די רוימער, אז מיר פארדינען יענע רעכטען, וואָס זיי האָבען פון אונז אוועקגענומען? אָהן דעם האָבען מיר גענוג צרות פון דעם שלעכטען נאָמען, וואָס אונזערע שונאים האָבען אונז געמאכט. אנשטאָט צו באווייזען, אז אלע באשולדיגונגען פון אונזערע שונאים זיינען פאלשע, ווילט איהר גאָר זיי באַשטעטיגען מיט אייער שענדליכער אויפפיהרונג, איהר ווילט פארפלעקען די עהרע פון אונזער פאָהן — ס'קען זיין, פון דער הערליכסטער פאָהן, וואָס האָט ווען עס איז געפלאטערט איבער דער וועלט... און לוינט גאָר צו שטרעבען צו פרייהייט, לוינט גאָר צו שטרעבען צום נצחון, ווען מיר, ווערענדיג די זיגער, וועלען אויך אזוי געוויסענלאָז זיך באגעהן מיט די באזיעגטע, ווי די רוימער זיינען זיך באגאנגען מיט אונז?... אויב איהר ווילט, איך זאָל בלייבען אייער פיהרער, מוזט איהר שווערען, אז פון היינט אָן וועט איהר הייליג אויספאָלגען מיינע באפעלען און מיט קיין זאך ניט איבערטרעטען די דיסציפּלין. אויב ניט, קען איך לענגער ניט בלייבען אייער פיהרער.

מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבען די גלאדיאטאָרען אויסגע־הערט די גערעכטע פאָרוואורפען פון זייער פיהרער. און, בעת ער האָט געענדיגט, האָבען זיך אלע צו איהם א וואָרף געטאָן, געקושט איהם די הענט, געבעטען ער זאָל זיי מוחל זיין, און זיי האָבען

געשוואָרען מעהר ניט איבערצוטרעטען די דיסציפּלין, וואָס ער האָט איינגעפיהרט.

די באַ:גטע איינוואוינער האָבען איהם צוגעשטעלט אַ מאַסע פּאַר״יי-דענע וואַפען, וואָס זיינען צוטיילט געוואָרען צווישען די ניי־אָנגעקומענע סאָלדאַטען.

אין פאַרלויף פון די צוויי חדשים, וואָס ספּאַרטאַק איז גע־שטאַנען אונטער נאָלאַ, איז זיין ארמיי אויסגעוואַקסען ביז אַכט טויזענד. ער האָט זי צוטיילט אויף צוויי לעגיאָנען, און ער אַליין פלעגט יעדען טאָג זיי מושטירען. ער האָט אין זיין ארמיי איינ־געפיהרט אַזאַ מוסטערהאַפטע אָרדנונג און אַזאַ אייזערנע דיס־ציפּלין, אַז די איינוואוינער זיינען געווען איבערראַשט פון דער אָרדנונג, וואָס האָט געהערשט אין שטאָדט. די גלאַדיאַטאָרען האָבען קיינעם ניט באַליידיגט און ניט באַלעסטיגט.

אין רוים האָט מען דערוויילע באַשלאָסען ארויסצושיקען געגען די גלאַדיאַטאָרען אַ נייע ארמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם פּרעטאָר פּובלי וואַריני.

מיט עטליכע טעג פריהער, איידער דער דאָזיגער פּרעטאָר איז מיט זיין ארמיי ארויסגעטראָטען פון רוים, זיינען פון וואַלד, וואָס איז געלעגען ניט ווייט פון שטאָדט, שפּעט ביינאַכט ארויסגעגאַנ־גען איבער צוויי טויזענד מענשען און האָבען זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג צו קאַמפּאַניען. ניט פיעלע פון זיי זיינען געווען באַוואָפענט מיט שווערדען, די איבעריגע זיינען געווען באַוואָפענט מיט וואָס ס׳האָט זיך געמאַכט: מיט העק, מיט האַמערס, מיט שטיקער אייזען און מיט פלעקער.

דאָס זיינען געווען גלאַדיאַטאָרן פון פאַרשיידענע גלאַדיאַטאָר־שוהלען. זיי האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין וואַלד איינציגווייז, איצט האָט זיי קריקס געפיהרט צו ספּאַרטאַק׳ען.

מען קען זיך פאָרשטעלען, ווי די גלאַדיאַטאָרען האָבען זיך געפרעהט מיט דער דאָזיגער נייער פאַרשטאַרקונג. איצט איז זייער ארמיי באַשטאַנען פון צעהן טויזענד.

ספּאַרטאַק האָט באַגעגענט קריקס׳ן, ווי אַ לייבליבען ברודער, איהם האָט ער געליעבט און געאַכט מעהר פון אַלע זיינע חברים.

אין צוויי טעג ארום נאָך זיין אָנקומען, האָבען די אויסזעהער ראַפּאָרטירט ספּארטאַק׳ען, אז דער פּרעטאָר פּובלי וואַריני דער־נעהנטערט זיך מיט זיין ארמיי גאַנץ געשווינט. ספּארטאַק האָט געהייסען ביינאַכט ארונטערנעמען דעם לאַגער און זיך א לאָז טאָן דעם געגנער אנטקעגען.

### צוועלפטער קאפיטעל.

## פון דער קאַזילינער שלאַכט ביז דער אַקווינער.

וואריני איז געווען א מענש פון א יאָהר פינף און פערציג. ער האָט געשטאַמט פון פּלעבייער. א דרייסטער, שטאַרקער, מיט א סך אויסדויער, געמעסיגט אין עסען און טרינקען, איז ער באַזעסען אַלע אייגענשאַפטען פון א רוימישען זעלנער. צו אכצעהן יאָהר איז ער אָנגעקומען אין מיליטערישער דינסט, האָט אנטייל גענומען אין די מלחמות, וואָס מאריוס און סוללא האָבען געפיהרט און אין אנדערע מלחמות. קורץ, דאָס איז געווען א ערפאַהרענער גוטער ארמיי פיהרער, כאָטש ער האָט זיך ניט אויסגעצייכענט מיט א באַזונדערען פארשטאַנד.

ער איז ארויסגעטראָטען געגען די גלאַדיאַטאָרן מיט אַן ארמיי פון אכט טויזענד, שוין אריינגערעכענט דריי הונדערט קאַוואַלעריסטען אונטער טיבורטינ'ס קאָמאַנדע.

וואריני האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער ביי גאַעטאַ, און טיבורטינ'ען האָט ער אוועקגעשיקט אויסגעפינען, וואו ספּאַרטאַק געפינט זיך, און ווי גרוים זיינע קרעפטען זיינען.

ווען וואריני האָט זיך דערוואוסט, אז די צאָהל פון די רעבעלען האָט שוין דערגרייכט צעהן טויזענד, אז זיי געפינען זיך ביי נאָלא און, קענטיג, אז דאָרט ערוואַרטען זיי דעם אָנפאַל פון די רוימער, האָט ער געפונען פאַר בעסער איינצוטיילען זיין חיל אין צוויי גרופּען און זיי צו פיהרען מיט צוויי כמעט פּאַראַלעלע וועגען, כדי אָנצופאַלען אויף די גלאַדיאַטאָרן פון צוויי זייטען מיט אמאָל. ער האָט אויסגערעכענט אויף זיי אָנצופאַלען פון הינ־

טען, אין דער איינענער צייט בעת זיין קוועסטאָר, קעני פורי, וועט אויף זיי אָנפאלען פון פראָנט.

דעם ראָזיגען פלאַן האָט מען בשום אופן ניט געקענט האלטען פאר א שלעכטען, ווען ספארטאַק וואָלט ווירקליך געבליבען אין זיין לאַגער. די זאך איז אָבער, וואָס ספאַרטאַק איז געווען א סך קלינער, ווי וואַריני האָט איהם געהאלטען.

ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אז די רוימישע חיל האָט זיך צוטיילט, האָט ער באלד פארשטאַנען וואריני'ס אבזיכט און האָט באשלאָסען ניט צו לאָזען איהם דורכפיהרען זיין פלאַן. ספאַרטאַק'ס פלאַן איז געווען זיך א וואָרף צו טאָן אין מיטען צווישען שונא'סביידע מחנות און זיי צוקלאַפען.

איינע פון די מערקווירדיגע אייגענשאַפטען, וואָס איהר איז ספאַרטאַק געווען פארפליכטעט מיט'ן גרעסטען טייל פון זיינע זיעגען, איז געווען די פלינקייט, מיט וועלכער ער האָט באגריפען די אומשטענדען פון זיין לאַגע און מיט וועלכער ער האָט אויס־געפיהרט זיינע באשלוסען. ער האָט אויך פארמאָגט א באזונדערע פעהיגקייט זיך צו צופאַסען צו די אומשטענדען.

צוגעהענדיג ביז טריפערן, איז פורי געוואָהר געוואָרען, פון זיינע אויסזעהער, אז ספאַרטאַק האָט פארלאָזט זיין לאַגער און געפינט זיך איצט ניט ווייט פון איהם — א שטרעקע פון איין טאָג גאַנג. אָבער אזוי ווי וואריני האָט איהם פארזאָגט אליין ניט אָנצוהויבען די שלאַכט, האָט ער באשלאָסען זיך צו פארנעמען צו קאַפּוא און דאָרט ווארטען אויף נייע אינסטרוקציעס פון זיין קאָמאַנדיר.

אויסרעכענענדיג אויף אזא'ן אופן אויסצומיידען די באַ־געגענים מיט ספאַרטאַק'ען, האָט ער גאָרניט אָנגעהויבען צו פאר־רעכטיגען, אז יענער האָט בדעה זיך צו פארקירעווען אין דערזעל־ביגער זייט.

ביי קאזילין, וואָס האָט זיך פרייוויליג אונטערגעגעבען ספאר־טאַק'ען, האָט פורי אומגעריכט זיך אָנגעשטויסען אויפ'ן גלאַדיאַ־טאָרשען לאַגער.

און פאר ספאַרטאַק'ען אליין איז דאָס געווען א אומער־

ווארטקייט, ווייל, זיך פארנעמענדיג אָן א זייט, האָט ער אויס־נערעכענט דורכצולאָזען פורי'ן פאָראויס און אָנפאלען אויף איהם פון הינטען.

בעת באָרטאָריקס, וואָס האָט קאָמאנדריט מיט דער קאוואַ־לעריע פון די גלאַדיאטאָרען, האָט ראפּאָרטירט וועגען דער דער־נעהנטערונג פון קוועסטאָר, האָט ספּאַרטאַק אין דער ערשטער מינוט ניט געוואָלט גלויבען. ער האָט זיך אָבער געשווינט פאַר־געשטעלט, ווי אזוי דאָס האָט געקענט געשעהן און האָט געהייסען די סיגנאַליסטען צונויפרופען די מחנה אויף דעם באַשטימטען פּלאַץ און דאן ארויספיהרען דעם ערשטען לעגיאָן אויפ'ן אָפענעם פעלד, אויסשטעלענדיג איהם אין צוויי רייהען.

פאר'ן פראָנט האָבען זיך אויסגעצויגען ווי א לאַנגע קייט די ווארפער און די לייכטע פוסגעהער, וואָס האָבען געדארפט אָנ־פאַלען אויפ'ן שונא, ווי נאָר ער וועט זיך באווייזען פון הינטער די דערבייאיגע בערג. דער צווייטער לעגיאָן, וואָס איז געווען צוטיילט אויף צוויי טייל, האָט פארנומען ביידע פלאַנגען פון דער שלאַכט פּאָזיציע, זיך באַהאַלטענדיג צווישען די קאָרן און די וויינ־טרויבען קוסטען. אין ברען פון דער שלאַכט האָט ער געדארפט ארומרינגלען די רוימער פון ביידע פלאַנקען און פון הינטען.

באַגינען האָט די רוימישע פאָדערשטע מחנה זיך באוויזען פון הינטער די בערג און האָט זיך באַלד אומגעקערט צוריק אונטער א האָגעל שטיינער און שליידער־העלצער, וואָס די גלאַדיאטאָרן האָבען גענומען ווארפען.

ספּאַרטאַק האָט געהייסען סיגנאַליזירען אויף אן אטאַקע, ווע־לענדיג אָנפאלען אויפ'ן שונא פריהער, איידער ער וועט באווייזען זיך צו מאכען קאַמפּספאַרטיג.

דער העלדישער פורי האָט זיך ניט פארלאָרען און האָט באַלד ארויסגעשיקט פאָראויס א מחנה לייכטע פוסגעהער און ווארפער, איידער ער האָט איינגעאָרדענט די איבעריגע רייהען.

אַלע זיינע באפעלען זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען מיט א מערקווירדיגער געשווינדקייט. פונדעסטוועגען האָבען די רוימער ניט באוויזען זיך גרייט צו מאכען, ווי געהעריג איז, בעת די גלאַ־

דיאטאָרן זיינען באַפאַלען אויף זייער פאָרערשטער מחנה און גענצוואונגען זי אָפּצוטרעטען.

ס׳איז פאָרגעקומען א פארביטערטער קאַמפּף.ביידע צדדים האָבען העלדיש געקעמפט. אָבער די גלאַדיאטאָרן האָבען איי־בערגעשטייגט די רוימער אין צאָהל, און דארום האָבען די רוימער ניט געקענט ביישטעהן. ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען, זיינען זיי געפאַלען ביז׳ן לעצטען. צווישען די גע׳הרג׳עטע איז אויך געוועזן פורי.

אויפ׳ן צווייטען טאָג נאָך דעם דאָזיגען נייעם נצחון, וואָס האָט די גלאַדיאטאָרן געקאָסט ניט פיעל מענשליכע לעבענס, האָט ספּאַרטאַק געפיהרט זיין ארמיי אויף וואַריני׳ן, וועלכער, לויט די ידיעות, וואָס ספּאַרטאַק האָט באַקומען, האָט זיך געפונען ביי דעם קלאַוודינישען טאָל.

די שלאַכט, וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען, איז געוועזן זעהר א בלוטיגע און זי האָט אָנגעהאלטען פון האַלבען טאָג ביז זונען־אונטערגאַנג. איבער צוויי טויזענד רוימער זיינען געפאַלען אין דער דאָזיגער שלאַכט. דער קלאַוודינישער טאָל איז שוין דאָס צווייטע מאָל פאַר די רוימער געוועזן א שלים־מזל׳דיגער אָרט.

די צאָהל פון די פאַרוואונדעטע האָט איבערשטייגט אָנדער־האַלבען טויזענט, דער גרעסטער טייל פון זיי איז ארייננגעפאַלען אין געפאַנגשאַפט. אָבער ספּאַרטאַק האָט זיי אָפּגעלאָזט, נאכדעם ווי ער האָט זיי ענטוואָפענט. ער האָט איינגעזעהען, אז אזא גרויסע צאָהל געפאַנגענע וועט פאַר איהם זיין צו לעסטיג און צו געפעהרליך צו האַלטען ביי זיך אין לאַגער. עס זיינען געוועזן פאַרוואונדעט וואַריני אַליין און עטליכע טריבונען.

אויך די פאַרלוסטען פון די גלאַדיאַטאָרן זיינען געוועזן ניט קליין אין דער דאָזיגער שלאַכט. ארום צוויי הונדערט פופציג מענשען זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען, און ארום פינף הונדערט זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען.

דער פאַרוואונדעטער וואַריני האָט זיך באַהאַלטען אין אַליף, ער האָט געהאָפט צונויפצוקלייבען דאָרט די רעשטלאָך פון זיין חיל. בעת אָבער ער האָט זיך דערוואוסט, אז זיין מפלה איז פיעל

גרעסער, ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, און אז זיין קוועסטאָר איז געפאַלען אין שלאַכט, איז ער געוואָרען העכסט פארצווייפעלט און האָט זיך אָפּגעטראָגען אין רוים, ניט האָבענדיג מעהר קיין מעגליכקייט פאַרטצוזעצען די מלחמה. די גאַנצע געגענד פון קאַמפּאַניען איז איבערגעלאָזט געוואָרען אויף גאָט'ס בארֶאָט.

די דאָזיגע צוויי גלענצענדע זיעגען, וואָס ספּארטאַק האָט געהאַט אין פארלויף פון דריי טעג, האָבען איהם נאָך מעהר פּאָ־פּולער געמאַכט און אין דער אייגענער צייט האָבען זיינע צוויי נצחונות אויפגעטרייסעלט גאַנץ דרום איטאַליען.

דערווייל זיינען זיינע רייהען אויסגעפילט געוואָרען מיט נייע פינף הונדערט מאַן, גלאַדיאַטאָרען, וואָס זיינען אַנטלאָפען פון באַטיאַט'ס שוהל, אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם גאַלל ברעזאָוויר.

אויף זיין עצה איז ספּארטאַק געגאַנגען אויף קאַפּוא, כדי צו באַפרייען די איבעריגע פינף טויזענד גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָ־בען זיך נאָך אַלץ געפונען אין דער שוהל.

איינגעשראָקענע פון ספּארטאַק'ס זיעגען איבער נאָלאַ, האָ־בען די קאַפּוער אויף ספּארטאַק'ס פארלאַנג איהם ארויסגעגעבען אַלע גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָבען זיך געפונען ביי זיי אין שטאָדט, און ספּארטאַק האָט דאַן ארונטערגענומען די באַלאַגערונג.

ער האָט ווידער אויפגעשלאָגען זיין לאַגער אונטער נאָלאַ און האָט גענומען לערנען דעם נייעם לעגיאָן.

דערווייל האָט פּרעטאָר וואַריני פאָרמירט אַ נייע ארמיי. לעלי קאָסיני איז באַשטימט געוואָרען פאַר קוועסטאָר, אויפ'ן אָרט פון דעם גע'הרג'עטען פורי. קאָסיני איז געווען דער אומ־וויסענדסטער און באַשרענקסטער פון אַלע טריבונען.

אויף וואַריני'ס באַפעהל האָט קאָסיני, מיט אכט קאָגאָרטען סאָלדאַטען, פארנומען באָוויאַן, כדי צו שטערען ספּארטאַק'ן ארייננצודרינגען אין סאַמניום. וואַריני אַליין האָט נאָך אַלץ גע־זאַמעלט חיל אין די ארומיגע פּראָווינצען.

איבערגעבענדיג זיין לאַגער קריקס'ן, איז ספּארטאַק צוגע־גאַנגען צו באָוויאַן און גענומען ארויסרופען קאָסיני'ן אויף אַ

שלאכט. קאסיני האָט דעם אויסרוף ניט אָנגענומען און האָט זיך פארמאכט אין פעסטונג.

דאָס האָט ספּארטאַק'ן קלאָר געמאכט וואריני'ס פּלאַן, און ער האָט באַשלאָסען איהם ניט צו לאָזען אָנקלייבען א נייע ארמיי. דער גלאדיאטאָר־לעגיאָן, אונטער ענאָמאַי'ס קאָמאנדע, איז גע־בליבען ארום באָוויאַן, און ספּארטאַק מיט ניט קיין גרויסער מחנה קאַוואלעריע האָט זיך אומגעקעהרט אין נאָלאַ.

אין לאַגער האָט ער געהערט גוטע נייעס. אין זיין אבוועזענהייט האָט דער גלאדיאטאָר גראניק מיט זיך געבראכט איבער פינף הונדערט גאללען, הערמאנען און פראנקיער, פון דער ראַ־ווענער גלאַדיאטאָר־שוהל, אויף אזא'ן אופן איז די גלאדיאטאָר ארמיי שוין באשטאנען נאָהענט פון צוואנציג טויזענד. די צווייטע אנגענעהמע אומערווארטקייט איז פאר ספּארטאַק'ן געווען די באגעגענים מיט זיין שוועסטער מירדזא, וועלכע איז איצט געווען אזא פרייער מענש, ווי ער אליין. וואלעריא האָט זי באפרייט.

— ספּארטאַק!... ספּארטאַק!... ליעבער, געליעבטער ברודער מיינער! — האָט מירדזא אויסגעשריען מיט פרייד, און איז איהם ארויפגעפאלען קוסען, — אָה, ווי איך האָב געציטערט איבער דיר, דו ביזט דאָך די גאנצע צייט אין געפאהר! אָה, ווי איך האָב געציטערט איבער דיר! ברודער! געליעבטער ברודער מיינער!

איהרע אויגען זיינען פארלאָפען געוואָרען מיט טרערען, דאָס זיינען געווען טרערען פון פרייד, און זי האָט פאָרטגעזעצט:

— איך האָב געמיינט, דו ביזט אפשר פארוואונדעט, אפשר נויטיגסטו זיך אין הילף, אין א מענשען, וואָס זאָל דיר צוזעהן. און ווער קען דאָס אזא זאך טאָן פאר דיר, אויב ניט איך?... זאָלען די געטער איהר באצאָהלען פאר איהר גוט הארץ! זי האָט מיר אָפּגעלאָזט! אינגאנצען באפרייט! איך פלעג אלץ וויינען... איך פלעג אלץ בעטען מיין גוטע ווירטין, זי זאָל מיר אָפּלאָזען צו דיר... און זי האָט מיר באפרייט... איצט בין איך ניט קיין שקלאפין! איך קאָן איצט בלייבען מיט דיר אויף אייביג!

זי האָט געלאכט און געוויינט פאר פרייד און ווידער האָט זי זיך א וואָרף געטאָן אויפ'ן ברודער און איהם גענומען קושען.

מיט עטליכע טריט ווייטער פון דער דאָזיגער גרופּע איז, שווייגענדיג, געשטאַנען אַרטאַריקס, וואָס ער איז צוזאַמען מיט גראַניק׳ן אָנגעקומען פון ראַווענאַ, און האָט מיט אַ מילדען שמייכעל געקוקט אויף דער דאָזיגער ריהרענדער סצענע, אויסוואַרטענדיג, אַז ספּאַרטאַק זאָל איהם באַמערקען.

— אַרטאַריקס! — האָט ספּאַרטאַק אויסגעשריען, זיך וואַרפענדיג אין דעם יונגען מאַנ׳ס אומאַרמונגען, — און דו ביסט אויך דאָ! געטער! וויפיעל אומערוואַרטעטע פריידען האָט איהר מיר אויף אַמאָל צוגעשיקט!

אין דערזעלביגער צייט האָט דער דעקוריען געמאָלדען ספּאַרטאַק׳ען, אַז אַ יונגער סאָלדאַט, וואָס איז געקומען פון רוים, וויל איהם זעהן.

דער פּאַרוואונדעטער ספּאַרטאַק האָט געהייסען איהם אַריינפיהרען.

דער אומבאַקאַנטער האָט אויסגעזעהען אויפ׳ן פּנים, ווי אַ אינגעל פון אַ יאָהר פופצעהן, זעכצעהן. אָנגעטאָן איז ער געווען זעהר רייך. זיין לאַנגער זילבערנער רינג־פּאַנצער איז ביים סטאַן געווען איינגעצויגען מיט אַ זילבערנעם גאַרטעל מיט גאָלדענע באַפּוצונגען. זיין שלעם איז אויך געווען אַ זילבערנער, מיט אַ גאָלדענער שלאַנג פון אויבען. אַ קליינער שווערט מיט אַ שעהנער הענטעל איז געהאַנגען אויף אַ דיקער פלאַכער גאָלדענער קייט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון רעכטען שולטער אויף דער לינקער זייט. אייזערנע קני־רינגען און אַרמבענדער האָבען פאַרפאָלקאָמט די טואַלעטע פון דעם דאָזיגען שרעקליכען מיליטערישען יונגען מאַן.

זיין פּנים איז געווען וויים, ווי מאַרמאָר, און צאַרט, ווי ביי אַ קינד, מיט גרויסע בלישטשענדע אויגען, וואָס האָבען געהאַט אַ אומבאַשטימטען קאָליר, גרוי, בלויליך אָדער גרינליך — ס׳איז שווער געווען צו באַשטימען. דער דרייסטער, כמעט חוצפּה׳דיגער אויסדרוק פון די דאָזיגע אויגען האָט גאַרניט האַרמאָנירט מיט׳ן ווייסען מילדען פּנים פון דעם דאָזיגען יונגען בחור׳ל מיט די געדיכטע לאָקאָנעס גאָלדיגע האָר, וואָס האָבען זיך אַרויסגעזעהן פון אונטער זיין שלעם.

— ווער ביסטו ? און וואָס פארלאנגסטו פון מיר ? — האָט ספארטאק געפרעגט.

— דאָס בין איך, ספארטאק !.. — דערקענסטו מיר ניט ?

— האָט דער יונגער מאן געענטפערט.

אי זיין שטים או זיין פנים זיינען איצט ספארטאק'ען פאר־געקומען באקאנט. ער האָט זיך צוגעקוקט אויפמערקזאמער און האָט אויסגעשריען :

— קאָן דאָס זיין ? דו ?... איז דאָס מעגליך ?... דו ?...

— איך עווטיבידא ! — האָט אונטערגעזאָגט דאָס פארקליי־דעטע גריכישע מיידעל, — —יאָ, דאָס בין איך.

— אָבער דו ביסט א פרוי, ביסט געוואוינט צו לוקסוס און באקוועמליכקייטען. וואָס ווילסטו דאָ טאָן ?

— וואָס וויל איך טאָן ? דאָס, וואָס איהר אלע טוט. איך וויל נקמה נעמען פאר דעם טויט פון מיין פאָטער און פון מיינע ברידער, פאר דער שקלאפרעיי פון מיין מוטער, פאר מיין אייגענע שקלאפעריי, וואָס האָט פארגיפטעט מיין יוגענד, פאר מיין רואי־נירטען פאטערלאנד, פאר אלץ, פאר אלץ, וואָס מיר איז אויס־געקומען אויסצושטעהן פון די רוימער ! און דו פרעגסט, וואָס איך וועל דאָ טאָן !

דאָס מיידעל'ס פנים האָט אויסגעדריקט אזא האס און אזא ענטשלאָסענהייט, אז ספארטאק האָט זיך פארלאָרען. וואָס האָט ער געקאָנט איינווענדען געגען דער ענטשלאָסענהייט פון א מענ־שען, וואָס וויל קעמפפען קעגען די רוימער ?

— אויב אזוי וועל איך דיר ניט שטערען, — האָט ער געזאָגט אויסשטרעקענדיג איהר די האנד, — בלייב מיט אונז און קעמף, אויב דו וועסט קאָנען.

— איך קאָן טאָן אלעס, וואָס איך וויל נאָר ! — האָט עווטי־בידא שטאָלץ געענטפערט. — פון יענעם טאָג אָן, זינט דו האָסט אויפגעהויבען די פאָהן פון אויפשטאנד, האָב איך די גאנצע צייט זיך געלערנט פעכטען און רייטען.

— אין וועלכער אפטיילונג זאָל איך דיר פארעכנענ ?

— די צייט וועט ווייזען, וואו מיין אָרט איז, — האָט עווטי־

בידא געענטפערט, — דערוויילע ערלויב מיר צו בלייבען אונטער דיין פערזענליכער קאָמאנדע. קאָמאנדירענדיג אזא גרויסע ארמיי, האָסטו דען די מעגליכקייט אין דער צייט פון שלאכט איבערלאָזען זיך אויף אליין צו באווייזען ? מוזט דאָך אימיצען האָבען ביי זיך פאנאנדערצושיקען דיינע באַפעהלען און פאראָרדענונגען.

ספארטאק האָט איינגעזעהען, אז איהר באמערקונג איז ביים וועג.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — איך וועל זיך איבערלייגען, איך וועל זיך בעראטען מיט מיינע חברים.

— און איצט וויל איך נאָר דיר איבערגעבען דאָס גאָלד, וואָס איך האָב מיט זיך געבראכט.

זאָגענדיג דאָס, האָט עווטיבידא א פייף געטאָן און א שקלאף האָט זיך באוויזען, פיהרענדיג פאר'ן צאהם א פערד, וואָס צו זיין זאָטעל זיינען געווען צוגעבונדען צוויי זעקלאך מיט גאָלד.

עווטיבידא האָט אוועקגעגעבען די רעבעלען איהר גאנצען פארמעגען, וואָס האט באטראָפען ארום זעקס הונדערט טאלאנטעס.

דער מיליטערישער ראט, וואָס ספארטאק האָט צוליב דעם פאררופען, האָט באשלאָסען פאר דעם גאָלד איינצוקויפען פארשי־דענע וואפען און פערד אויף צו פארשטארקען די קאוואלעריע. דער מיליטערישער ראט האָט אויך אָנגענומען עווטיבידא'ס פאָרשלאג צו ווערען ספארטאק'ס א מיטהעלפערין און צוזאמען מיט איהר האָט דער ראט באשטימט נאָך צעהן יונגע מענשען פאר דער דאָזיגער דינסט. עס איז אויך באשלאָסען געוואָרען אויסצו־דריקען עווטיבידא'ן א דאנק אין נאָמען פון דער גאנצער אָרמיי.

נאָך דעם איז ספארטאק אוועק מיט בארטאריקס'ן אין באָוויאַן, כדי זיך צו פאראייניגען מיט ענאָמאי'ען, און גראניק'ן מיט קריקס'ן האָט ער איבערגעלאָזט אין נאָלא, וואו זיי האָבען געדארפט איינמושטירען די נייע סאָלדאטען.

אָנקומענדיג אין באָוויאַן, האָט ספארטאק זיך דערוואוסט, אז ענאָמאי איז נאָך מיט צוויי טעג צוריק אוועק צו סומאָלנא, וואו וואריני האָט זיך געדארפט געפינען, און קאסיני, זיך דערוויסענדיג, אז ענאמאי איז אוועק ווייטער, איז ארוים פון זיין פעסטונג. עס איז קענטיג געווען, אז קאסיני'ס אבזיכט איז געווען אָנצופאלען

אויף די גלאַדיאַטאָרן פון הינטען, בעת זיי וועלען אָנהויבען די שלאַכט מיט וואַריני'ן.

ספּאַרטאַק האָט פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר א גרויסער געפאַהר דער ניט ווייט זעהענדיגער ענאמאי האָט זיך אוועקגע־שטעלט און ער האָט זיך אונטערגעאיילט איהם אַרויסצוהעלפען. ניט לאָזענדיג זיינע סאָלדאַטען זיך אָפּרוהען, האָט ער זיי האַסטיג געפיהרט אויף צו אַטאַקירען קאַסיני'ן.

קאַסיני האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם, ווי אַן'אַרמיי דאַרף זיך געוועהנליך באַוועגען, בעת ספּאַרטאַק מיט זיין חיל איז געגאַנגען האַסטיגער, ווי געוועהנליך. אויף אַזאַ'ן אופן האָט ער איהם אויפ'ן דריטען טאָג אָנגעיאָגט און איהם דערלאַנגט א טויט־קלאַפּ.

פאַרשעהמט און פאַרצווייפעלט, איז קאַסיני געגאַנגען דעם טויט אנטקעגען, זיך אריינשניידענדיג אין די גלאַדיאַטאָרישע רייהען.

מיט דעם זעלבינען אימפּעט איז ספּאַרטאַק געגאַנגען ווייטער און איז אָנגעקומען פּונקט אין דער צייט, בעת ער האָט געקאָנט ראַטעווען די חברים פון א זיכערער נידערלאַגע.

זייענדיג געדריקט פון א געגנער, וואָס איז געווען שטאַרקער פון איהם, האָט ענאמאי'ס מחנה שוין אָנגעהויבען נאָכצוגעבען. אָבער ספּאַרטאַק'ס פּלוצלונגער אָנקומען האָט באַלד געענדערט די לאַגע און האָט באַשטימט דעם שיקזאַל פון דער שלאַכט. וואַריני איז צוקלאַפּט געוואָרען און האָט זיך צוריקגעצויגען מיט גרויסע פאַרלוסטען.

נאָך דריי טעג רוה, האָט ספּאַרטאַק געפיהרט זיין אַרמיי ווייטער. ער איז אַרומגעגאַנגען די גאַנצע פּראָווינץ לאַציום און האָט אין איהר פאַרנומען עטליכע שטעדט. דערווייל זיינען צו איהם צוגעשטאַנען אַזוי פיעל נייע גלאַדיאַטאָרן און שקלאַפען, אז ער האָט פון זיי צונויפגעשטעלט צוויי נייע לעגיאָנען, גוט באַוואַפענטע.

דערווייל האָט אָבער וואַריני אויך באַוויזען אָנצוזאַמלען א נייע אַרמיי און דערצו האָט ער נאָך באַקומען פאַרשטאַרקונג פון רוים.

וועלענדיג אפוואשען פון זיך די שאנד פון זיינע פריהערדיגע מפלות, איז דער אומדערשראָקענער פּרעטאָר וואריני איצט געגאנגען אויף די גלאַדיאַטאָרן בראש פון אן ארמיי, וואָס איז באשטאַנען פון אכצעהן טויזענט מאן.

דערהערענדיג, אז וואריני דערנעהנטערט זיך, איז ספּארטאַק ארויסגעגאנגען איהם אנטקעגען.

די געגנער האָבען זיך צוזאמענגעשטויסען אונטער אקווין.

דאָס איז געווען די ערשטע שלאַכט, בעת ספּארטאַק האָט זיך באגעגענט מיט די רוימער אויף אָן אָפענעם פעלד און בעת די קרעפטען פוןביידע צדדים זיינען געווען כמעט גלייכע. ביז איצט זיינען ספּארטאַק׳ס זיעגען געווען צופעליגע: פּלוצלינגע אָנפאַלען, אָדער נאכלעסיגקייטען פון די רוימישע ארמיי־פיהרער. אין דער איצטיגער אקווינער שלאַכט האָט ספּארטאַק צום ערשטען מאָל ארויסגעוויזען יענעם מאָראלישען איינפלוס אויף זיינע סאָלדאַטען, יענע פעהיגקייט זיי צו דערמוטיגען און אריינצוגיסען אין זיי קרעפטען, וואָס בילדען דעם סוד פון די גרויסע ארמיי־פיהרער.

וואריני האָט זיך געשלאָגען מיט פארצווייפלונג, כדי צו באשיצען די עהרע פון דער רוימישער פאָהן. אין דער דאָזיגער שלאַכט זיינען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען איבער פיער טויזענט רוימער. וואריני אליין איז פארוואונדעט געוואָרען פון ספּארטאַק׳ס שווערד. פיער פערד זיינען אונטער איהם געפאַלען, עפּעס ווי דורך א נס האָט ער זיך געראַטעוועט פון טויט. די גלאַדיאַטאָרן האָבען פארכאַפּט דעם גאַנצען לאַגער, די פוהרען מיט פּראָוויאַנט, די וואַפען און די פאָהנעס פון זעקס ליקטאָרן. נאָך קיינמאָל האָט ספּארטאַק ניט געהאַט אַזא גרויסען זיעג.

13־טער קאפיטעל.

# די ענדערונג אין דער גלאַדיאַטאָרישער אַרמיי. דער טויט פון ליקטאָר סימפּליציאַן.

נאָך דער מפלה ביי אקווין האָט וואריני אָפּגעטראָטען צו נארבא צו מיט די רעשטלאָך פון זיין ארמיי — ארום טויזענט מענשען. דאָ האָט ער זיך באַפעסטיגט מיט'ן ציעל צו באשיצען די אפּיער און לאטיינישע וועגען, אין פאַל, ווען ספּארטאק וועט וואגען צו געהן אויף רוים.

אָבער ספּארטאק האָט וועגען דעם אפילו ניט געטראכט. אַנפאַלען אויף רוים וואָלט געווען זינלאָז און ספּארטאק האָט עס געוואוסט.

אין פארלויף פון זיין צוויי מאָנאַטליכער עקספּעדיציע אין די פּראָווינצען סאמינאום און לאציום, זיינען אין זיין לאַגער אונטער נאלא אָנגעקומען אליץ מעהר נייע שקלאַפען און גלאדיא־טאָרן. זייער צאָהל איז געווען אזוי גרויס, אז קריקס האָט פון זיי געקאָנט פאָרמירען דריי נייע לעגיאָנען, צו פינף הונדערט מאן אין איטליכען. ארטאריקס, ברעזאוויר און ווילמאר זיינען באשטימט געוואָרען פאר קאָמאנדירען פון די דריי נייע לעגיאָנען.

נאָך דעם זיעג ביי אקווין האָט ספּארטאק ארייננערופען ענאמאי'ן אין זיין פעלד־ביידעל און האָט פון איהם גענומען א שבועה, אז נאָך אמאָל וועט ער זיין לאַגער פריינוויליג ניט פארלאָ־זען; און ער אליין איז בשתיקה ערגיץ־וואו ביינאכט אוועקגע־פאָהרען אין דער באגלייטונג פון דריי הונדערט רייטער.

ניט ווייט פון טוסקולא האָט ער פארלאָזען זיין מחנה אין

א איינזאמען און אומגעפעהרליכען אָרט אונטער דער אויפזיכט פון דעם סאמניט מאַמילי, און אַליין איז ער אוועק ווייטער. ווען ער וואָלט זיך ניט אומגעקערט צו דער באַשטימטער שעה, האָט די מחנה געדארפט מיט דעם זעלביגען וועג זיך אומקעהרען צוריק.

אויפ'ן וועג האָט ספארטאק באגעגענט א פויער און האָט ביי איהם געפרעגט, וואו עס געפינט זיך די ווילא פון וואלעריא מעסאלא, די אלמנה פון דעם געוועזענעם דיקטאטאָר סוללא, און, באקומענדיג די נויטיגע ידיעות, איז ער אוועקגעריטען אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

ס'איז נאָך געוועזען גאַנץ פריה און דער וועכטער האָט ניט געוואָלט עפענען דעם טויער, הגם ספארטאק האָט איהם פארזי־כערט, אז ער איז א דעקוריאן פון איינער פון וואלעריא מעסאלא'ס קאָנאָרטען און אז מ'האָט איהם געשיקט צוליעב א זעהר וויכטי־גען ענין.

דער וועכטער האָט לאנג געטראַכט, ער האָט אָבער צולעצט געעפענט די פאָרטקע און איהם אריינגעלאָזט, און ער אַליין איז אוועק מעלדען דעם אויבער־וועכטער. אָבער דער אויבער־וועכטער איז געוועזען נאָך מעהר איינגעשפארט פון זיין געהילף, און האָט בשום אופן ניט געוואָלט וועקען זיין ווירטין.

— קאָנסטו לייענען גריכיש ? — האָט ספארטאק איהם געפרעגט.

— ניין, — האָט דער אויבער־וועכטער געענטפערט.

— איז אין דער גאנצער ווילא ניטאָ א מענש, וואָס זאָל קאָנען איבערלייענען א צעטעלע פון דעם טריבון מעסאלא צו וואלעריא מעסאלא ?

ווארטענדיג אויפ'ן וועכטער'ס ענטפער, האָט ספארטאק געמאכט דעם אָנשטעל, אז ער זוכט דאָס צעטעלע, וואָס איז געווען באהאלטען ביי איהם אין בוזים.

אָבער, אזוי ווי ער האָט פאָראויסגעזעהען, איז אין דער ווילא ניט געוועזען קיין איין שקלאַף, וואָס האָט געקאָנט לייענען גריכיש.

— אַלע שקלאַפען זיינען צולאָפען — גריכען, און ניט גריכען, — האָט דער אויבער ־ וועכטער טרויעריג געענטפערט. און,

ווייסטו, — האָט ער צוגעגעבען גאנץ שטיל, — זיי זיינען אנטלאָפּען אין לאַגער פון דעם נידערטרעכטיגען ספּארטאַק'ן! זאָלען די געטער דערשלאָגען מיט זייערע בליצען דעם דאָזיגען נידערטרעכטיגען און מיאוס'ן גלאַדיאטאָר!

— פאר וואָס זשע זידעלסטו איהם אין דער שטיל? — האָט ספּארטאַק געפרעגט מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן. — וואָס האָסטו מורא איהם צו זידלען אין דער הויך?

— ווייל אונזער ווירטין — זאָלען די געטער איהר מוחל זיין, — האַלט דעם דאָזיגען מערדער פאר א גרויסען מענשען און זי לאָזט קיין שלעכט וואָרט אויף איהם ניט ריידען.

— וואָס פאר א שלעכטס האָט דיר געטאָן דער דאָזיגער מערדער, אז דו פארהאַסט איהם אזוי? איך האָב געמיינט, אז אַלע שקלאַפען זיינען אויף זיין זייט, ווייל ער וויל דאָך זיי באפרייען. און דו... מיר דאַכט זיך, אז דו מאכסט נאָר אזוי דעם אָנשטעל, אָבער אין אמת'ן ביזטו גאָר אויף זיין זייט.

— איך מאַך דעם אָנשטעל! דער דאָזיגער באנדיט האָט דאָך מיר אומגליקליך געמאכט! מיינעביידע זיהן האָט ער דאָך פארנאַרט. זיי זיינען אנטלאָפען צו איהם אין לאַגער... שוין דריי חדשים, אז איך האָב פון זיי קיין נאכריכט ניט. ס'קאָן זיין, אז זיי לעבען שוין מעהר ניט.

דער אַלטער וועכטער האָט זיך צעוויינט.

— קומט אוים נאָך דיין מיינונג נאָך, אז ספּארטאַק איז אומגערעכט דערמיט, וואָס ער האָט ארויסגערופען דעם אויפשטאנד און דיינע זיהן האָבען איהם ניט געדאַרפט העלפען?

— יא, אזוי מיין איך, און קיינמאָל וועל איך אנדערש ניט מיינען. פון וואָסער פרייהייט רעדט דאָס אַלץ דער דאָזיגער משוגע'נער גלאַדיאַטאָר? איך בין געבאָרען געוואָרען א פרייער פּאַסטוך אין די סאַמנמער בערג. האָט זיך אָנגעהויבען די בירגערקריעג. אונזערע אנפיהרער האָבען גענומען שרייען: „מיר ווילען אויך ערלאַבערן דאָס רעכט פון רוימישען בירגענטום, אזוי ווי די לאטיינער". און מיר האָבען זיך צובונטעוועט, מיר האָבען געקעמפט און ריזיקירט מיט'ן לעבען. און וואָס איז דער סוף?

דער סוף איז, אז איך, דער פרייער בארג־איינוואוינער פון סאמנום, בין געווארען א שקלאף פון דער פאמיליע מעסאלא, און מיין ווייב איז געווארען א שקלאפין, און אונזערע קינדער זיינען געבארען געווארען שקלאפען. ס'איז נאך א גליק, וואס מיר זיינען אריינגעפאלען צו די דאזיגע גוטע מענשען.

נאך א קורצער פויזע האט דער אלטער פארטגעזעצט:

— פרייהייט... דאס איז אלץ פלוידעריי, פוסטע אויסטראכטען. און צוליעב זיי ווערט פארגאסען מענשליך בלוט. וואס וועל איך טאן מיט דער פרייהייט, ווען מיינע קינדער וועלען גע'הרג'עט ווערען? ווײנען טאג און נאכט, ביז וואנען דער טויט וועט מיינע טרערען אויסטריקענען. און ווען אפילו מיינע קינדער זאלען לעבען בלייבען, און די מלחמה זאל זיך ענדיגען לטובה פון די שקלאפען, וואסערע נוצען וואלטען מיר געהאט פון דער פרייהייט, בעת מיר האבען קיין זאך ניט? איצט באקומען מיר פון אונזער הארענטע אלץ, וואס ס'איז נויטיג צום לעבען. און בעת מיר וועלען באפרייט ווערען, וועלען מיר אוועקגעהן ארבייטען אויף א פרעמד פעלד פאר אזא נישטיגען לוין, אז עס וועט ניט געגוג זיין אויף די נויטיגסטע באדערפניסען. א גרויס גליק צו שטארבען פון הונגער פאר פרייהייט!

דער אלטער איז אנשווייגען געווארען.

ספארטאק האט זיך פארטראכט. איז דאס טאקע אמת, וואס ער האט נאר וואס געהערט פון דעם אלטען שקלאף? אויב אזוי צוליעב וואס קעמפט ער? צוליעב וואס פארגיסט מען טייכען בלוט?

ס'האט איהם גענומען טרייסלען. דער דאזיגער צווייפעל האט אויף איהם אנגעווארפען אן אימה, און ער האט זיך באמיהט זיך צו בארוהיגען.

„ניין“, — האט ער זיך באטראכט, — „ס'איז זינלאז צו באהויפטען, אז פרייהייט מוז געהן האנד אין האנד מיט הונגער, אז פרייהייט מוז ברענגען ארימקייט!“...

דאן האט ער זיך געווענדעט צום אלטען שקלאף:

— הייסט עס, ביי אייך איז קיינער ניטאָ, וואָס זאָל קאָנען איבערלייענען דאָס גריכיש צעטעלע ?

— קיינער נישט.

— טאָ ברענג מיר אַ טאָוועל מיט אַ גריפעל, איך וועל אָנשרייבען עטליכע ווערטער.

בעת ער האָט ספּאַרטאַק׳ן צוגעטראָגען אַ קליינעם טאָוועל מיט אַ פאַרשאַרפטען גריפעל, האָט ער אָנגעשריבען אויף גריכיש אַ פערז פון האָמער׳ן :

„צו דיר, אָה, קעניגין, קום איך, דער וואָגלער, געיאָגט פון שיקזאַל״ . . .

ער האָט דעם אַלטען דערלאַנגט דעם טאָוועל און געזאָגט :

— טראָג דאָס באַלד אָפּ דער דינסט און זאָג איהר, אַז זי זאָל באַלד אויפוועקען די ווירטין און איהר דאָס איבערגעבען, אַניט וועט איהר ביידע ניט גוט אָפּשניידען.

דער אַלטער איז אַוועק, באַקוקענדיג די אומפאַרשטענדליכע צייכענס.

פון מירדזאַ׳ן האָט ספּאַרטאַק זיך דערוואוסט, אַז וואַלעריא האָט זיך באַזעצט אין איהר אייגענער ווילאַ ארום טוסקולאַ און זי וואָהנט דאָרט גאַנץ איינזאַם ; אַז מיט׳ן גאַנצען הארצען פיהלט זי מיט דעם אויפשטאַנד פון די גלאַדיאַטאָרן, אַז זייער יעדער נצחון פרעהט איהר און זי האָפט, אַז זיי וועלען פאָלשטענדיג זיעגען.

דאָס אַלעס האָט אין ספּאַרטאַק׳ס נשמה ארויסגערופען אַ שטורם פון געפיהלען. אַ טיעפע בענקשאַפט האָט איהם דורכגענומען און ער האָט געוואָלט אונטער אַלע אומשטענדען זיך טרעפען מיט דער דאָזיגער נאָבעלער פרוי, איהר אויסדריקען זיין דאַנקבאַרקייט פאַר איהר מיטגעפיהל און פאַר דער באַפרייאונג פון זיין שוועסטער. איצט, בעת דער שיקזאַל האָט צו איהם גענומען יזמייכלען און די האָפנונגען אויף אַ פולען זיעג זיינען געוואָרען גרעסער, האָט ער אָנגעהויבען גלויבען אַז וואַלעריאַ׳ס טרוימערייען זיך צו פאַראייניגען מיט איהם אויפ׳ן גאַנצען לעבען וועלען קאָנען פאַרווירקליכט ווערען. און פאַר וואָס ניט ? אויב דער קאַמף

וועט זיך ענדיגען מיט א פולען נצחון פאר די גלאדיאטארן, וואס קאן זיי שטערען חתונה צו האבען? ווער וועט עס זאגען, אז ס'איז א ערנידערונג פאר א רוימישער מאטראנע חתונה צו האבען מיט א זיעגער, וואס האט געבראכען די רוימישע מאכט?...

יערענפאלס, ווי די זאך זאל זיך ניט ענדיגען, — א זיעג אדער א דורכפאל, — ער האט פעסט באשלאסען צו זעהן וואלע־ריא'ן, בארוהיגען זי, ערמוטיגען, איהר זאגען, אז ווען די קריעג וועט זיך ענדיגען מיט א זיעג פאר די שקלאפען וועט אלץ זיין, ווי זי וויל, איהרע האפנונגען וועלען דאן פארווירקליכט ווערען.

דער אויבער־וועכטער איז געקומען צוריק און האט געמאלדען ספארטאק'ן, אז די ווירטין איז שוין אויפגעשטאנען און זי ווארט אויף איהם. זי האט באלד פארשטאנען, אז דאס צעטעלע איז פון ספארטאק'ן און זי האט באלד געהייסען איהם אריינפיהרען.

וואלעריא מעסאלא האט איהם באגעגענט מיט גרויס פרייד. ביידע האבען געהאט וועגען וואס צו דערצעהלען איינער דעם אנדערען. זיי האבען ניט באמערקט, ווי די שעה'ן זיינען געפלויגען און די זון האט גענומען פארגעהן.

ספארטאק האט זיך א כאפ געטאן, אז ער האט זיך צו לאנג פארזעסען און האט גענומען זיך זעגענען מיט איהר.

— בלייב נאך! — האט וואלעריא איהם גענומען בעטען; — איך האב א פארגעפיהל, אז איצט וועל איך דיר שוין ניט אזוי גיך זעהן. און ס'קאן זיין, אז קיינמאל וועל איך דיר שוין מעהר ניט זעהן, — האט זי טרויעריג צוגעגעבען. — ווער ווייס, וואס עס ערווארט אונז אין דער צוקונפט?

ספארטאק אליין האט געפיהלט א שארפען וועהטאג, און זיין הארץ איז געווען פארקלעמט פון א בייזען פארגעפיהל. אויף איהם האט זיך געדאכט, אז ער וועט שוין קיינמאל מעהר ניט אריבערטרעטען דעם שוועל פון דעם דאזיגען געמיטליכען צימער, קיינמאל וועט ער מעהר ניט זעהן אט די נאבעלע, שענע רוימערין, וואס איהר שיקזאל איז אזוי מאדנע צונויפגעפלאכטען געווארען מיט זיין שיקזאל.

ער וואלט גערן ערפילט איהר וואונש און וואלט נאך געבליבען

ביי איהר, ער האָט זיך אָבער געמוזט אומקערען צו דער באַשטימ־טער שעה, און ער איז אוועק.

פאר'ן אוועקגעהן האָט זי אראָפּגענומען פון איהר האלז א גאָלדענעם מעדאליאָן, באזעצט מיט טייערע שטיינער, און האָט עס אָנגעטאָן אויף איהר פריינד.

— דאָס איז א קמיע, וואָס מוז דיר פארהיטען פון אַלע געפאהרען, קעגען וועלכע מיינע טרערען און תפילות זיינען מאכט־לאָז, — האָט זי געזאָגט מיט טרערען.

ספארטאק האָט געפיהלט, אז אָט צוואוויינט ער זיך, און ער האָט זיך אונטערגעאיילט אוועקצוגעהן.

ער האָט א טרייב געטאָן זיין פערד, פונקט אזוי ווי ער וואָלט געדארפט אנטלויפען פון א פארפאָלגער. די געשטאלט פון דער וויינענדיגער וואלעריא, וואָס ער האָט זי איצט צום צווייטען מאָל פארלאָזען, ניט קוקענדיג, וואָס זי האָט זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל פארבלייבען, האָט איהם פארפאָלגט גלייך ווי א פאָרוואורף פון געוויסען.

געפינענדיג זיינע חברים אויף דעם באַשטימטען אָרט, איז ספארטאק מיט זיי אוועקגעריטען אין אקווין, און פון דאָרט האָט ער זיך מיט זיין גאנצער מחנה אומגעקעהרט אין לאַגער אונטער נאָלא, וואו ער האָט באשלאָסען צו פארברענגען דעם ווינטער.

ער האָט פארשטאנען, אז אין דער צייט וועט וואריני קיין זאך ניט קאָנען אונטערנעמען קעגען איהם.

איצט האָט ספארטאק זיך ארומגעזעהען, אז דער אַלטער לאַגער איז צו ענג, און ער האָט געהייסען איינאָרדנען א נייעם לאַגער, א ברייטערען, און איהם ארומרינגלען מיט א טיפען גראבען און מיט א הויכען צוים.

נאָך דעם האָט ספארטאק גענומען אומבילדען זיין ארמיי. ביז איצט איז זיין חיל געווען איינגעטיילט אין לעגיאָנען לויט די צאָהלען פון די נייע־אָנגעקומענע רעבעלען. איצט האָט ער זיין חיל צוטיילט נאָך די נאציאָנאליטעטען. ער האָט אויסגערעכענט מיט דעם צו פארגרעסערען די געגענזייטיגע פארבינדונג צווישען די סאָלדאטען און זייער איבערגעבענהייט צום קאָמאנדיר, וואָס איז

מיט זיי פון איין אָפּשטאַמונג. זיין אויסרעכענונג איז געווען א ריכטיגע. צום באַדויערן האָט ער אָבער דערביי פאַרזעהן, אז די ענגע פאַרבינדונג צווישען די סאָלדאַטען פון איין לעגיאָן האָט פאַרשטאַרקט זייער נאַציאָנאַלע פאַרשידענהייט פון די סאָלדאַטען פון די אנדערע לעגיאָנען און האָט געשטערט צו דיסציפּלינירען זיי אונטער דעם איינציגען ווילען פון דעם הויפּט קאָמאַנדיר. אין פאַל פון א אומאייניגקייט צווישען דעם הויפּט קאָמאַנדיר און די קאָמאַנדירען פון די איינצעלנע אפּטיילונגען, האָבען די לעצטע לייכט געקאָנט איבערטרעטען די דיסציפּלין, פיהלענדיג הינטער זיך די שטיצע פון זייערע סאָלדאַטען.

די פופציג טויזענדיגע ארמיי פון די גלאַדיאַטאָרן איז איצט איינגעטיילט געוואָרען אין צעהן לעגיאָנען, — צו פינף טויזענד איטליכער.

די ערשטע צוויי לעגיאָנען זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון גערמאַנען אונטער ענאָמאַי'ס קאָמאַנדע; פיער לעגיאָנען זיינען באַשטאַנען פון גאַללען און זייער קאָמאַנדיר איז געוואָרען קריקס. די לעצטע פיער לעגיאָנען, וואָס זיינען באַשטאַנען פון גריכען, סאַמניטען און פראַקיער, האָבען געבילדעט דעם דריטען קאָרפּוס, און זייער קאָמאַנדיר איז געווען דער איליריער גראַניק, א מענש פון א יאָהר פינף־און־דרייסיג. ער איז געווען א הויכער און א שלאַנקער, מיט שוואַרצע אויגען און מיט עכט שוואַרצע געקרויזטע האָר, זעהר א שעהנער, ניט קוקענדיג, וואָס די פאַרב פון זיין הויט איז געווען צו טונקעל. שטענדיג א ערנסטער, רוהיגער און שווייגענדיגער, איז ער אין דער איינגענער צייט געווען דער שטאַרקסטער און דרייסטעסטער פון אלע גלאַדיאַטאָרען אין דער ראַווענער שוהל.

פאַר דעם קאָמאַנדיר פון דער קאַוואַלעריע, וואָס איז באַשטאַנען פון א דריי טויזענדיגער מחנה, איז באַשטימט געוואָרען דער סאַמניט מאַמילי.

בעת ספּאַרטאַק האָט איצט דורכמושטירט די אויפ'ס ניי איינגעאָרדענטע ארמיי, האָבען אלע דריי און פופציג טויזענד שקלאַפען, וואָס א דאַנק זיין ענערגיע, זיינען זיי פאַרוואַנדעלט

געוואָרען אין אַ אומבאַזיגבאַרער ארמיי, איהם באַגריסט מיט הילכיגע אויסגעשרייען פון ענטציקונג:

— עהרע, עהרע דעם גרויסען ספארטאק!

נאָך דעם האָבען די טראָמפּייטער אויסגעשפּיעלט דעם פריי־הייטס הימן, וואָס איז געוואָרען דאָס מיליטעריש ליעדעל פון די גלאַדיאַטאָרן.

בעת די לעצטע קלאַנגען פון הימן זיינען פארשוואונדען אין דער לופט, האָט ענאָמאַי, וואָס איז געזעסען אויף זיין גרויסאַרטיגען פערד, אויסגעשריען איבער'ן גאַנצען פעלד:

— חברים! הערט אויס וואָס איך וועל אייך זאָגען!

ס'איז געוואָרען גאַנץ שטיל, און ער האָט פאָרטגעזעצט:

— אויב אונזער חיל איז איינגעאָרדענט אויפ'ן רוימישען שטייגער, פאַר וואָס טראָגט אונזער הויפּט־קאָמאַנדיר איינפאַכע קליידער פון אַ סאָלדאַט? פאַר וואָס האָט ער ניט קיין עהרען־צייכענס פון אַ רוימישען קאָנסול?

— אימפּעראַטאָר־רעגאַלען פאַר ספארטאַק'ן! — האָט קריקס אויסגעשריען.

און אַלע גלאַדיאַטאָרן האָבען ווי אַ עכאָ ווידערהאָלט:

— אימפּעראַטאָר־רעגאַלען פאַר ספארטאַק'ן!

— חברים און ברידער אין אומגליק! — האָט ספארטאַק געזאָגט, — פון גאַנצען הארצען דאַנק איך אייך פאַר דער אויפ־מערקזאַמקייט וואָס איהר ווייזט מיר ארויס, איך פארלאַנג אָבער ניט קיינע אויסצייכענונגען און קיינע כיבודים. ניט צוליעב אויס־צייכענונגען האָבען מיר זיך גענומען פאַר די וואַפּען, ניט צוליעב דעם, אַז אימיצער פון אונז זאָל דערהויבען ווערען, פיהרען מיר קריעג, נאָר כדי צו עראָבערן אַלגעמיינע פרייהייט און גלייכהייט.

— דו ביזט אונזער אימפּעראַטאָר! — האָט אויסגעשריען ספארטאַק'ס איבערגעבענער פריינד דער סאַמניט רוטילי; דיינע זיעגען האָבען דיר געמאַכט פאַר אונזער אימפּעראַטאָר, דיין קלוג־שאַפט, דיין גבורה און אַלע דיינע גרויסע העלדענטאַטען! אויב דיין באַשיידעגהייט שטערט דיר אָנצונעמען די פאַרדינטע כיבודים, מוזטו דאָס אָבער טאָן פאַר'ן כבוד און פאַר דער גדולה פון אונזער

ארמיי און פון אונזער פאָהן. א פורפור מאנטעל און ליקטאָרן פאר ספארטאק'ן ! — האָט ער צום שלוס אויסגעשריען.

— א פורפור מאנטעל און ליקטאָרן פאר ספארטאק'ן ! א מאנטעל און ליקטאָרן ! — האָבען די גלאדיאטאָרען געגומען שרייען.

— די רוימישע ליקטאָרן וואָס זיינען געגומען געוואָרען אין פלען ביי אקווין ! — האָט קריקס אונטערגעזאָגט.

זיין פאָרשלאָג האָט ארויסגערופען א גאנצען שטורם פון אפלאָדיסמענטען.

צווינגען די רוימישע ליקטאָרן, וואָס האָבען באוואכט די באריהמטעסטע פון די רוימישע ארמיי־פיהרער — מאריוס'ן סוללא'ן און פאָמפּעין, זיי צווינגען צו געהן פאָראויס און באוואכען דעם פיהרער פון די גלאדיאטאָרן. — האָט מען דען געקענט אויסטראכטען נאָך א גרעסערע ערנידערונג פאר דעם שטאָלץ פון די רוימער ? האָט מען דען געקענט געפינען נאָך א גרעסערען באווייז פון דעם זיעג איבער זיי ?

ניט קוקענדיג אויף זיין פּראָטעסט, איז ספארטאק געוועזען געצוואונגען נאָכצוקומען דעם ווילען פון זיינע חיל און אָנטאָן א זילבערנעם פאנצער מיט א זילבערנעם שלעם, וואָס קריקס האָט פאר איהם געלאָזט מאכען אין פאָמפּעא, זיך ארומגארטלען מיט א ברייטען שפּאנישען שווערד, וואָס זיין גאָלדענע הענטעל איז געווען געזעצט מיט טייערע שטיינער, און אָנטאָן א פורפור מאנטעל מיט א גאָלדענעם באָרט.

בעת ספארטאק האָט זיך געוויזען פאר זיינע לעגיאָנען אין די קליידער פון א רוימישען ארמיי־פיהרער אויף זיין שווארצען פערד, וואָס איז געווען באדעקט מיט א פראכטפולער בלויהער זאָטעלדעקע, געפּוצט מיט זילבער, איז ווידער אמאָל דאָס גאנצע פעלד פארהילכט געוואָרען פון אפלאָדיסמענטען און אויסגעשרייען פון ענטציקונג.

— לעבען זאָל ספארטאק דער אעמפּעראטאָר !

צוויי פרויען האָבען מיט אומבאהאלטענער ענטציקונג געקוקט אויף דעם פיהרער פון די גלאדיאטאָרן, וואָס האָט איצט אויס־געזעהען אזוי שעהן און מאיעסטעטיש, אז זיי האָבען זיך ניט

געקאַנט אַפּוואונדערען. די צוויי פּרויען זיינען געוועזן מירדזא און עווטיבידראַ.

אָבער בעת מירדזאַ'ס קינדערש־אומשולדיגע בלויהע אויגען האָבען אויסגעדריקט נאָר פרייד, האָט מען אין עווטיבידראַ'ס אויגען געקאָנט איבערלייענען באַהאַלטענע קנאה.

די דאָזיגע גריכין איז ניט דערפּאַר געקומען אין גלאַדיאַטאָר־רישען לאַגער און האָט אוועקגעגעבען גאָר איהר געלד, אום צו זיין אַ דיענסט ביי ספּאַרטאַק'ן. האָט דען איהר שטאָלצע נשמה, וואָס איז געוועזן געוואָהנט צו באַפעהלען, זיך געקאָנט צופרידענשטעלען מיט אַזאַ באַשיידענע ראָלע? געוויס, ניט וועגען דעם האָט עווטי־בידראַ געטרוימט, בעת זי האָט מיט אַזאַ אויסדויער און עקשנות זיך געלערנט פעכטען און רייטען. זי האָט געוואָלט זיין גלייך מיט איהם, מיט דעם דאָזיגען אויסערגעוועהנליכען מענשען, וואָס איהם האָט זי געהאַלטען העכער פון אַלע מענשען, וואָס זי האָט באַגעגענט; זי האָט געוואָלט זיך טיילען מיט איהם אַלע זיעגען און אויסצייכענונגען, זיין מיטהעלפערין, זיין פרוי, און ניט אַ סאָלדאַט וואָס מוז זיין געהאָרכזאַם און אונטערטעניג.

ווי גליקליך זי וואָלט דעמאָלט געוועזן! מיט וואָסער מוט און פעסטקייט זי וואָלט איבערגעטראָגען אַלע שווערקייטען פון לעבען אויף די שלאַכט־פעלדער! מיט וואָסער אומדערשראָקענ־הייט זי וואָלט זיך דאָס געוואָרפען אין שלאַכט מיט'ן שונא און זיך געשלאָגען זייט ביי זייט מיט דעם דאָזיגען מעכטיגען און אומדערשראָקענעם מענשען, זיעגען אָדער שטאַרבען צוזאַמען מיט איהם פאַר דער גרויסער זאַך, וואָס איהר האָט ער געווידמעט גאָר זיינע קרעפטען, זיין גאַנצען לעבען! וואָלט עס ניט געוועזן אַ גרויס גליק? נאָר אַזאַ אויסערגעוועהנליכעס גליק האָט געקאָנט צופרידענשטעלען די שטאָלצע, דרייסטע און עהרגייציגע גריכין.

ביז איצט האָט דאָס לעבען איהר ניט צופרידענגעשטעלט. כאָטש די עראינערונגען וועגען די שווערע יאָהרען פון שקלאַפעריי, וואָס האָבען פאַרגיפטעט איהר יוגענד, זיינען באַדייטענד פאַר־בלאַסט געוואָרען אין איהר געדעכטניס; כאָטש דאָס שפּעטער־דיגע לעבען אויף דער פרייהייט האָט געשטראָמט אין לוקסוס און

אין פארגנינגען, פונדעסטוועגען האָט עווטיבידא זיך ניט געפיהלט גליקליך. אמת, איצט איז איהר לאַגע אין דער געזעלשאפט געווען אזא, אז דער גאנצער רוימישער אדעל האָט געהאלטען פאר א גליק צו פארברייננגען אין איהר פראכטפולען פאלאץ און דאָס האָט איהר פיעל פארגיטיגט פאר די יאָהרען פון שקלאַפעריי. אָבער דער גרעסטער טייל פון די דאָזיגע מענשען זיינען געווען אזעלכע נישטיגע און באַשרענקטע, אז זייער געזעלשאפט האָט אויף איהר אָנגעוואָרפען אַן אומעט.

בעת עווטיבידא האָט דערזעהען ספארטאַק'ן אין צירק, איז זי ענטציקט געוואָרען פון זיין גבורה און האָט באלד דערפיהלט, אז צווישען איהם און יענע, וואָס קומען צו איהר אין פאלאץ, ליגט א גאנצער אָפגרונד. איהר האָט זיך פארוואָלט זיך צו באקאָ־נען מיט איהם, איהם פארבעטען צו זיך. דאָס האָט זיך איהר אָבער ניט איינגעגעבען. שפעטער איז ער איהר פון זינען ארויס.

בעת דער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעהויבען, און די ידיעה וועגען דער העלדישער פארטיידיגונג אויפ'ן בארג וועזואוויוס האָט דערגרייכט עווטיבידא'ן, איז די געשטאלט פון דעם העלדישען פראקיער, וואָס האָט זי איבערראשט אין צירק, ווידער אויפגע־שוואומען פאר איהרע אויגען און א אומדערקלערליכע קראפט האָט זי געצויגען צו איהם.

דאן האָט זי באשלאָסען איהם צו ווידמען איהר גאנצען לעבען, פונקט אזוי ווי ער האָט זיין לעבען געווידמעט אלע געדריקטע און אומגליקליכע, און זי איז געקומען אין גלאדיאטאָרישען לאגער.

ווי געוואָהנט זי איז ניט געווען צו לוקסוס און באקוועמליכ־קייטען, אָבער א דאנק איהר אייזערנעם ווילען איז זי גיך צוגע־וואָהנט געוואָרען זיך צו באגעהן אָהן דעם ; זי האָט גאָר ניט געוואָלט האָבען מעהר וואוילטאָג, ווי ספארטאק האָט געהאט.

זעהר אָפט האָט זי געטרוימט, אז ספארטאק וועט צולעצט אָפשאצען איהר אויסדויער, איהר זעלבסט־אויפאָפפערונג, איהר העלדישקייט אין שלאכט און ער וועט איהר זאָגען :

— יאָ, עווטיבידא, דו בינסט ווירקליך א אויסערגעוועהנליכע פרוי ! נאָר דו בינסט ווערט צו זיין ספארטאק'ס פרוי...

עווטיבידא'ן האָט זיך שטארק געוואָלט וואָס גיכער זיך אויס־

צוצייכענען און זי האָט געהאט א סך פארדרוס, וואָס ספארטאק, ניט אכטענדיג וואָס זי האָט זיך ביי איהם געבעטען, האָט ער זי איבערגעלאָזט אין לאגער צוזאמען מיט מירדזא'ן, בעת ער אליין איז אוועק אין שלאכט, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דעם אקווינער זיעג !

און איצט, קוקענדיג מיט ענטציקונג אויף ספארטאק'ן, וואָס איז אזוי דערהויבען געוואָרען פון זיינע סאָלדאטען, האָט די שטאָלצע גריכין געטרוימט וועגען דעם, ווי זי וועט עראָבערן דעם דאָזיגען מעכטיגען מענשען, ווען זי וועט איהם מאכען אונטער־טעניג צו זיך און וועט איהם צווינגען צו ערפילען אלע איהרע באגעהרען, פונקט אזוי ווי זי האָט אנדערע געקאָנט צווינגען. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער דאָזיגער שרעקלאָזער העלד געהט זיעגרייך אריין אין רוים, און אין רייהע מיט איהם, אין טריאומף רייט־וואגען, זיצט זי, עווטיבידא, וואָס האָט א גלייכען חלק אין אלע זיינע העלדישע אויפטואונגען און וואָס פארדינט, אז איהר נאמען זאָל צולעצט פאר־צייכענט ווערען אין דער געשיכטע צוגלייך מיט ספארטאק'ס נאָמען.

איהרע טרוימערייען זיינען איבערגעריסען געוואָרען פון נייע אויסגעשרייען, וואָס האָבען פארהילכט דעם גאנצען טאָל ארום. דאָס האָבען די גלאדיאטאָרען באגריסט דאָס אָנקומען פון די ליקטאָרן פון פרעטאָר פובלי וואריני, וואָס האָבען פון איצטער אָן געמוזט ווערען ספארטאק'ס ליקטאָרן.

ספארטאק איז אראָפּגעקראָכען פון פערד און אין דער באגלייטונג פון קריקס'ן, גראניק'ן און ענאָמאיע'ן האָט ער גענומען רעווי־דירען זיינע לעגיאָנען. די ליקטאָרן זיינען געגאנגען פאָראויס ערנידעריגטע און טרויעריגע. איינער פון זיי האָט באזונדערס איבערראשט מיט זיין באדריקטען, טרויעריגען אויסזעהן.

דאָס איז געווען אן אלטער מאן שוין איבער זעכציג, א הויכער, א דארער, מיט גרויהע האָר, מיט א ברייטען סטרופ אויפ'ן שטערן. זיין נאמען איז געווען סימפליציאן.

— וואָס פאר א שאנד ! וואָס פאר א שאנד ! — האָט ער געמורמעלט צו זיך.

קענטיג, אז פאר דעם דאָזיגען אלטען שטאָלצען מאַן איז שווער געווען אריבערצוטראָגען אזא שאַנד.

נאָך דער רעוויזיע, בעת מ'האָט די ליקטאָרן אָפּגעפיהרט צוריק אין זייערביידעל, האָט סימפּליצאָן אויסגעשריען :

— איך שווער ביי אלע געטער פון הימעל און העל, אז איך וועל אזא שאַנד ניט טראָגען אויף זיך, איך וועל זיך פון דער חרפה באַפרייען, ווי אַן אמת'ער רוימער !

איידער זיינע חברים האָבען נאָך באַוויזען זיך ארומצוקוקען, האָט סימפּליצאָן זיך אריינגעשטאָכען אַ שפּיז אין הארצען.

— לאָזט מיר דורכגעהן ! — האָט אַ געשריי געטאָן ספּארטאק, וואָס איז אין דער זעלביגער מינוט פארבייגעגאנגען פארביי דעם ביידעל און האָט געהערט סימפּליצאָן'ס ווערטער.

די ליקטאָרן און די גלאַדיאטאָרען, וואָס האָבען זיי באַוואַכט, האָבען זיך פאנאנדערגערוקט און ספּארטאק האָט דערזעהן אַ שרעקליכע בילד.

אויף די קופּע שטרוי איז סימפּליצאָן געלעגען אָפּגעגאָסען מיט בלוט. דער שאָטען פון טויט האָט געשווינד באַדעקט זיין שטרענגען פּנים, וואָס דאָס באַוואוסטזיין פון ערפילטער פליכט האָט איהם צוגעגעבען עפּעס־וואָס ערהאַבענעס, פייערליכעס.

— וואָס האָסטו געטאָן, אלטער ! — האָט ספּארטאק אויסגעשריען מיט טיפען מיטלייד, — פאר וואָס האָסטו זיך ניט געווענדעט צו מיר ? אַ שטארקער פארשטעהט אַ שטארקען. איך וואָלט דיר פארשטאנען און באַפרייט.

— שקלאַפען קאָנען ניט פארשטעהן קיין פרייע מענשען, — האָט דער שטארבענדער געזאָגט מיט אַ שוואכער שטים.

ספּארטאק האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— בין איך דען ניט געווען אזא פרייער מענש, ווי דו בינסט, איידער פראקיען איז באַזיעגט געוואָרען ? און בינסטו דען ניט געוואָרען אַ שקלאַף נאָך דער אקווינער שלאכט ?

— באַרבאַר, דו ווייסט ניט, אז די אומשטערבליכע געטער... האָבען באַשטימט, אז רוים... זאָל זיין די וועלט־הערשערין... אַ רוימישער ליקטאָר, וואָס האָט געדיענט מאריוס'ן און סוללאַ'ן...

יועט זיך ניט פאראומרייניגען און דיענען א פארהאסטען גלאדיאטאָר.

זאָגענדיג דאָס האָט ער פארוואָרפען דעם קאָפּ אויף הינטען און ארויסגעלאָזט דעם לעצטען אָטעם.

— א משוגענער זקן ! — האָט איינער פון די גלאדיאטאָרען געזאָגט.

— א גרויסער זקן ! — האָט איהם ספארטאק פארריכט, — אָט אזעלכע בירגער איז רוים פארפליכט מיט איהר נצחון איבער אלע פעלקער !

14־טער קאפיטעל.

## דער נסיון.

**דער פריהלינג איז אָנגעקומען.**

אויפ'ן ריין בלויהען הימעל האָט העל געשיינט די בלענדענדע זון, וואָס האָט באַגאָסען די ערד מיט איהרע הייסע שטראהלען און האָט גערופען צום לעבען יעדע פליגעלע און יעדען גרעזעלע. די גרין באקליידטע לאָנקעס און וועלדער זיינען פארהילכט געוואָרען פון טויזענדער פויגעל־שטימען, אין דער לופט האָבען געפלאַטערט אלערליי שמעטערלינגען, וואָס זיינען באלעבט געוואָרען פון דער פריידיגער זון. ס'האָט זיך געדאכט, אז די גאנצע נאטור האָט זיך געפרעהט און געזונגען מיט טויזענדער שטימען, וואָס האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין ליוב־געזאנג צום פריהלינג צו דער זון, וואָס האָט געבראכט לוסט און פריינד.

און די חילות פון די רוימער און די גלאדיאטאָרן זיינען ווידער געגאנגען איינע אויף די אנדערע, כדי אָנצוטרינקען מיט מענשליך־בלוט די גרינע פעלדער פון איטאליען.

דאָס מאָל איז דער פעלדמארשאל פון די רוימער געווען פרעטאָ־אנפידי אָרעסט, וואָס איז באשטימט געוואָרען אויף וואריני'ס אָרט.

ער איז שוין געווען א באַאָהרענטער מענש, ניט וויינינער ערפאהר'ען אין קריעגס זאכען, ווי וואריני, נאָר מיט מעהר פאר־שטאנד פון איהם.

דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישען די פיינדליכע צדדים האָט די גלאדיאטאָרן ניט אָפּגעגליקט; זיי איז אויסגעקומען אָפּצוטרעטען צו פאָרמי. דאָ האָט ספארטאק ערוואָרט א נייעם

אָנפאל, מיינענדיג, אז דער ערפאָלג פון די רוימער וועט זיי ערמוטי־
גען פאָרטצוזעצען זייער אָנדראנג. אָבער אומזיסט האָט ער אָפּגע־
ווארט איבער צוויי וואָכען. דעם ווייט־זעהענדיגען אנפידיי'ן האָט
מען ניט אזוי לייכט געקאָנט אָפּנארען.

דאן האָט ספּארטאַק זיך באנוצט מיט איינער פון יענע מילי־
טערישע כיטרעקייטען, וואָס יעדער גרויסער ארמיי־פיהרער האָט
שטענדיג גרייט.

ביינאכט איז ער שטילערהייד ארויסגעגאנגען פון לאגער מיט
אכט לעגיאָנען, איבערלאָזענדיג ענאָמאי'ען מיט די איבריגע צוויי
לעגיאָנען און מיט קאוואלעריע.

די גאנצע נאכט איז ער געגאנגען לענג אויס דעם ים־ברעג,
בארנעמענדיג מיט זיך אַלע מענשען, וואָס ער האָט געטראָפען
אויפ'ן וועג, כדי זיי זאָלען ניט קענען אָנזאָגען די רוימער וועגען
זיין צוג.

אויף אזא'ן אופן האָט איהם אָפּגעגאָלטען ארומצוגעהן דעם
יונא און אויפצושטעלען זיין לאגער הינטער דעם שונא'ס רוקען.

מ'קאָן זיך פאָרשטעלען די ערשטוינונג פון אנפידיי'ן און זיינע
סאָלדאטען בעת זיי האָבען עטליכע מייל פון זיך גאָר אומגעריכט
דער־זעהן, אז פון הינטער'ן וואלד ציהען זיך די גלאדיאטאָרשע
לעגיאָנען.

אנפידי האָט זיך דערוואוסט פון זיינע אויסזעהער, אז אויסער
דעם דאָזיגען לאגער האָבען די גלאדיאטאָרן אויך פארנומען צוויי
באפעסטיגטע פּאָזיציעס פון ביידע זייטען אפיער וועג. איין פּאָזי־
ציע האָט געהאלטען קריק'ס מחנה, די צווייטע — גראניק'ס מחנה,
און ספּארטאַק אליין האָט זיך באפעסטיגט ביים זוים פון טערא־
ציניש ען וואלד.

אויף אזא'ן אופן זיינען די רוימער פון דריי זייטען געווען
ארומגערינגעלט און ווילענדיג צי ניט ווילענדיג האָבען זיי געמוזט
מאכען אָן אָנפאל אויף איינעם פון דעם שונא'ס דריי לאגערן, אויב
זיי האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען צוליעב הונגער.

די רוימישע לעגיאָנען זיינען אראָפּגעפאלען פון מוט. אין
אָנהויב האָבען די סאָלדאטען געבורטשעט אין דער שטיל, דערנאָך

האָבען זיי אָפען גענומען באַשולדיגען דעם פּרעטאָר אין אומפעהיג־קייט און פייגהייט.

דאַן האָט דער פּרעטאָר באַשלאָסען זיך צו באַנוצען מיט דער פּארמיטלונג פון די פּריסטער. נאָך די אינגעווײדען פון די הייליגע חיות, וואָס מען פלעגט מקריב זיין צו די געטער, האָבען די אווגור'ן פאָראויסגעזאָגט אַ זיעג.

דאָס האָט באַלד ערמוטיגט די אומוויסענדע און אבערגלויביגע סאָלדאטען. זיי האָבען באַלד אויפגעהערט זיך באַקלאָגען און האָבען ווידער געקראָגען צוטרוי צו זייער קאָמאַנדיר.

אַנפידי האָט זיך געאײלט צו באַנוצען מיט דער גוטער שטימונג פון זיינע לעגיאָנען און האָט זיי געפיהרט צום אָרט, וואו קריקס איז געשטאַנען.

קריקס, וואָס איהם האָט ספּאַרטאַק שוין פון פריהער געוואַרנט, האָט נאָך ביינאַכט זיך צוגעגרייט : ער האָט אויסגעשטעלט זיינע לעגיאָנען אין אַ מיליטערישער אָרדענונג און ערוואַרט אַן איבערפאַל.

אָבער, ניט אַכטענדיג אויף דעם פאַרצווייפעלטען ווידער־שטאַנד פון זיינע סאָלדאטען, וואָס האָבען העלדיש געקעמפט, זיי־נען איבער אַכט הונדערט פון זיי געפאַלען אין שלאַכט, איידער ספּארטאַק האָט באַוויזען אונטערצוקומען זיי צו הילף, און נאָך איהם ענאָמאַי און גראַניק.

זייער אָנקומען האָט באַלד געענדערט דעם גאַנג פון דער שלאַכט. דער שיקזאַל פון די רוימער איז געווען באַשטימט.

איבער זיבען טויזענד פון זיי זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען, און אַרום פיער טויזענד זיינען גענומען געוואָרען אין פלען. בלויז די קאַוואַלעריע איז געבליבען גאַנץ. כמעט אָהן פאַרלוסטען האָט זי אָפּגעטראָטען צו פּיווערן, וואו עס האָבען זיך ביינאַכט פאַרזאַ־מעלט די רעשטלאַך פון דער רוימישער צושלאָגענער אַרמיי.

אויף מאָרגען באַגינען, בעת די גלאַדיאַטאָרן האָבען באַערדיגט זייערע טויטע, האָט אַנפידי אָרעסט זיך אונטערגעאײלט אָפּצוציהען מיט די רעשטלאַך פון זיין חיל.

אַט אַזוי טרויעריג האָט זיך געענדיגט דער נייער צוג פון די רוימער אויף ספּאַרטאַק'ן. דער נאָמען פון גלאַדיאַטאָרשען הויפּט־

קאמאנדיר האָט גענומען שרעקען רוים און דער סענאט האָט זיך ערנסט פארטראכט וועגען דער לאגע. אין א פּאָר טעג ארום האָט דער סענאט צוזאמענגערופען א געהיימע זיצונג, וואו עס איז אויפגענומען געוואָרען די פראגע וועגען דעם, ווי אזוי צו מאכען א סוף פון אויפשטאנד, וואָס האָט זיך צואוואקסען אין א אמת'ער מלחמה און וואָס האָט געמאכט צו שאנד די רוימישע ארמיי.

קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס די סענאטאָרען האָבען באשלאָסען. מ'האָט נאָר געוואוסט, אז אין דער דאָזיגער נאכט איז דער קאָנסול ווארראָן לוקול, איבערגעטאָן אין איינפאכע קליידער, ערגעץ וואו אוועק פון רוים, באגלייט פון עטליכע דיענער.

אין צוויי מאָנאטען ארום נאָך זיין לעצטען נצחון איז ספּאר־טאק געשטאַנען אין אפּולי, לעבען ווענאָז, וואו ער האָט איינגע־מושטיירט צוויי נייע לעגיאָנען.

איינמאָל אין דער פריה האָט מען איהם געמאָלדען, אז אין זיין לאגער איז אָנגעקומען א שליח פון רוימישען סענאט.

— אָהאָ ! — האָט אויסגעשריען דער פארוואונדערטער ספּארטאק. — ווי נידריג דער רוימישער שטאָלץ איז געפאלען, ווען דער סענאט שעמט זיך ניט צו שיקען א שליח צו א פאראכטעטען גלאדיאטאָר !

און ער האָט געהייסען אריינפיהרען דעם שליח פון סענאט.

מ'האָט איהם אריינגעפיהרט מיט פארבונדענע אויגען, פּונקט אזוי ווי די פיער פארשוינען, וואָס האָבען איהם באגלייט.

— רוימער, דו בינסט איצט אין אונזער לאגער, דו שטעהסט פאר אונזער פיהרער, — האָט מען געזאָגט צום שליח.

— איך באגריס דיר, ספּארטאק ! — האָט דער רוימער געזאָגט מיט ווירדע, מאכענדיג מיט דער האנד א באגריסונגס זשעסט.

— און איך באגריס דיר אויך, — האָט ספּארטאק געענטפערט.

— איך דארף מיט דיר ריידען אויג אויף אויג.

— אָט באלד וועלען מיר בלייבען זאלבענאנד, — האָט ספּארטאק געזאָגט און האָט זיך געווענדעט צו די ארומיגע גלאדיא־טאָר'ען : — פיהרט אוועק די באגלייטער פון סענאט־שליח אין א

באזונדער ביידעל, בינדט זיי אָפּ די אויגען און שטעלט זיי א פיינעם כיבוד.

בעת אַלע זיינען אוועק, האָט ספּארטאק איהם אָפּגעבונדען די אויגען און געבעטען זיצען.

אָבער דער שליח האָט עפּעס אזוי ווי ניט געהערט, וואָס ספּארטאק האָט צו איהם גערעדט. ווי א פאר׳כישוף׳טער איז ער געשטאנען אומבאוועגליך, קוקענדיג ערגעץ־וואו אין א זייט האלב פאַרוואונדערט, האלב ענטציקט.

ספּארטאק האָט זיך באנוצט מיט דעם דאָזיגען מאָמענט און האָט איהם אויפמערקזאם באקוקט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט זיך באמיהט צו טרעפען, ווער ער איז דער דאָזיגער הויכער, מאיעסטעטישער אלטער מאן, מיט זיין שטאָלצער האלטונג און זעלבסט־פארטרויטען הויכמוטיגען בליק? די ברייטע פורפור טאָסטע, מיט וועלכער זיין טוניק איז געווען באפּוצט, האָט עדות געזאָגט וועגען דעם, אז ער שטאמט פון אדעל־לייט.

— איך שווער ביי די געטער, נאָר ביי מאריוס׳ן האָב איך געזעהען א עהנליכען לאגער! — האָט דער דאָזיגער פאטריצי אויסגעשריען מיט אומבאהאלטענער ענטציקונג.

— אָבער יענער לאגער איז דאָך געווען א רוימישער, ניט א בארבארישער! — האָט ספּארטאק באמערקט מיט א ביטערער איראָניע

— כאָטש מיר, רוימער, זיינען שטאָלץ, פון דעסטוועגען שיצערט אונז דאָס ניט אומפארטייאיש צו אורטיילען וועגען אונזערע שונאים — האָט דער אומבאקאנטער איהם אָפּגעענטפערט.

— איך שווער ביי הערקולעס׳ן, אז דו בינסט געבאָרען געוואָרען ניט צו זיין א גלאדיאטאָר!

— ניט איך, און ניט קיין אנדערער פון אלע יענע אומגליקליכע, מיט וועמענס טויט איהר פארוויילט זיך אין צירק, איז געבאָרען געוואָרען פאר שקלאפעריי.

די דאָזיגע באמערקונג איז דעם רוימער ניט געפעלען געוואָרען, און ער האָט גענומען באווייזען, אז שקלאפעריי איז אלעמאָל געווען און וועט זיין, אז דאָס רעכט פון שטארקען איז א פאָלשטענ־

ריג געזעצליך רעכט, אז די באַזיעגטע ווערן דאָס אייגענטום פון זיעגער, און ער קאָן מיט זיי טאָן, וואָס ער וויל.

זעהענדיג, אז ס'איז נוצלאָז זיך אריינצולאָזען מיט איהם אין א דיסקוסיע, האָט ספּארטאַק באַלד איבערגעביטען די טעמע פון געשפּרעך.

— ווער בינסטו און מיט וואָס פאַר א שליחות בינסטו אהער געקומען ? — איז ספּארטאַק גראַד איבערגעגאנגען צום ענין.

— איך בין דער רייטער רוף ראַללאַ, — האָט אביסעל פּאַרווירט געענטפערט דער רוימער, וואָס איז געבליבען א געפּלעווּ־טער פון דער אומערוואַרטעטער פראגע. — דער קאָנסול וואַראָן לוקיל האָט מיר געשיקט צו דיר מיט צוויי אויפטראַגען.

— נעמליך ? — האָט מיט א קוים באַמערקבאַרען שמייכעל געפרעגט ספּארטאַק, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אז פאַר איהם שטעהט דאָ ניט קיין אנדערער, ווי דער קאָנסול אליין.

— ער שלאָגט דיר פאָר, קודם כל, א געוויסע סומע געלד, מיט דער באַדינגונג, אז דו זאָלסט איהם אומקערן די פיער טויזענד רוימער, וואָס דו האָסט גענומען אין פּלען.

— און דאַן ?

— צוערשט ענטפער מיר אויף מיין ערשטען פאָרשלאָג.

— איך וועל אייך אומקערען די געפאַנגענע, ווען איהר וועט מיר פאַר זיי געבען צעהן טויזענד שפּאַנישע שווערדען, אזוי פיעל פאַנצערס, אזוי פיעל רינג־פאַנצערס און הונדערט טויזענד וואַרף־שפּיזען.

וואָס רעדסטו ! — האָט דער שליח געזאָגט מיט אויפרעגונג, — דו ווילסט, אז מיר אליין זאָלען באַוואָפענען אונזערע שונאים ?

— יא, און דערצו וויל איך נאָך, אז די וואָפען זאָלען זיין פון בעסטען זאָרט. א חוץ דעם מוזט איהר דאָס אַלעס מיר צושטעלען ניט שפּעטער ווי אין צוואַנציג טעג. אנדערש וועל איך אייך ניט אומקערען די געפאַנגענע. איך וואָלט אליין געקאָנט באַשטעלען די אַלע זאַכען, נאָר דאָס וואָלט צו לאַנג געדויערט און עס

װאָלט ניט געװען באַקװעם. איך מוז װאָס גיכער באַװאָפּענען צװײ נײַע לעגיאָנען.

אָט טאַקע דערפֿאַר װעסטו פֿון אונז קײן װאָפֿען ניט קריגען! — האָט געענטפֿערט דער װילד־געװאָרענער רױמער. — װײסטו דען ניט, אַז מיר זײַנען פֿעהיג אױף אַלע מעגליכע קרבנות, כּדי ניט צו שאַדען אונזער פֿאַטערלאַנד און ניט צו געבען קײן פֿאַרצוג דעם שונא?

— אין פֿאַרלױף פֿון צװאַנציג טעג װעט איהר מיר שיקען װאָפֿען, — האָט ספּאַרטאַק רוהיג איהם אָפּגעענטפֿערט.

— דו װעסט עס ניט קריגען! — האָט דער שליח געענטפֿערט קוים אײַנהאַלטענדיג דעם כּעס.

— װעלען מיר זעהן. איצט װאָלט איך געװאָלט װיסען דעם צװײטען אױפֿטראַג, װאָס דער קאָנסול װאַראָן לוקול האָט דיר געגעבען.

דער רױמער האָט ניט באַלד געענטפֿערט. קענטיג, אַז ער האָט געמאַכט די גרעסטע אַנשטרענגונג, כּדי אײַנצוהאַלטען דעם כּעס און צו רײדען רוהיג. אין דערזעלביגער צײַט האָט זיך געטראַכט, אַז ער באַקלערט, אין װאָסער פֿאָרמע אױסצודריקען זײַן געדאַנק.

ספּאַרטאַק האָט איהם באַאָבאַכטעט, און אַ קוים באַמערקבאַרער שפּאָט האָט געשװעבט איבער זײַנע ליפּען.

צולעצט, עפּעס אַזױ װי ער װאָלט זיך אָנגעטאָן אַ כּח, האָט דער אַלטער געזאָגט:

— דער קאָנסול האָט מיר באַאױפֿטראַגט דיר פֿאָרצושלאָגען אװעקצולײגען די װאָפֿען.

— אָ, אָ! און אױף װעלכע באַדינגונגען? — האָט אױסגעשריען דער פֿאַרװאונדערטער ספּאַרטאַק?

— װי אונז איז באַװאוסט, קלײבסטו זיך חתונה צו האָבען מיט אַ נאָבעלער רױמישער מאַטראָנע.

װאָס געהט עס אײַך אָן! — האָט ספּאַרטאַק צאָרנדיג איהם איבערגעשלאָגען.

— ערלױב נאָר, ערלױב! — האָט דער פּאַטריצי אױף מיט

בייזקייט איהם ערווידערט : — וואלעריא שטאמט פון אן אלטער יחוס'דיגער משפחה. אזא שידוך פאר איהר באטראכט דער סענאט פאר ניט אנשטענדיג. אויב דו ווילסט זי זאל זיין דיין ווייב, מוזטו האבען א ראנג ניט נידעריגער פון קוועסטער אדער פרעפעקט. און אזא ראנג קאנסטו באקומען פון רוימישען סענאט, ווען דו וועסט אוועקלייגען די וואפען און מעהר קיין מלחמה ניט פיהרען מיט אונז. דו קאנסט זיך איצט אויסקלייבען איינס פון די ביידע : אויב די ווילסט זיך אויסצייכענען אויפ'ן מיליטערישען געביט, וועסטו דיענען אלס קוועסטאר אונטער דער קאמאנדע פון פאמפעי'ען ; און אויב דו וועסט וועלען פארברייננגען א רוהיג לעבען, קאנסטו דיענען אלס פרעפעקט אין וועלכער אפריקאנישער שטאדט דו וועסט אליין וועלען.

— און מיינע חברים ? — האט ספארטאק געזאגט, אפמעס־טענדיג דעם רוימער מיט אזא בליק, אז יענער איז געווארען אפהענ־דיג, ניט זייענדיג בכח אויסצוהאלטען אזא שטרענגען פייערדיגען בליק.

— זיי וועלען מוזען זיך פאנאנדערגעהן : די שקלאפען וועלען זיך אומקעהרען אין זייערע געפענגניסען, און די גלאדיאטארען אין די שוהלען.

— און מיט דעם וועט זיך אלעס ענדיגען ?

— דער סענאט פארגעסט און איז מוחל.

— א, ווי גרויסמוטיג ער איז !

— וואס נאך ווילט איהר ? דער סענאט האט דאך געקאנט אייך אלעמען אומברייננגען, און אנשטאט דעם איז ער אייך מוחל. איז דאס אייך אויך ווענינ ?

— א, פארקעהרט, נאך צופיעל ! דער סענאט איז מוכל א ישונא —· א זיעגער, א שונא אין פולער באוואפענונג ! געוויס איז דאס א ביישפיעללאזע גרויסמוט !... און וואס דארף איך זאגען מיינע חברים ? פריינד מיינע, איך זעה, אז איהר האט א טעות געהאט ; אונזערע זיעגען זיינען גארניט געווען קיין זיעגען, פארקעהרט, דאס זיינען גאר געווען מפלות. און דארום קעהרט זיך ווידער אום צו אייערע הארען און טוט ווידער אן די קייטען,

די שקלאפען־קייטען !... שעהן וועל איך אויסזעהן אין זייערע אויגען !

— איז ביי דיר גארנישט ווערט די עהרע, וואס מען וועט דיר צוטיילען, דיר, א בארבאר ? פון א פארהאסטען רודיארי וועסטו ווערען א קוועסטאר אדער א פרעפעקט. דערצו נאך וועסטו קריגען פאר א ווייב א אנגעזעהענע רוימישע מאטראנע.

— און מיט וואס בינסטו אזוי זיכער, אז די גלאדיאטארן וועלען זיך פאנאנדערגעהען ?

אזא געשיקטער ארמיי־פיהרער, ווי דו בינסט... — האט דער קאנסול געזאגט לאנגזאם און אומענטשלאסען, — און א חוץ דעם וועט דאך דאס פאר זיי זיין בעסער... קורץ, דו קאנסט עס לייכט דורכפיהרען.

— אויף וואסער אופן ?

— נו, לאמיר זאגען, פארפיהרען די חיל... צופעליג... אין א וועלכען עס איז אומבאקוועמען ארט...

— וואו דער קאנסול ווארען לוקול זאל די חיל ערווארטען ליגענדיג באהאלטען און אלעמען אומברייגנגען ? אדער נעמען אין פלען ? — האט ספארטאק איהם איבערגעשלאגען בלאס ווערענדיג פון כעס. — דעמאלט וואלט גאנץ לייכט געווען צו דער־שטיקען דעם אויפשטאנד און צושרייבען צו זיך דעם כבוד און דעם נצחון ? ניט אמת ?

ווארען לוקול איז אפהענדיג געווארען און האט געשוויגען. איהם האט פארדראסען, וואס ער האט אזוי אומפארזיכטיג זיך ארויסגערעדט און וואס מען קאן שוין צוריק ניט כאפען.

— איך דאנק די געטער, — האט ספארטאק פארטגעזעצט, — וואס דער פארהאסטער גלאדיאטאר קאן אכטען די רעכטען פון פעלקער און וואס דער צארן, וואס ברויזט אין מיר, האט ניט פאר־טונקעלט מיין פארשטאנד ! איך געדענק, אז דו בינסט א שליח פון סענאט ! דו בינסט פונקט אזא נידעריגער און פאלשער, ווי דיין סענאט איז, די בינסט געקומען מיר פארשלאגען דעם געמיינ־סטען און נידערטרעכטיגסטען פארראט, וואס קאן נאר זיין ! דו בייסט געקומען אויספרובירען די הייליגסטע געפיהלען פון מיין

נשמה, כדי מיט באַטרוג זיך צו דערשלאָגען צו אַ זיעג דאָרט, וואו נאָר מיט געוועהר קאָן מען זיעגען !

— שווייג שטיל, באַרבאַר ! — האָט דער באַליידיגטער קאָנ־סול אייסגעשריען, — דאכט זיך, אַז דו האָסט פארגעסען מיט וועמען דו רעדסט !

— ניין, איך געדענק אויסגעצייכענט ! דו בינסט דער שלעכטער און קליינמוטיגער רוימישער קאָנסול, וואראָן לוקול ! אומזיסט האָסטו זיך איבערגעטאָן די בגדים. איך האָב דיר באַלד דערקאָנט !... דו האָסט אליין פארגעסען, מיט וועמען דו רעדסט ! נאָך זיך האָסטו געאורטיילט וועגען מיר ! דו האָסט אַ טעות געהאַט ! דאָס, וואָס פאר זיך האַלטסטו פאר ערלויבט, האַלט איך פאר זיך פאר אַ שאַנד !... געה אוועק ! קעהר זיך אום אין רוים, קלייב דאָרט צונויף נייע חיל און קום ארויס קעגען מיר אויפ'ן אָפענעם פעלד ! דאָרט, אויב דו ועסט וואגען זיך צו שטעלען מיט מיר פנים אל פנים, אָט אַזוי ווי איצט, דאָרט וועל איך דיר געבען אָן ענטפער אויף דיינע נידערטרעכטיגע אָנבאָטען !

און מיט אַ באַפעהלענדען זשעסט פון האַנד האָט ספּארטאַק איהם געוויזען די טיר.

וואראָן לוקול האָט מיט גדלות זיך איינגעוויקעלט אין זיין טאָגע און האָט מיט פאראַכטונג אַ מורמעל געטאָן :

— מיר וועלען זיך נאָך זעהן אויפ'ן שלאַכטפעלד.

אָ, ווען דאָס וואָלט פאָרגעקומען ! — האָט ספּארטאַק געענטפערט — אָבער איך גלויב דאָס ניט. הער נאָר אויס, רוימישער קאָנסול ! — האָט ער לוקול'ן נאָכגעשריען : — איך ווייס, אַז אַלע מיינע סאָלדאַטען, וואָס זיינען אריינגעפאַלען צו אייך אין פּלען, האָט איהר געקרייציגט. דארום זאָג איך דיר אָן אַ פּריזהער, אויב אין פארלויף פון צוואַנציג טאָג וועל איך פון אייך ניט קריגען די פארלאַנגטע געוועהר, וועלען אייערע פיער טויזענ־ סאָלדאַטען אויך געקרייציגט ווערען.

— דו וועסט ניט וואגען דאָס צו טאָן ! — האָט לוקול אויס־ געשריען ציטערענדיג פון צאָרן.

— אַלץ איז ערלויבט מיט אַזעלכע מענשען, ווי איהר זייט !

יוויבאלד פאר אונז אנערקאנט איהר ניט אלגעמיין מענשליכע רעכ־טען אין איהר טרעט איבער בנוגע צו אונז די אינטערנאציאנאלע געזעצען, ווי אזוי קאנט איהר פאדערן מיר זאלען אכטען די דאזיגע געזעצען? אזוי ווי איהר באגעהט זיך מיט אונז, אזוי וועלען מיר זיך באגעהן מיט אייך.

נאך דעם האט ספארטאק ארייננערופען די גלאדיאטארען און זיי געהייסען באגלייטען ביז'ן טויער פון לאגער דעם קאנסול מיט זיינע באגלייטער, און אליין האט ער ארייננערופען צו זיך קריקס'ן, גראניק'ן און ענאמאי'ען און האט זיי דערצעהלט וועגען זיין געשפרעך מיט'ן רוימישען קאנסול.

אלע דריי זיינען געוועזען אויפגעבראכט פון סענאט'ס ביטרע־קייט און געמיינהייט און געריהרט פון ספארטאק'ס טאט. זיי זיינען פון איהם אוועק, דורכגעדרונגען נאך מיט מעהר ליעבע צו איהם, נאך מיט מעהר צוטרוי און אכטונג.

בלייבענדיג אליין אין זייןביידעל, האט ספארטאק לאנג זיך ניט געקאנט בארוהיגען, און באדריקט פון לעסטיגע געדאנקען, איז ער פארטראכטערהייד געזעסען ביים פענסטער, דעם קאפ אונטער־געשפארט מיט די הענד.

עפעס אימיצענס לייכטע טריט, וואס האבען הינטער איהם אפגעקלאפט, האבען איהם געצוואונגען זיך אומצוקוקען.

פאר איהם איז געשטאנען וואליבידא אין איהר געוועהנליכער קלייד, די האר פאנאנדערגעלאזט איבער די שולטערן. דאס מאל איז זי געוועזען בלאס און טרויעריג.

אויף ספארטאק'ס פראגע, וואס זי וויל, האט זי זיך פאנאנ־דערגעוויינט.

מיינענדיג, אז איהר האט געטראפען עפעס אן אומגליק, האט ספארטאק גענומען זי פאנאנדערפרעגען. און זי האט גענומען איהם דערצעהלען, וויפיעל באליידיגונגען און ערנידערונגען זי איז אויסגעשטאנען פון די רוימער, וויפיעל שווערע פארלוסטען און ענטוישונגען איהר איז אויסגעקומען איבערצוטראגען אין פארלויף פון איהר קורצען לעבען.

— איך בין איינינקע אליין, גאנץ איינזאם! — האט זי

געכליפעט. — שטעל זיך נאָר פאָר, וואָס דאָס באַדייט ! אין דער גאַנצער וועלט האָב איך ניט קיין איין נאָהענטען מענשען, פאַר וועמען איך זאָל קאָנען דערצעהלען מיינע איבערלעבונגען, מיט וועמען איך זאָל קאָנען טיילען מיינע געדאַנקען, מיין פרייד און טרויער !

— איך פאַרשטעה אָבער ניט, וואָס דו פאַרלאַנגסט פון מיר, — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט, זיך באַמיהענדיג צו זיין וואָס מילדער.

עווטיבידא, זיך פּלאָנטערענדיג, איבערשפּרינגענדיג פון איין געדאַנק צום צווייטען, האָט גענומען איהם ערקלערען, וועלכע געפיהלען עס האָבען זי געבראַכט אין גלאַדיאַטאָרישען לאַגער. זי איז געוועזען זיכער, אַז ספּאַרטאַק וועט זיין גערידהרט פון איהר אָפענהאַרציקייט און איבערעגבענקייט.

ווי גרויס איז אָבער געוועזען איהר ענטוישונג, בעת ספּאַרטאַק האָט איהר ערקלערט, אַז ער האָט שוין אַ כלה, וואָס נאָר זי קאָן הערען זיין פרוי : ענטוועדער זי אָדער קיינע ניט.

עווטיבידא האָט זיך דערפיהלט טיף באַליידיגט.

סטייטש ? יענע וואַרט ערגעץ־וואו אין אַ זיכערען אָרט, כדי דאָס גליק זאָל אַליין אַריינפּליהען ביי איהר אין די הענד ! און זי, עווטיבידא, האָט מיט אַ שווערד אין די הענד געוואָלט זיך עראָבערען דאָס גליק, אָפּפערענדיג מיט איהר פאַרמעגען און ריזיקירענדיג מיט איהר לעבען. און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אַלע איהרע קרבנות און חלומות זיינען געוועזען אומזיסט.

נאָך מיט איין מינוט פאַר דעם האָט זי אויפריכטיג געגלויבט אין איהר גרייטקייט איינגאַנצען זיך צו ווידמען צום „פאַראיין פון די אונטערדריקטע" און מיט אַלע מעגליכקייטען צו פאַרטיידיגען זייערע אינטערעסען. איצט איז זי געוועזען גרייט מיט אַלערליי מיטלען שאַדען צו טאָן דעם דאָזיגען פאַראיין, כדי צו ערגערען ספּאַרטאַק׳ן. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט זי טיעף באַליידיגט, און זי האָט איהם געהאַסט. איהרע אַלע געפיהלען, איהרע אַלע געדאַנקען האָבען זיך איצט צונויפגעגאָסען אין איין זינגלאָזען, אומעצאַהמטען וואונש נקמה צו נעמען.

— אָ, איך וויים, ווער דיין כלה איז ! — האָט עווטיבידא

געזאָגט גרין ווערענדיג פון צאָרן. — דאָס איז די פּאַרמאַסקירטע, די באַטריגירין וואַלעריאַ מעסאַלאַ.

— גענוג ! ניט איין וואָרט מעהר ! — האָט ספּאַרטאַק בייז געזאָגט. — זאָלסט ניט וואַגען אַזוי צו ריידען וועגען איהר !... גע שוין אַרויס פון דאַנען און מעהר זאָלסטו קיינמאָל ניט קומען אין מיין ביידעל... מעהר קאָנסטו ניט בלייבען אין דיענסט ביי מיר.

דאָס איז שוין געווען צופיעל. זי איז ווילד געוואָרען און ווי אַ פייל פון בויגען איז זי אַרויסגעלאָפען פון ביידעל.

זי איז געפאַלען ביי זיך אויפ'ן בעטעל און האָט לאַנג געכלי־פּעט און געפלוכט.

— וואַרט נאָר ! — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, דראָהענדיג מיט'ן פויסט. — איך וועל פון דיר נקמה נעהמען, אָ, דאָס וועט זיין אַזאַ נקמה, אַז דער גהינם אַליין וועט פון שרעק אויפציטערן.

15־טער קאַפּיטעל.

## די אונאײניגקײט. די קאַמערינישע שלאַכט. ענאַמאַי'ס טויט.

אין אַכטצעהן טעג אַרום נאָך ספּאַרטאַק'ס געשפּרעך מיט לוקול'ן האָט מען אין גלאַדיאַטאָרישען לאַגער צוגעשיקט פּאַנצערס, ש־ווערדען און וואַרף־שפּיזען אין אויסטויש פאַר די פיער טויזענד געפאַנגענע רוימער. איצט האָט ספּאַרטאַק געהאַט די פולע מעגליכקייט צו באוואפנען זיינע צוויי נייע לעגיאָנען.

כל זמן די רוימער האָבען ניט געקאָנט אַרויסשטעלען קעגען איהם קיין נייע חיל, איז ער אַרומגעגאַנגען די געגענד אַרום אַפּולי און האָט פאַרנומען אַלע שטעדט, וואָס זיינען געלעגען ביים וועג. דאָרט האָט ער אויסגעקליבען אַ גוטען פּונקט און איהם באַפעס־טיגט, מיט'ן ציעל דאָרט צו פאַרבריינגען איבער ווינטער.

ספּאַרטאַק האָט פאַרשטאַנען, אַז וואָס ווייטער אַלץ שווערער וועט איהם ווערען צו קעמפען מיט רוים, און ער האָט ערנסט גענו־מען באַקלערען, וואָס זאָל ער אונטערנעמען, אום צו דערגרייכען אַ ענטשיידענעם ערפאָלג. זיין פּלאַן איז געווען, אַז מ'זאָל די גאַנצע אַרמיי אַוויספיהרען פון די איטאַליענישע גרעניצען, הינטער די אַלפּען, זי צוטיילען נאָך די נאַציאָנאַליטעטען, און יעדע אַפּטיילונג אַהיימצושיקען אַהיים. דאָרט, צווישען די אייגענע לאַנדסלייט, וועט יעדע אַפּטיילונג צוקריגען נייע מענשען און אויף אַזאַ אופן פאַר־גרעסערען איהרע קרעפטען. דערנאָך, זיך צונויפריידענדיג מיט די איבריגע, ווידער זיך אומקעהרען אין איטאַליען, כדי מיט אַמאָל זיך אַ לאָז צו טאָן אויף רוים.

פון אָנהויב איז די מערהייט פון די פיהרער געווען קעגען

דעם ראָזינגען פּלאַן. אָבער ביסלעכווייז האָט ספּארטאַק זיי איבער־געצייגט, אַז נאָר אויף אַזאַ'ן אופן קאָן מען בייקומען דעם שטאַר־קען שונא.

אָנהויב פריהלינג האָט ער גענומען פיהרען צו סאַמניאום זיין אַרמיי וואָס איז באַשטאַנען פון דריי און זיבעציג טויזענד מאַן.

צעהן טעג האָט געדויערט ביז ער האָט דערגרייכט אומבריא. דאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער קאָנסול לענטול קלאַדיאַן מיט אַן אַרמיי פון דרייסיג טויזענד האָט זיך געקליבען איהם צו פאַר־צאַהמען דעם וועג צו פּאָ; דער צווייטער קאָנסול, געלי פּובלי־קאָלאַ, איז געגאַנגען אויף איהם פון הינטען, אום איהם צו פאַר־צאַהמען דעם ריקצוג אין אַפּולי.

דער רוימישער סענאַט, פאַרשטעהענדיג צולעצט די גאַנצע געפאַהר פון דער דאָזיגער מלחמה, האָט באַשלאָסען אַרויסצושיקען קעגען ספּאַרטאַק'ן ביידע קאָנסולען, אַ זאַך, וואָס דער סענאַט פלעגט ניט נאָר אין גאַנץ שווערע פעלע.

די קאָנסולען, באַלד ווי זיי זיינען אַריין אין מאַכט, האָבען גענומען זאַמלען אַרמייען — איינער אין לאַפּיום, דער צווייטער אין אומבריא.

אין רוים האָט מען געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף אָט דער ־אָפּעלטער עקספּעדיציע, און קיינער האָט ניט געצווייפעלט, אַז דאָס מאָל וועט זיך איינגעבען צו מאַכען אַ סוף פון דער דאָזיגער ערנידעריגענדער מלחמה.

געוואַהר ווערענדיג וועגען דעם צוג פון זיינע געגנער, האָט ספּאַרטאַק האַסטיג גענומען פיהרען זיין אַרמיי צו סאַמניאום, וואו ער האָט בדעה געהאַט זיך צו באַגעגענען מיט געלי פּובליקאָלאַ.

נאָר שפּעטער, בעת ער האָט זיך דערוואוסט, אַז געלי פּובלי־קאָלאַ האָט זיך באַפעסטיגט און ער וואַרט אויף דער קאַוואַלעריע, איז פאַר איהם קלאָר געוואָרען, אַז פריהער ווי אין פופצעהן טעג אַרום וועט ער בשום אופן ניט קאָנען אַרויסטרעטען קעגען איהם אויפ'ן אָפענעם פעלד, און ער האָט זיך דאַרום צוריק אומגעקערט אין אומבריא, כדי אַרויסצוטרעטען קעגען דעם צווייטען קאָנסול, לענטול קלאַדיאַן. כדי גוט זיך צו באַקאָנען מיט'ן פעלד פון

דער צוקינפטיגער שלאכט, איז ספארטאק אוועק עס באקוקען, באגלייט פון א קליינער אפטיילונג קאוואלעריע.

גאנץ אליין, פארטראכטערהייד, האט ער געריטען פאראויס אויף זיין מעכטיגען פערד. אויף זיין פנים האט מען געקאנט זעהן, אז זיינע געדאנקען זיינען ניט קיין פרעהליכע.

ער האט געטראכט וועגען ענאמאי׳ען, וואס האט זיך אין דער לעצטער צייט געביטען און, ווי ס׳איז קענטיג געוועזן, זיך געהאל־טען אן א זייט. אויף דער לעצטער קריעגס בעראטונג איז ער געוועזן דער איינציגער, וואס איז ארויסגעטראטען געגען ספאר־טאק׳ס פארשלאג אוועקצוגעהן הינטער די אלפען. זיינע איינ־ווענדונגען האט ער ארויסגעזאגט אין א שארפער און באליידיגענ־דער פארם. זעהענדיג, אז קריקס, גראניק און די אנדערע פיהרער זיינען מעהר אויף ספארטאק׳ס זייט, איז ענאמאי אינגאנצען ארויס פון געדולד, א צעווילדעטער איז ער ארויסגעלאפען פון ביידעל און האט מעהר ניט געוואלט זיין אויף די בעראטונגען.

ספארטאק האט ניט געקאנט באגרייפען די אורזאכע, וואס האט מיט אמאל ארויסגערופען אזא ענדערונג אין איהם, אין זיין נאהענטסטען חבר, וואס איהם האט ער אזוי הייס און אויפ־ריכטיג געליעבט, וואס מיט איהם פלעגט ער זיך טיילען אלע ליידען און פריידען, אלע שווערקייטען און געפאהרען פון די לעצטע יאהרען. אומזיסט האט ער זיך באמיהט ארויסצורופען ענאמאי׳ען אויף אן אפענהארציגער ערקלערונג: דער איינגעשפארטער ענאמאי, וואס איז פריהער געוועזן אזוי אפענהארציג און בארע־דעוודיג, איז איצט געווארען געהיימניספול און שווייגענדיג, ער האט בשום אופן ניט געוואלט זיך אריינלאזען אין וועלכע עס איז ערקלערונגען.

די זאך האט זיך אבער ערקלערט גאנץ איינפאך: עווטיבידא, וואס האט געשווארען נקמה צו נעמען פון ספארטאק׳ן, האט עס אנגעשטעלט ענאמאי׳ען קעגען איהם. א ביטערע און געשיקטע פון דער נאטור, האט זי באלד פארשטאנען, וואס פאר א מעכטיגע ראכע־געצייג דער שיקזאל האט איהר צוגעשיקט אין דעם ראזיגען גראבען און באשרענקטען ענאמאי׳ען. זי האט זעהר גרינג געוואר־

נען זיין צוטרוי און ביםלעכווייז האָט זי געגומען איהם אָנשטעלען קעגען ספּאַרטאַק׳ן. זיין יעדע טאַט, זיין יעדע אבזיכט האָט זי פאַר ענאָמאַי׳ען אויסגעטייטשט אין א פאַלשען זין און אויף אזאַ׳ן אופן האָט זי אונטערגעבראָכען ענאָמאַי׳ס בלינדען גלויבען אין זיין פיהרער, ביז וואנען ער האָט אינגאנצען פאַרלאָרען די אכטונג צו ספּאַרטאַק׳ן. אָבער מאָדנע: אין ספּאַרטאַק׳ס אנוועזענהייט פלעגט ענאָמאַי ווערען אַן אנדער מענש. דער אומצוטרוי צו איהם, וואָס עווטיבידא האָט אויף איהם אָנגעהויכט, פלעגט פאַר־שווינדען, און ענאָמאַי פלעגט זיין גרייט צו פאַרגעטערען זיין הויפּט־קאָמאַנדיר אזוי ווי פריהער, ווען ער זאָל נאָר ניט מורא האָבען דערמיט צו ערגערען עווטיבידיא׳ן.

אָט דערפאַר האָט ער געזוכט אויסצומיידען ספּאַרטאַק׳ן און האָט ניט געוואָלט זיך ערקלערען מיט איהם, זיך דורכרעדען מיט איהם אויג אויף אויג. ער האָט פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט באַשטימען, ווער עס איז גערעכט: ספּאַרטאַק אָדער עווטיבידא? און זיין עהרליכע נאַטור האָט דערפון געליטען.

קומענדיג צוריק פון די אויסזעהונגען, האָט ספּאַרטאַק גע־הייסען באַלד אריינרופען ענאָמאַי׳ען.

ענאָמאַי איז אריינגעקומען א פאַרצאָגטער און אומצופרי־דענער און האָט זיך מוטלאָז באַגריסט מיט ספּאַרטאַק׳ן.

ספּאַרטאַק האָט זיך געמאַכט ניט באַמערקענדיג, ער האָט איהם פריינדשאַפטליך געדריקט די האַנד און מיט א גוטמוטיגען טאָן געזאָגט:

— מיר מוזען זיך דורכרעדען, ברודער מיינער.

— געוויס, איך מיין אויך אזוי, — האָט ענאָמאַי געענטפערט מיט רוגזה: — מיר האָט שוין דערעסען צו זיין א שפּילצייג אין דיינע הענד. שוין בעסער זיין א קנעכט ביי די רוימער, איידער ביי דיר.

— דו בינסט ביי מיר א קנעכט!... בינסטו ביים זינען, ענאמאַי? אין וואָס באַשטעהט די קנעכטשאַפט?

ענאמאַי איז געוואָרען צוטומעלט. ער האָט אייגענטליך אַליין ניט געוואוסט אין וואָס עס באַשטעהט די קנעכטשאַפט.

וואָס עווטיבירא זעהט און ווייזט איהם אַלע מאָל אָן. דערצו נאָך האָט ספּאַרטאַק׳ס מילדע שטים און זיין טרויעריגער בליק, וואָס האָט אין זיין נשמה אַריינגעדרונגען, געוועקט דאָס וואַכזאַמע געוויסען פון דעם דאָזיגען איינפאַכען אָבער גאַנצען מענשען. איהם האָט ווידער געגומען ציהען צו דעם דאָזיגען מערקווירדיגען פיהרער, וואָס איהם האָט ער נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק פאַרגעטערט.

„געטער! — וואָס איז דאָס פאַר אַ כישוף, וואָס דער דאָזיגער פראַקיער באַזיצט, אַז ער קאָן אַזוי אונטערטעניג מאַכען אַנדערע?" — האָט ענאָמאַי געטראַכט.

— ענאָמאַי! מיט וואָס האָב איך דיר באַליידיגט? מיט וואָס בין איך שולדיג קעגען דיר? — האָט ספּאַרטאַק ווידער אָנגעהויבען. — איך האָב דיר אַלע מאָל ליעב געהאַט, ווי אַ ליעבּליכען ברודער, איך האָב מיט דיר געטיילט אַלע מיינע האָפנונגען און פּלענער, און פּלוצלינג האָסטו מיר גענומען אויסמיידען אַזוי ווי מיר וואָלטען געוועזן די ביטערסטע שונאים.

— ניין, ניין! — האָט ענאָמאַי אויסגעשריען, ניט זייענדיג אימשטאַנד וויטער איינצוהאַלטען זיינע געפיהלען, — איך בין קיינמאָל ניט געוועזן און וועל ניט זיין דיין שונא. אָבער פאַר וואָס ווילסטו אונז פיהרען הינטער די אַלפּען, און ניט אין רוים?

— אַך, ענאָמאַי, פאַרשטעה אַז מיר קענען ניט נעמען רוים. דערמאָן זיך, אַז רוים האָבען ניט געקאָנט נעמען ניט פּירר און ניט אַנניבאַל. דאָס איז אַ ריעז: ווארף איהם אַנידער אויף דער ערד, וועט ער זיך מאָרגען אויפהויבען נאָך שטאַרקער, ווי געוועזן. באַזיעגט היינט, וועט ער מאָרגען אַרויסשטעלען נייע לעגיאָנען, מיט וועלכע מיר וועלען ניט זיין אימשטאַנד צו קעמפפען.

לאַנג האָבען זיי נאָך גערעדט אויף דער דאָזיגער טעמע. צולעצט האָט ענאָמאַי זיך פאָלשטענדיג איבערצייגט, אַז ספּאַרטאַק איז גערעכט.

— זיי מיר מוחל, ספּאַרטאַק! — האָט ענאָמאַי היציג אויסגעשריען, — איך וועל זיך שוין מעהר מיט דיר קיינמאָל ניט אַמפּערן! דו בינסט ניט קיין מענש, נאָר אַ האַלבער גאָט! איך ליעב דיר און אַכט דיר נאָך מעהר, ווי פריהער! און אויב דו

זוילסט מיר באווייזען, אז דו בינסט מיר מוחל, זאָלסטו אין דער פאַרשטעהענדער שלאכט מיט לענטול קלאַדיאַן מיר מיט מיינע נערמאנען אוועקשטעלען אין דעם געפעהרליכסטען אָרט! זאָגסטו מיר צו?

ענאָמאַי'ס ווערטער האָבען ספּארטאַק'ן געריהרט.

— יא, איך זאָג דיר צו, — האָט ספּארטאַק געענטפערט. — דו ווייסט אז אין מיין הארצען איז קיין אָרט ניטאָ פאַר שרעק, פונקט אזוי, ווי פאַר ליגען.

פריינדליך רעדענדיג צווישען זיך, זיינען ביידע פיהרער ארויסגעגאנגען פון ביידעל. ארטאריקס, וואָס האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקעהרט פון די אויסזעהונגען, איז זיי געקומען אנטקעגען. ער האָט זיך מיט זיי באגריסט און געמאָלדען ספּארטאַק'ן, אז א טייל פון שונא'ס קאוואלעריע איז שוין אָנגעקומען צו געליען און אז אין פינף טעג ארום קאָן מען ערווארטען אן איבערפאַל.

ספּארטאַק האָט זיך פארטראכט. די ידיעה איז געווען זעהר א וויכטיגע.

— אויב אזוי, — האָט ער געזאָגט נאָך א קורצער פויזע, — וועלען מיר מאָרגען ארונטערנעמען דעם לאגער און איבערמאָרגען ארום האלבען טאָג וועלען מיר צוגעהן ביז קאמערינא. לענטולא וועט אזוי גיך אהין ניט באווייזען; ער וועט אהין אָנקומען, לכל הפחות, מיט א מעת־לעת שפּעטער. דערווייל וועלען מיר באַ־וויזען זיך אָפּצורוהען און מיט פרישע קרעפטען וועלען מיר אטאַ־קירען זיין מיעדען רעגימענט. נאָכדעם וועלען מיר זיך א לאָז טאָן אויף געליען. וואָס זאָגסטו צו דעם פּלאַן, ענאָמאַי?

— איך בין ענטציקט פון דיין פּלאַן! — האָט ענאָמאַי ענ־טוזיאסטיש געענטפערט.

א היימליכער און צופרידענער איז ער אוועק צו זיך אין ביידעל. פונקט אזוי ווי א בארג וואָלט איהם ארונטערגעפאַלען פון די שולטערן: אזוי גרינג איז איהם געוואָרען דערפון, וואָס אלע זיינע צווייפלען זיינען פארשוואונדען און ער האָט ווידער געגלויבט ספּארטאַק'ן. אָבער ניט לאנג האָט זיין היימליכקייט אָנגעהאלטען.

עווטיבידא האָט שוין געוואָרט אויף איהם. אויפגערייצט פון דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט ענאָמאי'ען, האָט זי אָנגעווענדעט איהר גאנצע ביטערקייט, איהר גאנצע בארעדזאמקייט, אום ארָאָפּצושלאָגען פון טאָלק דעם דאָזיגען גראָדען מענשען. אלץ, וואָס זי האָט גערעדט, איז געווען אזוי איבערצייגענד, אזוי נאָהענט צום אמת, אז אין א האלב שעה ארום איז דער אָרעמער ענאָמאי ווידער געפייניגט געוואָרען פון צווייפלען און ער האָט ניט געוואוסט, אויף וועמעס זייט איז דער אמת.

זעהענדיג, וואָס פאר א ווירקונג איהרע ווערטער האָבען אויף איהם, האָט עווטיבידא ניט געשפּאָרט קיין פארבען און האָט אלץ מעהר אויל אונטערגעגאָסען אין פייער. זי האָט געזאָגט:

— דו מיינסט, אז ער האָט זיך טאקע אָפּגעזאָגט פון וואראָן לוקולא'ס אָנבאָט? ער מאכט נאָר אזוי דעם אָנשטעל. אין אמת'ן אָבער פיהרט ער נאָך ביז היינט אונטערהאנדלונגען מיט רוים. דאָס ווייס איך אויף זיכער. ער מיינט טאקע נאָר איינפאך צו טאָן דאָס, וואָס דער קאָנסול האָט איהם פאָרגעשלאָגען, ס'הייסט, אייך פארפיהרען אין אַן ענגען אָרט, וואו די רוימער וועלען אויף אייך שוין פון פריהער לויערן פון זייער באהעלטענים. אָט דערפאר וויל ער אייך ניט פיהרען אויף רוים. באטראכט נאָר אליין, פון וואנען וועט רוים נעמען סאָלדאטען, ווען זי איז איצט געצוואונגען צו פיהרען דריי מלחמות אויף אמאָל: מיט אייך, מיט סערטאָרי'ען און מיט מיטרידאט'ן? רוים איז איצט אָפּגעשוואכט און אויסגעצעהרט, און ספּארטאק וויל אייך פארזיכערן, אז רוים איז נאָך אין פולער מאכט. און מיר מוזען גלויבען! אָנשטאָט צו געהן אויף דער שוצלאָזער שטאָדט מיט זיין זיבעציג טויזענדיגער ארמיי, שלאָגט ער נאָר אייך פאָר צו לויפען הינטער די אלפּען! און דו גלויבסט, אז ער וויל טאקע אונז פיהרען אהין, און ניט אין א פאסטקע, וואָס ער האָט שוין פון פריהער צוגעגרייט פאר אונז?

— אָ, וואָס רעדסטו? — האָט ענאָמאי ארויסגעזיפצט, — דאָס איז דאָך שרעקליך!

— אָבער נאָך שרעקליכער וועט זיין, ווען דו וועסט דאָס

דערלאָזען און דערנאָך געפּייניגט ווערען פון חרטה, פאַר וואָס דו האָסט מיר ניט געהאָרכט אין דער צייט. דיין פליכט איז צו צושטערען דעם ראָזיגען טייוועלשען פּלאַן, ווייל דו בינסט דער עהרליכסטער און העלדישסטער פון אַלע קאָמאַנדירען. פיהר אוועק דיינע ברידער — הערמאַנען, אויב דו ווילסט ניט מען זאָל זיי צווינגען דורך באטרוג מיט שאנד אוועקצולעגען די געוועהר.

— איך שווער מיט די דונערן פון טאַרא! — האָט ענאָמאַי אויסגעשריען א קלאַפּ טוענדיג מיט'ן פויסט אין טיש, — דערצו וועל איך זיי ניט דערלאָזען!

— אויב אזוי טאָ פיהר אוועק דיינע ברידער — הערמאַנען וואָס גיכער! און נאָך זיי וועלען אוועקגעהן די גאַללען, די איללאַרי־ער און די סאַמניטען. דו וועסט זיין זייער פיהרער, און דיר אַליין וועט צוגעטיילט ווערען דער כבוד פאַר באַלאַגערן און איינ־נעהמען רוים. און ספּארטאַק לאָז בלייבען נאָר מיט די פּראַקיער און גריכען... און געהן זאָלסטו באַלד! געה און וועק אויף דיינע לעגיאָנען און אויך די גאַלישע, און לאָמיר נאָך היינט ביינאַכט אוועקגעהן פון לאַגער.

זאָגענדיג דאָס האָט עווטיבידא דערלאַנגט ענאָמאַי'ען דעם שלעם און פּאַנציר און איהם געאיילט וואָס גיכער אָנצוהויבען דעם פעלד־צוג.

אין א ווײַלע ארום האָבען גענומען שאַלען די טראָמפּייטען פון די הערמאַנישע לעגיאָנען, און אַלע צעהן טויזענד הערמאַנען האָבען זיך אויסגעשטעלט אין א מיליטערישער אָרדנונג, גרייט ארויסצוטרעטען.

ענאָמאַי האָט געהייסען עפענען די טויערן, און זיינע לעגיאָ־נען האָבען שטיל גענומען ארויסגעהן אין פעלד.

די קלאַנגען פון די טראָמפּייטען האָבען אויפגעוועקט די גאַלישע לעגיאָנען פון דערבייאיגען לאַגער. זיי זיינען אויך ארויס־געלאָפען פון די ביידלאַך און האָבען זיך גענומען אויסשטעלען אין רייהען, מיינענדיג, אז די רוימער האָבען געמאַכט א פּלוצ־לונגען איבערפאַל אויף זייער לאַגער.

ביסלעכווייז האָט זיך די מהומה פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאגער. אויפ'ן גערויש איז ספארטאק אויך ארויסגעלאָפען פון זיין ביידעל און אויף זיין פראגע, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט איהם א סאָלדאט געענטפערט:

— ווייזט אויס, די רוימער.

ספארטאק האָט זיך אומגעקעהרט אין זיין ביידעל, כדי זיך צו באוואפענען, און איז האסטיג אוועק אין צענטער פון לאגער.

דאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אז ענאָמאי פיהרט ארוים זיינע הערמאנען, און אז די איבריגע לעגיאָנען קלייבען זיך אויך אין וועג, מיינענדיג, אז דער באפעהל ארויסצוטרעטען איז ארויסגע־געבען געוואָרען פון ספארטאק'ן. ספארטאק איז געשטאנען א צוטומעלטער, ער האָט ניט געקאָנט באגרייפען, וואָס דאָ קומט פאָר.

ביי דעם טונקעלען שיין פון די פאקלען, וואָס האָבען ערגיץ־וואו געברענט, איז ער האסטיג אוועק צו די הויפט טויערן.

די לעצטע רייהען פון צווייטען לעגיאָן זיינען שוין געווען דורכגעגאנגען דורך זיי, בעת ספארטאק איז ארויסגעלאָפען אויפ'ן ערד־וואל.

דאָ האָט ער דערזעהן ענאָמאי'ען זיצענדיג אויף א פערד און באָאבאכטענדיג, ווי די סאָלדאטען גייען פארביי.

איידער ספארטאק האָט באוויזען צו צולויפען צו איהם, האָט ער דערהערט קריקס'עס שטים, וועלכער איז אויך געלאָפען צו ענאָמאי'ען.

— ענאָמאי! וואָס האָסטו געטאָן? וואוהין געהסטו?

— איך געה אוועק פון פאררעטערס לאגער! — האָט ענאָמאי הויך געענטפערט. — אויב דו ווילסט ניט, אז דער פאררעטער זאָל דיר איבערגעבען אין די הענד פון דיינע שונאים צוזאמען מיט אלע דיינע לעגיאָנען, זאָלסטו אוועקגעהן מיט מיר, און מיר וועלען צוזאמען געהן אויף רוים.

— ווער איז דאָס דער פאררעטער, וואָס דו רעדסט וועגען איהם? — האָט געפרעגט ספארטאק, וואָס איז אָנגעקומען אויף

ענאָמאַי'ס ווערטער. — אויף וואָסער פאַרראַט ווילסטו דאָ אָנ־דייטען?

— וועגען דיר רייד איך, דיר מיין איך דאָס: דו בינסט א פאַררעטער! — האָט ענאָמאַי דראָהענד געענטפערט. — מיר האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגען רוים, און איך וויל געהן אויף רוים, און ניט אין פאַסטקע, וואָס דו ווילסט אונז פאַרגאַרען אין איהר.

— אויב דו שפּאַסט, — האָט ספּאַרטאַק געענטפערט אויסער זיך פון צאָרן, — שווער איך ביי יופּיטער'ן, אַז דיין שפּאַס קאָן דיר קאָסטען גאַנץ טייער!

— איך שפּאַס ניט, איך רייד דאָס, וואָס איך מיין — האָט ענאָמאַי געענטפערט. — איך האַלט דיר פאַר א פאַררעטער און איך מעלד דאָס פאַר אַלע חיל.

— דו ביסט א ליגנער און א רכילות'ניק! — האָט ספּאַר־טאַק הויך אויסגעשריען אַרויסציהענדיג דעם שווערד.

ענאָמאַי האָט אויך אַרויסגעצויגען דעם שווערד און זיך א וואָרף געטאָן אויף ספּאַרטאַק'ן. קריקס האָט אָנגעכאַפּט ענאָ־מאַי'ס פערד פאַר'ן צאַהם.

— ענאָמאַי! — האָט ער געגומען שרייען ציטערענדיג פון צאָרן, — אויב דו ביסט ניט משוגע געוואָרען ביסטו אַליין א פאַררעטער, וואָס רוים האָט אונטערגעקויפט! אַנדערש קאָן מען ניט ערקלערען דיין ווילדען בלבול.

— קריקס!

דאָס איז געוועזן דאָס איינציג וואָרט, וואָס דער צוקאָכטער ענאָמאַי האָט געקאָנט אויסשרייען.

— ענאָמאַי! — האָט ספּאַרטאַק געזאָגט א ביסעל געלאַ־סענער, — ווען דאָס וואָלט געוועזן אַן אַנדערער אויף דיין אָרט, ווען אַן אַנדערער וואָלט מיר געוואָרפען אין פּנים אַזא שרעקליכע באַליידיגונג, וואָלט ער שוין געלעגען א געהרג'עטער. דיר אָבער בין איך מוחל, ווייל איך זעה, אַז דו ביסט געוואָרען א קרבן עפּעס פון א וועלכער עס איז טייוועלשער אינטריגע. באַזין זיך, כל זמן

עס איז ניט שפּעט! איך שווער דיר מיט אַלץ, וואָס איז דאָ אויף דער וועלט הייליגעס, איך שווער ביי אַלע מיינע לעגיאָנען, אַז איך בין ניט שולדיג אין דעם, וואָס דו פאַרדעכטיגסט מיר! אויב איך האָב אפילו נאָר מיט איין מחשבה פאַרראַטען מיין פליכט און מיינע ברידער, זאָל מיין נאָמען באַדעקט ווערען מיט אייביגער שאַנד, און זאָל פון דור צו דור די מענשהייט מיר פאַרשילטען צוגלייך מיט איהרע סאַמע פאַרהאַסטע שונאים!

ס'האָט אויסגעוויזען, אַז אָט די אויפריכטיגע און הארציגע שבועה האָט געמאַכט אויף ענאָמאַי'ען אַ שטאַרקען איינדרוק. אָבער פּלוצלונג האָבען די טראָמפּייטען ווידער גענומען שאַלען און די גאַנצע שטימונג אין לאַגער האָט זיך באַלד געביטען.

— דאָס זיינען די גאַלישע טראָמפּייטען! — האָט קריקס אויסגעשריען.

„געהען דען די גאַלען אויף אוועק?" האָט ספּאַרטאַק אַ טראַכט געטאָן.

ביידע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו די טויערן פון לאַגער.

דאָן איז עווטיבידא צוגעגאַנגען. זי האָט ענטשלאָסען אָנ־גענומען ענאָמאַי'ס פערד אונטער'ן צאַהם און ביידע האָבען זיך אוועקגעלאָזט דעריאָגען די הערמאַנישע לעגיאָנען.

ביי די טויערן פון לאַגער האָט ספּאַרטאַק און קריקס באַגע־געגנט אַ מחנה פון די פאַרשפּעטיגטע הערמאַנישע רייטער.

— ספּאַרטאַק! — פאַררעטער! — ביידע זייט איהר פאַר־רעטער! — לאָמיר זיי צו'הרג'ענען, — האָבען די הערמאַנען גענומען שרייען און שליידערן אין זיי עטליכע פיילען.

ספּאַרטאַק און קריקס האָבען קוים באַוויזען צו פאַרדעקען די פּנים'ער מיט די פּאַנצירס אין האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אין די אַרומיגע קוסטען. צוויי פיילען האָבען אָבער געטראָפען קריקס'ן. די מחנה רייטער האָט זיי מעהר ניט פאַרפאָלגט, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך באַהאַלטען אין די קוסטען, און האָט זיך אוועקגעלאָזט דעריאָגען זייער לעגיאָן.

אַרטאָריקס און באַרטאָריקס האָבען דערווייַלע אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כדי איינצוהאַלטען אין לאַגער דעם ערשטען גאַלישען

לעגיאָן, וואָס האָט זיך געריסען נאָכצופאָלגען די הערמאַנישע לעגיאָנען.

דער לעגיאָן האָט זיך ערשט בארוהיגט, בעת קריקס האָט זיך באוויזען. זועהענדיג, אז זייער באליבטער פיהרער איז אָפּגע־גאָסען מיט בלוט, זיינען די גאלען געבליבען אָפּהענגדיג און זיינען רוהיג זיך פאנאנדערגעגאנגען אונטער זיין קאָמאַנדע.

קריקס האָט זיך מעהר ניט געקאָנט האלטען אויף די פיס, ער האָט זיך גענומען שאָקלען און איז געפאלען אויף ספּארטאַק'ן, וואָס האָט איהם אונטערגעכאפּט און אוועקגעטראָגען אין ביידעל, וואו מ'האָט איהם באנדאזשירט די וואונדען. דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט, אז די וואונדען זיינען ניט קיין געפעהרליכע.

דערווייל איז ספּארטאַק די גאנצע נאכט אָפּגעזעסען ביים צוקאָפּען פון זיין פריינד, פארזונקען אין פינסטערע געדאנקען. ער האָט געטראכט וועגען ענאָמאַי'ס אומפּאַרשטענדליכען פארראַט און וועגען דעם סוף, וואָס ערווארט איהם און זיינע סאָלדאטען וואָס ער האָט געפיהרט אויף א זיכערען טויט. ווי נאָר דער מאָרגענ־שטערן איז אויפגעגאנגען האָט ספּארטאַק געהייסען ארונטער־נעהמען דעם לאגער און מארשירען צו קאַמערינא צו.

דער קאָנסול לעטול איז דאָרט אָנגעקומען מיט א טאָג שפּע־טער פון די גלאַדיאטאָרן.

ניט לאָזענדיג זיי זיך אָפּרוהען, האָט ספּארטאַק אויף זיי געמאכט אן איבערפאל מיט א דאָפּעלט גרעסערער ארמיי און אין פארלויף פון א דריי שעה האָט ער געהאט די אויבערהאנד.

ניט קוקענדיג אויף זייער העלדישען ווידערשטאנד, זיינען די רוימער געצוואונגען געווען אָפּציטרעטען.

ספּארטאַק האָט זיי פארפאָלגט און, באגייסטערענדיג די גלאַ־דיאטאָרן מיט זיין מוט, האָט ער זיך אריינגעשניטען אין סאמע מיטען פון דער רוימישער חיל און האָט צושטערט זייערע רייהען. א שרעק איז אויף זיי אָנגעפאלען און זיי האָבען גענומען לויפען אין אומאָרדנונג.

דער קאָנסול אליין איז אנטלאָפען אין עטרוריא. זיין גאנ־

צער לאגער, די אמוניציע, די פלאגען און די קאסע איז אריינגע־ פאלען ביי די גלאדיאטארן.

ווי גרויס עס איז ניט געווען זייער פרייד מיט׳ן זיעג איבער איינעם פון די פארשטעהער פון דער רוימישער אויבערמאכט, האט אבער ספארטאק אויף א מינוט ניט פארגעסען וועגען יענער געפאהר, אין וועלכער ענאמאי׳ס לעגיאנען געפינען זיך.

דער קאנסול געלי האט אומבאדינגט געמוזט זיך דערוויסען וועגען ענאמאי׳ס צוג, און עס וואלט געווען אומוואהרשיינליך, אז ער זאל זיך ניט באנוצען מיט דער געלעגענהייט צו פארניכטען ענאמאי׳ס ארמיי.

דערפאר האט ער זיך אויף מארגען אומגעקעהרט צוריק, כדי צו באגעגענען דעם קאנסול לוקול. ווי געוועהנליך, איז פאראויס געלאפען אן אפטיילונג קאוואלעריע, כדי באצייטענס צו זאמלען אלע נויטיגע ידיעות וועגען שונא.

אויפ׳ן ערשטען רוהע־ארט האט דער קאמאנדיר פון דער גאנצער קאוואלעריא, מאמילי, געמאלדען ספארטאק׳ן, אז ענאמאי האט זיך איינגעארדענט ארום נארציא, און אז דער קאנסול געלי, זיך דערוויסענדיג פון דעם, האט געשווינד גענומען געהן אויף איהם.

געבענדיג זיינע לעגיאנען נאר זעקס שעה אויף אפרוה, האט ספארטאק ארום האלבע נאכט ארונטערגענומען דעם לאגער און דורך די הויכע בערג האט ער געפיהרט זיין חיל מיט׳ן קירצסטען וועג צו נארציא.

דער קאנסול געלי איז אין דערזעלביגער צייט שוין צוגע־ גאנגען צו ענאמאי׳ס לאגער און באגינען האט ער איהם אטאקירט.

אין פארלויף פון צוויי שעה האבען די הערמאנען מיט א זעלטענער גבורה אויסגעהאלטען דעם אנדראנג פון שונא, וואס איז געווען דריי מאל אזוי שטארק. עס איז געווען א מאמענט, בעת זיי האבען זאגאר געצוואונגען דעם שונא אפצוטרעטען, אבער דאס האט זיי ניט געהאלפען. בעת די רוימער האט זיך איינגע־ געבען זיי ארומצורינגלען פון אלע זייטען, האבען די הערמאנען פארשטאנען, אז זייער אונטערגאנג איז אומפארמיידליך, און הא־

בען באשלאָסען צו שטארבען, ווי עס פאַסט פאַר אמת'ע העלדען. די פארצווייפלונג האָט זיי צוגעגעבען איבער־מענשליכע קרעפטען און פארדאָפּעלט זייער מוט. אלע זיינען זיי געפאלען ביז'ן לעצ־טען, מאכענדיג א חורבן אין שונא'ס רייהען.

ענאָמאַי איז געווען איינער פון די לעצטע, וואָס זיינען גע־פאלען אין שלאכט. ארומגערינגעלט פון קופעס הרוגים, האָט ער זיך אלץ געפעכט ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער איז געווען פארוואונדעט אין עטליכע ערטער. א דורכגעשטאָכענער פון עט־ליכע שווערדען, איז ער ענדליך געפאלען לעבען עווטיבידא'ן, וועלכע איז שוין לאנג געלעגען אויף דער ערד.

אָבער נאָך איידער די שלאכט האָט זיך אינגאנצען געענדיגט, האָבען די סיגנאליסטען געגעבען צו וויסען די זיעגער, אז א נייער שונא דערנעהנטערט זיך.

דאָס איז געווען ספארטאק. זיינע לעגיאָנען זיינען נאָר וואָס אָנגעקומען אויפ'ן שלאכט־פעלד, און, ניט געבענדיג זיי ניט איין מינוט אויף אפּצורוהען זיך, האָט ער זיי אויסגעשטעלט אין קאמפפסאָרדענונג.

געלי, ניט פארלירענדיג קיין צייט, האָט אומגעביטען דעם פראָנט, כדי צו באגעגענען דעם נייעם שונא.

די שלאכט האָט זיך צופלאקערט מיט א נייער קראפט.

ספארטאק האָט באגייסטערט זיינע סאָלדאטען, רופענדיג זיי זיך נוקם צו זיין פאר די געפאלענע חברים.

די רוימער האָבען ניט געקאָנט אויסהאלטען דעם ווילדען אנדראנג פון די גלאדיאטאָרן און א מהומה איז אויף זיי אָנגע־פאלען.

געלי'ס מפלה איז געווען א שרעקליכע. פערצעהן טויזענד, ס'הייסט מעהר ווי א העלפט פון זיינע סאָלדאטען, זיינען אויס־גע'הרג'עט געוואָרען. די איבריגע זיינען זיך צולאָפען אין אלע זייטען, אוועקוואַרפענדיג די פלאגען און איבערלאָזענדיג דעם לאגער פאר'ן שונא. געלי אליין איז פארוואונדעט געוואָרען און האָט זיך געראַטעוועט א דאנק דער פלינקייט פון זיין פערד.

אָבער דער אונטערגאַנג פון די צוויי הערמאַנישע לעגיאָנען האָט פארשטערט די שמחה פון נצחון. אָנשטאָט צו הוליען, ווי דער שטיינער איז, האָט אין גלאַדיאַטאָרשען לאַגער דאָס מאָל געהערשט אומעט און שטילקייט. די גלאַדיאַטאָרן זיינען געווען פארנומען מיט דער קבורה פון זייערע געפאַלענע חברים. דאָס גאַנצע גרויסע פעלד איז געווען באַדעקט מיט ברענענדיגע שייטערהויפענס, וואָס אויף זיי זיינען פארברענט געוואָרען די קערפּערס פון די הרוגים.

פאַר ענאָמאַי'ען האָט מען איינגעריכט אַ באַזונדערן שייטערהויפען. זיין קערפּער האָט מען איינגעזאַלבט מיט טייערע דופּטיגע אוילען און איינגעוויקעלט אין אַן אומברענבאַרער לייכענגעוואַנד.

ספּאַרטאַק האָט עטליכע מאָל געקוסט דאָס פּנים פון זיין טויטען פריינד און האָט איהם באַוויינט. אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען ביים שייטערהויפען האָט ער אויסגערעכענט אַלע העלדענטאַטען פון זיין געפאַלענעם חבר, זיין גבורה, זיין עהרליכקייט און זיין גראַדען כאַראַקטער. פיעלע האָבען געוויינט הערענדיג די דאָזיגע איינפאַכע, געפיהלפולע ווערטער, אָבער קיינער האָט אַזוי ניט באַדויערט ענאָמאַי'ען, און קיינער איז אַזוי ניט געווען ערשיטערט פון דעם, וואָס די צוויי לעגיאָנען זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען, ווי ספּאַרטאַק אַליין: גרויסע מענשען איז באַשערט שטאַרקער צו ליעבען און צו ליידען, ווי געוועהנליכע מענשען.

ענאָמאַי'ס אַש האָט מען אריינגעשאָטען אין אַ בראָנזענער אורנע, וואָס די איינגעשראָקענע איינוואָהנער פון נאַרציאַ האָבען צוגעשיקט אויף ספּאַרטאַק'ס באַפעהל. זיי האָבען אויך צוגעשטעלט דופּטיגע אוילען און די אומברענבאַרע לייכטענגעוואַנד. די אורנע מיט ענאָמאַי'ס אַש האָט ספּאַרטאַק שטענדיג געהאַט מיט זיך און ער האָט זי געהיט צוזאַמען מיט זיינע טייערסטע געגענשטאַנדען.

פון צעהן טויזענד הערמאַנען, וואָס האָבען געקעמפּט צוזאַמען מיט ענאָמאַי'ען, האָט מען נאָר זיבען און פופציג צונויפגעקליבען

פון שלאכטפעלד מיט צייכענס פון לעבען, און נאָר ניין פון זיי זיינען לעבען געבליבען.

צווישען די דאָזיגע ניין איז איוף געוועזן עווטיבידא.

פארוואונדעט אין דער לינקער האנד, איז זי נאָך אין אָנהויב פון דער שלאכט געפאלען צוזאמען מיט׳ן פערד, וואָס איז אונטער איהר געהרג׳עט געוואָרען און זי איז געלעגען ביז וואנען די גלאדיאטאָרן האָבען צונויפגעקליבען אלע געפאלענע.

גרויס איז געוועזן איהר צער, בעת זי האָט פארשטאנען, אז איהר נקמה האָט זיך ניט איינגעגעבען; דער פארלוסט פון די צוויי לעגיאָנען האָט ספארטאק׳ן ניט געשטערט צו באזיעגען ביידע קאָנסולן און צו בלייבען ווי פריהער אומבאזיעגבאר. דער באגעהר נקמה צו נעהמען האָט זיך איצט אין איהר נאָך שטארקער צו־ברענט, זי האָט אָבער באשלאָסען איהם צו פארשטיקען אין זיך ביז א צייט און געדולדיג ווארטען אויף א געלעגענהייט, בעת זי וועט קאָנען ספארטאק׳ען דערלאנגען א נייעם קלאפ, א שטאר־קערן. אמת, די שייטערהויפענס מיט די קופעס הרוגים, וואָס האָבען אויף זיי געברענט, האָט דערוועקט אין איהר עפעס־וואָס עהנליכעס אויף געוויסענסביסען און זי האָט זיך א ביסעל געמוזט אָנשטרענגען, כדי צו דערשטיקען אין זיך די שטים, וואָס האָט צודרינגליך ווידערהאָלט: „פאר וואָס האָסטו זיי אומגעבראכט?“ אָבער עווטיבידא האָט זיך ניט געוואָלט מודה זיין אין איהר שרעקליכער שולד און זי האָט געזוכט זיך צו בארוהיגען ווי עס איז.

„ניט איך האָב זיי אומגעבראכט, נאָר ספארטאק“ — פלעגט זי אין געדאנק ווידערהאָלען: „פאר וואָס האָט ער מיר אָפגע־שטויסען? פאר וואָס האָט ער אזוי גרויזאם צושלאָגען מיינע אלע חלומות, אלע מיינע האָפענונגען? איך האָב דאָך געוואָלט זיין גוט, איך האָב געוואָלט קעמפען פאר די אונטערדריקטע. וואָס בין איך שולדיג, וואָס איך קאָן איצט אויף קיינעם קיין רחמנות ניט האָבען און וויל נאָר נקמה נעהמען“.

עווטיבידא איז געוועזן פון יענע נאטורען, וואָס פאר זיי זיינען זייערע אייגענע באגעהרען — א געזעץ און וואָס שטעלען זייער אייגענעם „איך“ העכער פון אלץ אויף דער וועלט. פאר אזעלכע

מענשען איז נאָר גוט דאָס, וואָס איז אין איינקלאַנג מיט זייערע וואונשען, און שלעכט איז נאָר דאָס, וואָס ווידערשפּרעכט זייערע וואונשען.

אין אָט דער הינזיכט איז עוּוטיבידא געוועזן דער געגענזאַץ צו ספּאַרטאַק׳ן, פאַר וועמען פּערזענליכע אינטערעסען האָבען ניט עקזיסטירט, אויב זיי זיינען געווען קעגען די אינטערעסען פון אנדערע. איהר קאָלאָסאַלע ביטרעקייט איז געוועזן איהר מעכטיג־סטע נעצייג אין קאַמף מיט איהם, און נאָך מעהר, בעת ער האָט געהאַט צו איהר דעם פולען צוטרוי. ניט זייענדיג אליין פעהיג אויף וועלכער עס איז געמיינקייט, האָט ער אזא זאַך ניט געקאָנט פאַרדעכטיגען אין אנדערע; ניט זייענדיג אליין פעהיג אויף ליגען און פאַלשקייט, האָט ער געגלויבט אין דער אויפריכטיגקייט פון אנדערע.

כאָטש זיין מיטגעבוירענע שאַרפזיניגקייט און וואַכזאַמקייט האָבען איהם אונטערגעזאָגט צו זיין פאָרזיכטיג בנוגע צו עווטי־בידא׳ן און האָבען איהם אומבאוואוסטזיניג געצוואונגען זיך צו האַלטען ווייט פון איהר, האָט ער פונדעסטוועגען מורא געהאַט זיך צו פאַרלאָזען אויף זיין געפיהל, מחמת ער האָט ניט געהאַט קיין באווייזען פון איהר אומצופערלעסיגקייט.

די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין ענאָמאַי׳ען, זיין אומפאַרשטענדליכעס אוועקגעהן פון לאַגער — דאָס אלץ האָט אין זיין נשמה אריינגעוואָרפען א פונק פון צווייפעל. ניט איין מאָל איז איהם דורכגעלאָפען א געדאַנק, צו איז אין דעם ניט שולדיג עוּוטיבידא׳ס ווירקונג. ער האָט זיך אָבער באמיהט אפּצוּוּאָגען פון זיך דעם דאָזיגען געדאַנק, ווייל זיין מיטגעבוירענע עהרליכ־קייט האָט איהם ניט דערלאָזט צו באשולדיגען א מענשען, ניט האָבענדיג קיין באווייזען. און די באָאָבאַכטונגען אויף דער דאָ־זיגער גריכישער מיידעל, האָבען מיט קיין זאַך ניט באשטעטיגט זיינע צווייפלען.

בעת עוּוטיבידא איז געפונען געוואָרען אויפ׳ן שלאַכטפעלד, און ס׳איז קענטיג געווען, אז זי האָט העלדיש געקעמפט קעגען שונא, דעמאָלט זיינען אלע צווייפלען וועגען איהר אינגאַנצען פאַר־

שוואונדען. ווען זי וואָלט געוואָלט שעדיגען די גלאַדיאַטאָרן און העלפען די רוימער, וואָלט זי דאָך ניט געקעמפט קעגען יענע און וואָלט איבערגעגאַנגען אויף זייער זייט. דאָך, זייענדיג אַרומ־גערינגעלט פון אַלע זייטען, איז זי פונדעסטוועגען דאָך געבליבען טריי.

געריהרט פון איהר שיינבאַרער העלדישקייט האָבען די גלאַ־דיאַטאָרן זי באַלוינט מיט אַ דובאָוועו קראַנץ און ספּאַרטאַק אַליין האָט איהם אַרויפגעלעגט ביי איהר אויפ'ן קאָפּ.

ווי פאַרדאָרבען עווטיבידאַ איז ניט געווען, האָט אויך איהר פאַרשטיינערטע הארץ אַ ציטער געטאָן פון חרטה. איהר געזיכט איז באַדעקט געוואָרען מיט אַ טויטער בלאַסקייט און טרעהרען האָבען זיך גענומען גיסען פון איהרע אויגען, בעת מ'האָט איהר אַרויפגעלעגט דעם קראַנץ אויפ'ן קאָפּ. זי איז גרייט געווען צו פאַלען אויף די קני פאַר ספּאַרטאַק'ן, זיך מודה זיין פאַר איהם אין אַלץ און בעטען ער זאָל איהר מוחל זיין. אָבער בעת זי האָט זיך דערמאָנט, אַז פון דעם דאָזיגען מענשען וועט זי קיין מאָל זיך ניט דערוואַרטען ניט קיין צאַרטען בליק און ניט קיין צאַרטען וואָרט, אַז איהר וידוי וועט נאָר אַרויסרופען אין איהם אַ האַס צו איהר, האָט איהר גאַנצער האַס און איהר דורשט ראַכע צו נעהמען אויפגעפלאַקערט מיט אַ נייער קראַפט.

נאָכדעם ווי זיי האָבען צוואַנציג טעג גערוהט האָט ספּאַרטאַק זיך ווידער פאַרנומען אין דער ריכטונג צו צפון, כדי אַריינצו־קומען אין גאַליען.

ער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט ביי ראַווענאַ מיט'ן ציעל איינצואָרדענען און איינצומושטירן דריי נייע לעגיאָנען פון גלאַ־דיאַטאָרן און שקלאַפען, וואָס האָבען זיך צונויפגעקליבען אונטער זיין פאָהן.

די קאָמאַנדע איבער די דאָזיגע לעגיאָנען האָט ספּאַרטאַק איבערגעגעבען דעם סאַמניט גאַיוס קאַניצי, דעם גאַל קאַסט און דעם פראַקיער אידאָמיי, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער אויסערגעוועהנליכער גבורה אין די לעצטע שלאַכטען.

האבענדיג אונטער זיין קאמאנדע אן ארמיי פון פינף און זיבעציג טויזענד, איז ספארטאק נעגאנגען ווייטער.

גאיוס קאסי, דער פרעטאר פון דער ציזאלפינישער גאליען, געוואהר ווערענדיג וועגען דער מפלה פון די ביידע קאנסולן און וועגען דעם, אז ספארטאק דערנעהנטערט זיך, האט באשלאסען איהם צו פארצאהמען דעם וועג און האט אויף געשווינד צונויפ־געקליבען אן ארמיי פון צוואנציג טויזענד.

16טער קאַפּיטעל.

## די שלאַכט ביי מאָדענא. די אויפשטאַנדען. מאַרק קראַס אויפ'ן שלאַכטפעלד.

ארויסגעבענדיג אַ באפעהל אראָפּצונעהמען דעם לאַגער, האָט ספּאַרטאַק צונויפגערופען די קאָמאַנדירען פון אַלע לעגיאָנען און האָט זיי געלאָזט וויסען, אַז דער פּרעטאָר קאַיוס קאַסי געהט אויף זיי און ער וועט זיין אין מאָדענא אין אָוונד פון דעם זעלבינגען טאָג. עס איז נויטיג געווען מאָרגען איהם צו אטאַקירען, כדי די איבריגע חיל זאָל זיך ניט קענען פאראייניגען מיט איהם.

— וואָס? מיט קאָסי'ן וועלען מיר קעמפען, — האָט דערויף באמערקט קאַניצי, — אָבער אריבערגעהן פּאָ האָבען מיר ניט ברעה.

— וואָס? — האָט ספּאַרטאַק אויסגעשריען אַן איבערראַש־טער, — וואָס האָסטו געזאָגט?

— ער האָט געזאָגט, אַז מיר זיינען ניט מסכים צו געהן מיט דיר הינטער פּאָ, — האָט פּאַר קאַניצי'ן געענטפערט אָרדזיל, קוקענדיג מיט חוצפה ספּאַרטאַק'ן אין די אויגען.

— זיבען לעגיאָנען, — האָט קאַניצי צוגעגעבען, — ווילען ניט געהן קיין גאַליען, און ווילען געהן אויף רוים.

— אָ! — האָט ספּאַרטאַק מיט ביטערקייט אויסגעשריען, — ווידער אַן אויפשטאַנד אין אונזערע רייהען! איז אייך דען ווייניג דער ביישפּיעל פון ענאָמאַי'ען?

אַ מורמעל פון אומצופרידענהייט האָט זיך געהערט צווישען די סאָלדאַטען, ס'איז קענטיג געווען, אַז זיי האַלטען מיט קאַניצי'ן.

— איהר זייט ענטוועדער משוגעים, אָדער פאַררעטער, — האָט ספּאַרטאַק מיט צאָרן געענטפערט, — איצט דראָהט אונז דער שונא, און, ביז וואַנען ער וועט ניט צושלאָגען ווערען, וועט איהר טאָן, וואָס איך וויל, ניט אַנדערש. נאָכדעם וועלען מיר צונויפרופען דעם ראַט און מיר וועלען זיך באַקלעהרען. אָבער

היט אייך, די קלענסטע אונגעהאָרכזאַמקייט אין צייט פון דער פאַרשטעהענדער שלאַכט קאָן צו טייער קאָסטען. דער ערשטער, וואָס וועט זיך ערלויבען איין אויפרייצענד וואָרט, וועט אומקומען פון מיין שווערד, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט פארפעהלט דעם ציעל.

און מיט א באַפעהלענדער האַנד־באַוועגונג האָט ער די קאָמאַנדירען געהייסען אַוועקגעהן.

די לעגיאָנען זיינען אַוועקגעגאַנגען לויט ספּאַרטאַק׳ס מאַרשרוט און אויפ׳ן צווייטען טאָג האָבען זיי דערגרייכט מאָדענאַ, וואו קאָסי האָט זיין לאַגער געהאַט אויפגעשטעלט.

די רוימער האָבען פארנומען א זעהר פאַרציגליכע און פעסטע פּאָזיציע אויפ׳ן שרעג פון די משופּע׳דיגע בערגלעך. די גלאַדיאַטאָרן זיינען אָבער געוועזען אַזוי פיעל מעהר אין צאָהל, אַז נאָך א שלאַכט, וואָס האָט געדויערט צוויי שעה, האָבען די רוימער געמוזט אַנטלויפען.

וויעדער איז דער רוימישער לאַגער מיט דער אַמוניציע אריינגעפאַלען צו די גלאַדיאַטאָרן, וואָס זייערע פארלוסטען זיינען געוועזען אומבאַדייטענדע.

ארום צעהן טויזענד רוימער זיינען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען אין דער דאָזיגער שלאַכט. דער פאַרוואונדעטער פּרעטאָר איז שיער ניט אריינגעפאַלען אין פלען און האָט זיך גערעטעט עפּעס ווי דורך א נס.

אויפ׳ן צווייטען טאָג נאָך דער דאָזיגער שלאַכט האָט ספּאַרטאַק פארזאַמעלט זיין ארמיי און ער האָט זיך צו איהר געווענדעט מיט א פייערדיגער רעדע. ער האָט באַוויזען זיינע סאָלדאַטען אַלע פאַרציגע, וואָס זיין פאַרגעשלאָגענער פּלאַן האָט און די גאַנצע מעגליכקייט צו באַזיעגען רוים. צום שלוס האָט ער פייערליך געשוואָרען, אַז ער האָט נאָר אין זינען דאָס גליק פון די גלאַדיאַטאָרן און אַז ער וועט זיי בלייבען טריי ביז דעם סוף פון זיין לעבען.

אויף ספּאַרטאַק׳ס רעדע האָבען די סאָלדאַטען געענטפערט מיט רוישיגע אַפּלאָדיסמענטען און ווען מען וואָלט די זאַך באַלד

איבערגעגעבען צו אַן אָפּשטימונג, וואָלט ספּאַרטאַק'ס פּלאַן, אָהן צווייפעל, אָנגענומען געוואָרען מיט א מעהרהייט.

אָבער קאַניצי האָט אויך געוואָלט האַלטען א רעדע. אָנגעהויבען האָט ער זיין רעדע פון דעם, וואָס ער האָט גענומען ריהמען ספּאַרטאַק'ס גבורות און פאַרדינסטען. מיט דעם האָט ער געהאַפּט אָפּצואָווענדען פון זיך יעדען פאַרדאַכט אין דעם, אַז ער פאַרגינט ניט ספּאַרטאַק'ן, וואָס וואָלט געקאָנט אָפּשוואַכען דעם איינדרוק פון זיין רעדע. דערנאָך האָט ער אויסגעדריקט זיין באַדויערן פאַר וואָס ער קאָן ניט מסכים זיין מיט דער מיינונג פון דעם אויבער־קאָמאַנדיר, וואָס צוליב זיין באַשיידענהייט קאָן ער ניט זעהן די קראַפט פון דער אַרמיי, וואָס ער האָט באַשאַפען. דאַן האָט ער גענומען שילדערן אין וואָס פאַר א האָפנונגסלאָזער לאַגע רוים געפינט זיך איצט און ווי שוצלאָז זי איז. צום שלום האָט ער פאַרשוואָרען זיינע חברים ניט דורכצולאָזען א גינסטיגע געלעגענהייט מיט אמאָל א סוף צו מאַכען פון דער רוימישער מעכטיגקייט, און האָט פאָרגעשלאָגען מאָרגען זיך אַוועקצולאָזען אויף רוים.

— אויף רוים! אויף רוים! — האָבען אין איין קול גענומען שרייען פופציג טויזענד שטימען.

בעת מ'האָט גענומען אָפּשטימען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיבען לעגיאָנען האָבען אָנגענומען קאַניצי'ס פאָרשלאַג, און די איבריגע זעקס האָבען איהם צוריקגעוויזען מיט א באַדייטענדער מעהרהייט. נאָר די קאַוואַלעריע איז אינגאַנצען געווען איינינג מיט ספּאַרטאַק'ן.

לאַנג איז ספּאַרטאַק געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און האָט א וואָרט ניט אַרויסגערעדט. געהן אויף רוים האָט פאַר איהם באַדייט דער אונטערגאַנג פון זיינע אַלע האָפענונגען.

ענדליך, זיך ווענדענדיג צו די לעגיאָנען, האָט ער צוגעגעבען:

— גוט! איך וואַרף מיר אונטער אונטער אייער ווילען! איך געה מיט אייך אויף רוים, אָבער ניט אַלס אייער פיהרער,

נאָר אַלס איינפאַכער סאָלדאַט. קלייבט אויס אויף מיין אָרט אימיצען, וואָס איז ווירדיגער פון מיר.

— ניין! ניין! — האָט געמומען שרייען דער סאַמניט ליווי גראַדעני, דער קאָמאַנדיר פון דעם צוועלפטען לעגיאָן, — דו מוזט בלייבען אונזער פיהרער, ווייל צווישען אונז איז ניטאָ קיין גלייכער צו דיר.

— לאָמיר ספּאַרטאַק'ן וויעדער ערוועהלען פאַר אונזער פיה־רער! — האָט באַרטאַריקס אויסגעשריען.

— ספּאַרטאַק זאָל זיין אונזער פיהרער! מיר ווילען ספּאַר־טאַק'ן! — האָבען אַלע פינף און זיבעציג טויזענד גלאַדיאַטאָרען גענומען שרייען, אויפהויבענדיג זייערע פאַנצירס אין דער הויך.

בעת דער גערויש האָט אויפגעהערט, האָט ספּאַרטאַק געזאָגט:

— איך וויל ניט זיין אייער פיהרער. איך בין קעגען דעם, אז מיר זאָלען געהן אויף רוים, ווייל איך גלויב ניט אין ערפאָלג פון דעם דאָזיגען צוג. דערום קלייבט בעסער אויס יענעם, וואָס גלויבט יאָ, און פאָלגט איהם נאָך.

— מיר ווילען ניט קיין אַנדערן! דיר ווילען מיר! — האָבען די גלאַדיאַטאָרן געשריען.

ספּאַרטאַק, ניט הערענדיג זיי, איז אַוועק צו זיך איןביידעל.

דאַן זיינען אַלע קאָמאַנדירען פון די לעגיאָנען איהם גע־קומען בעטען ער זאָל וויעדער ווערען זייער אויבער־קאָמאַנדיר. מעהר פון אַלעמען האָבען זיך ביי איהם געבעטען אָרדזיל, קאַניצי און אַרוויני. דערמיט האָבען זיי געוואָלט באַהאַלטען פון די סאָל־דאַטען זייער שנאה צו ספּאַרטאַק'ן. און ניט ליעב געהאַט האָבען זיי איהם, ערשטענס, אויס קנאה; זיי האָט זיך געדאַכט, אז אַלס קאָמאַנדירען, זיינען זיי מיט קיין זאַך ניט ערגער פון איהם און דאַך מוזען זיי זיין אונטער איהם. צווייטענס, איז זיי ניט גע־פעלען געוועזן, וואָס ער האָט פאַרבאָטען צו ראַבירען און מאָרדען די איינוואָהנער פון די פאַרנומענע שטעדט. און צולעצט, זייערע שעטנדיגע זיעגען האָבען אין זיי אַרויסגערופען אַ צו גרויסע זיכער־קייט אין דער מעגליכקייט צו באַזיעגען רוים. און רוים האָט

זיך זיי פֿאַרגעשטעלט פֿאַר'ן בעסטען פּלאַץ, וואו מ'קאָן אַ סך רויבען.

די דאָזיגע שטימונג אין דער אַרמיי האָט עוּוטיבידאַ'ן זעהר געפרעהט, ווייל דאָס האָט פּלשטענדיג ענטשפּראָכען איהרע פּלע־נער. איהר האָט נאָר פאַרדראָסען, פאַר וואָס די קאָמאַנדירען פון די לעגיאָנען ריידען איהם איין ווידער צו. ווערען אויבער־קאָמאַנדיר. בעסער וואָלט קאַניצי אָוועקגעפיהרט זיינע זיבען לעגיאָנען, און ספּאַרטאַק זאָל בלייבען ביי זיין באַשלוס, דאַן וואָלטען די רוימער לייכט געקאָנט בייקומען די רעבעלען.

ספּאַרטאַק האָט זיך צולעצט געלאָזט איבעררעדען און האָט ווידער איבערגענומען די אויבער־קאָמאַנדע.

— זאָל בלייבען, ווי איהר ווילט! — האָט ער געזאָגט, — איך וועל בלייבען אייער אָנפיהרער. איך זאָג אייך ניט צו קיין זיעג, ווייל איך גלויב ניט אין דער מעגליכקייט פון אַ זיעג, איך וועל אָבער טאָן אַלץ, וואָס הענגט אָפּ פון מיר, אום, אויף וויפיעל ס'איז נאָר מעגליך, צו פאַרהיטען פון אַ מפלה.

אויף אַזאַ'ן אופן איז ספּאַרטאַק געווען געצוואונגען זיך צו נעהמען פאַר אַ זאַך, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר אונמעגליך און האָט ניט געגלויבט אין איהר ערפאָלג. און דערצו נאָך זיינען די סאָלדאַטען שוין ניט געווען דאָס, וואָס פריהער.

די לעצטע אינערליכע מהומות האָבען אַזוי דעמאָראַליזירט די חיל, אַז די פריהערדיגע דיסציפּלין אין דער אַרמיי איז פאַר־שוואונדען.

ניט אַכטענדיג אויף ספּאַרטאַק'ס באַמיהונגען אָפּצוהאַלטען זיינע סאָלדאַטען פון ווילדקייטען און גוואַלדטאַטען איבער די פרידליכע איינוואָהנער, פלעגט פון צייט צו צייט דער אָדער יענער לעגיאָן זיך אַריינכאַפּען אין אַ שטאָדט און ראַבירען.

אויף וויפיעל דאָס האָט ספּאַרטאַק'ן אויפגעבראַכט איז שווער איבערצוגעבען מיט ווערטער. דאָס האָט ניט נאָר געוואָרפען אַ שאַנד־פלעק אויף זיין פּאָהן, נאָר איהם אויך געשטערט אין זיינע פּלענער און אין זיין טעטיגקייט, דאָס האָט איהם באַשאַפען אַ

מאסע שונאים וואָס זיינען גרייט געווען איהם צו טאָן שאָדען ביי יעדער געלעגענהייט.

דער דרייצעהנטער לעגיאָן, וואָס איז געווען אונטער קאניצי'ס קאָמאַנדע, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געגעבען דעם ביי־שפיעל פאר רוים און גוואלדטאטען. איהם האָבען נאָכגעטאָן דער פינפטער און זעקסטער, וואָס זיינען געגאַנגען אין דער לעצטער אָפּטיילונג. זיי האָבען זיך אריינגעריסען אין דער שטאָדט אימאָלא און זי אויסגערויבט.

ספּאַרטאַק מיט קריקס'ן האָבען זיך געמוזט צוריק אומקעהרען מיט דריי פּראַקישע לעגיאָנען, אום איינצושטילען די אומגעהאַרכ־זאמע. אָבער אין דער איינענער צייט, ווען ער איז געווען פאַר־נומען דערמיט, האָט דער עלפטער לעגיאָן, דער אפריקאנישער, זיך אריינגריסען אין דעם קליינעם שטעדטעל בערטינאר, איהם אויסגערויבט און אונטערגעצונדען. ספּאַרטאַק האָט זיך געמוזט אונטעראיילען אהין, כדי איינצושטילען דעם צוויווילדעטען לעגיאָן.

אין רוים איז דערווייל געוואָרען א גרויסע מהומה. פון אלע רוימישע קאָמאַנדירען זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגען די געשעהעניסען אין די קעלנערע שטעדט. אין גיכען איז אָבער אָנגעקומען א ידיעה, וואָס האָט אָנגעוואָרפען אויף רוים א שרעק, נעמליך, אז די גלאדיאטאָרן האָבען באשלאָסען צו געהן אויף רוים.

דאָך האָט ספּאַרטאַק געמוזט אָפּשטעלען זיין צוג אויף רוים צוליב דער אומגעהאָרכזאמקייט און צולאָזענקייט פון דיזעלבע לעגיאָנען, וואָס האָבען געפאָדערט צו מאכען דעם דאָזיגען צוג.

א גאנצען מאָנאט איז ער אָפּגעשטאנען אונטער ארמינים, וואו ער האָט זיך ווידער אָפּגעזאָגט פון זיין אויבער־קאָמאַנדע און א גאנצע וואָך איז ער ניט ארויסגעגאנגען פון זיין ביידעל און האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט איבעררעדען.

צולעצט האָט די גאנצע ארמיי זיך א וואָרף געטאָן צו זיין ביידעל, אלע האָבען זיך געשטעלט אויף די קני און געשוואָרען צו זיין געהאָרכזאם.

דעמאָלט איז ספּאַרטאַק צו זיי ארויסגעקומען.

זיין בלאס פּנים און זיינע איינגעפאלענע, פון וויינען פאר־

שוואַלענע אויגען, האָבען בעסער ווי מיט ווערטער עדות געזאָגט וועגען די גייסטיגע יסורים, וואָס ער האָט פאַר דער דאָזיגער צייט איבערגעלעבט.

דערזעהענדיג איהם, האָבען די גלאַדיאַטאָרן נאָך העכער גע־נומען שרייען און זיך בעטען ער זאָל זיי מוחל זיין.

ספּאַרטאַק האָט געמאַכט א צייכען, אז ער וויל ריידען, און, בעת ס'איז שטיל געוואָרען, האָט ער געהאַלטען א רעדע, אין וועל־כער ער האָט פאַרגעוואָרפען די סאָלדאַטען פאַר זייער אומוויר־דיגע אויפפיהרונג.

ער האָט געזאָגט, אז ער וועט ניט איבערנעהמען די אויבער־קאָמאַנדע איבער זיי, כל זמן מען וועט איהם ניט געבען דאָס אומבאַשרענקטע רעכט צו באַשטראָפען, ווי ער וועט וועלען, די הויפּט־שולדיגע אין די רציחות און רויבערייען, וואָס האָבען די לעצטע צייט צו שאַנד געמאַכט זיין אַרמיי.

די לעגיאָנען זיינען איינגעגאַנגען אויף זיין פאָדערונג. ספּאַרטאַק האָט ווידער איבערגענומען די אויבער־קאָמאַנדע און האָט גענומען באַשטראָפען די שולדיגע מיט גרויזאַמקייט, הגם דאָס איז געווען קעגען זיין נאַטור. ער איז איצט געווען גע־צוואונגען אַזוי זיך צו באַגעהן מיט זיי, כדי איינצושטעלען די פאַרשוואונדענע דיסציפּלין.

אָרדזיל'ן, דעם חוצפה'דיגסטען און גרויזאַמסטען פון אַלע בונטאָוושטשיקעס, האָט ער פאַר'משפט צום טויט און אין דער אנוועזענהייט פון דער גאַנצער חיל האָט ער געהייסען זיינע לאַנדס־לייט איהם קרייציגען.

צוויי אַנדערע קאָמאַנדירען פון לעגיאָנען, אַרוויני און קאַציני, זיינען באַשטראָפט געוואָרען מיט קנוטעס און אַרויסגעטריבען גע־וואָרען פון לאַגער. אויסער זיי זיינען נאָך הינגעריכט געוואָרען צוויי הונדערט מיט דריי און צוואַנציג גלאַדיאַטאָרן, די וואָס זיינען אַם מייסטען געווען שולדיג אין רויבערייען און רציחות.

נאָך דעם האָט ספּאַרטאַק איבערפאָרמירט די אַרמיי אויף'ן פריהערדיגען אופן, ס'הייסט ער האָט אָפּגעשאַפט די איינטיילונג אויף נאַציאָנאַליטעטען אין די לעגיאָנען, וואָס זיינען לויט זיי

געווען איינגעטיילט. דאָס האָט אין אַ באַדייטענדער מאָס פאַר־קלענערט די ווירקונג פון איינצעלנע פיהרער, וואָס זיינען פריהער געווען פאָלשטענדיג אומאָפּהענגיג.

איטליכער פון די פּערצעהן לעגיאָנען האָט איצט געהאַט אַ באַזונדערן קאָמאַנדיר, אָבער אַלע לעגיאָנען צוזאַמען זיינען געווען איינגעטיילט אין דריי קאָרפּוסען, און יעדער קאָרפּוס האָט געהאַט אַ נייעם קאָמאַנדיר, וואָס אונטער איהם איז דער קאָרפּוס געווען אונטערוואָרפען.

די ערשטע זעקס לעגיאָנען זיינען געווען אונטער גראַניק׳ס קאָמאַנדע און פיער זיינען געווען אונטער אַרטאָריקס׳עס קאָמאַנדע. די קאַוואַלעריע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַכט טויזענד מאַן, איז געבליבען ווי פריהער אונטער מאַמיליי׳ס קאָמאַנדע.

אָבער אפילו מיט דער דאָזיגער איבערפאָרמירטער אַרמיי האָט ספּאַרטאַק ניט באַלד זיך באַשלאָסען צו געהן אויף רוים.

כדי צו געבען די סאָלדאַטען צייט זיך איינצוגעוואָהנען מיט די נייע חברים און מיט די נייע קאָמאַנדירען, האָט ער זיי געפיהרט ביסלעכוויז אין אומבריאַ.

אין דער זעלביגער צייט איז רוים געווען אויפגערודערט פון די ידיעות וועגען די ווילדע רציחות פון די גלאַדיאַטאָרן, וואָס זיינען געווען אין אַ באַדייטענדער מאָס איבערטריבען.

דער סענאַט, וואָס האָט וועגען דעם געהאַט אַ באַראַטונג, האָט באַשלאָסען, אַז די קאָנסולען דאַרפען מעהר זיך ניט מישען אין דער מלחמה און אַז עס זאָל באַשטימט ווערען פאַר דער דאָזיגער מלחמה אַ באַזונדערער אַרמיי־פיהרער.

אַזוי ווי אין דער אייגענער צייט האָט מען באַדאַרפט וועהלען אַ פּרעטאָר פאַר סיציליען, האָט דער סענאַט געלאָזט וויסען, אַז דער ניי ערוועהלטער פּרעטאָר וועט מוזען מאַכען אַ סוף פון חוצפּה׳דיגען גלאַדיאַטאָר, וואָס האָט געוואַגט צו געהן אפילו אויף רוים.

ווען די דאָזיגע ידיעה איז פאַרשפּרייט געוואָרען האָבען אַלע בירגער, וואָס האָבען זיך פאַרשריבען פאַר קאַנדידאַטען, אויף דער

ראָזינגער שטעל, זיך אָפּגעזאָגט פון דער קאנדידאַטור און אין דעם טאָג פון די וואהלען איז קיינער פון זיי ניט געקומען אויפ'ן פאָרום.

יוליוס צעזאר'ס פריינד האָבען איהם איבערצייגט, אַז ער דארף אָננעהמען די שטעל פון אַ פּרעטאָר אין סיציליען און זיי האָבען איהם צוגעזאָגט זיך משתדל צו זיין פאר'ן סענאַט און פאר'ן פאָלק, אַז מ'זאָל איהם געבען פערצעהן לעגיאָנען. אָבער צעזאר האָט ענטשידען זיך אָפּגעזאָגט.

— ווען איך נעהם זיך אָן צו פיהרען אַ וועלכע עס איז כּלחמה, — האָט ער געזאָגט, — איז עס נאָר דעמאָלט, ווען נאָך דער מלחמה קאָן מען אויסרעכענען אויף אַ טריאומף.

דער רוימישער שטאָלץ האָט ניט ערלויבט צו רעכענען די צובונטעוועטע שקלאַפען פאר אַ צד, וואָס פיהרט מלחמה. און דערפאר איז דער זיעג איבער זיי, ווי טייער ער זאָל ניט קאָסטען דעם זיעגער, ניט באלוינט געוואָרען מיט אַ טריאומף, דאָס איז ניט באטראכט געוואָרען אלס כבוד פאר'ן זיעגער.

עס איז גאנץ וואהרשיינליך, אַז צעזאר האָט אויך געהאט אנדערע אורזאכען זיך אָפּצוזאָגען. עס קאָן זיין, אַז טרוימענדיג צו ווערען אַ הערשער איבער דער גאנצער וועלט און אַז זיין הער־שאפט זאָל זיין באגרינדעט אויף דער ליעבע פון פאָלק, האָט ער ניט געוואָלט באפלעקען זיינע הענד מיט דעם בלוט פון די אומ־גליקליכע גלאַדיאַטאָרן און פון די אומגליקליכע סאמניטישע פּאַס־טוכער, וואָס זיינען צוגעשטאנען צום גלאַדיאַטאָרישען אויפשטאנד. מעגליך ער האָט געוואָלט האלטען זיין וואָרט, וואָס ער האָט גע־געבען ספּארטאק'ן, ניט צו זיין זיין שונא.

ווי די זאך איז ניט געווען, אָבער צעזאר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פיהרען די מלחמה מיט די גלאַדיאַטאָרען, און אנשטאָט איהם איז צו די וואהלען געקומען מארק ליציני קראַס.

אין דער צייט פון דער בירגער מלחמה האָט ער געדיענט אונטער סוללאַ'ס קאָמאנדע און ער האָט דערביי ארויסגעוויזען ניט נאָר העלדישקייט נאָר אויך מערקווירדיגע מיליטערישע פעי־הינקייטען. און דערפאר איז קיין וואונדער ניט געווען, וואָס

בעת ער האָט זיך באוויזען אויפ'ן פאָרום האָט דאָס פאָלק איהם רווישיג אפלאָדירט.

ער איז איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען פאַר פרעטאָר פון סיציליען און איז באאויפטראגט געוואָרען זיך אויסצוקלייבען אַן ארמיי פון פיער און אכציג טויזענד מאן — אַן ארמיי, וואס איטאליען האָט ניט געזעהן זינט סוללא איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה מיט מיטרידאט'ן.

אויפ'ן צווייטען טאָג נאָך זיין ערוועהלונג האָט קראַס ארויס־געגעבען א פאַראָרדנונג, אז אַלע בירגער, וואָס געפינען זיך אונטער מיליטערישער פליכט, זאָלען זיך שטעלען אונטער זיין פאָהן.

דער סענאט האָט צוגעזאָגט א גרויסע געלד־באַלוינונג פאַר די וועטעראַנען, וואָס וועלען פרייוויליג זיך אַנשליסען אָן די רייהען פון דעם סיצילישען פרעטאָר.

דאָס אַלעס האָט אויפגעהויבען די אראָפּגעפאַלענע מוט פון די בירגער או זהאָט ארויסגערופען אויפערונג צווישען אלע קלאסען. יונגע לייט פון די סאמע אַנגעזעהענע פאַמיליען האָבען זיך פאַר־שריבען אלס פרייוויליגע אין קראַס'עס לעגיאָנען. זייער צאָהל איז געוועזען אזוי גרויס, אז פון זיי האָט מען צוזאַמענגעשטעלט צוויי באַזונדערע קאָגאָרטען.

אין עטליכע טעג ארום איז קראָס ארויסגעטרעטען פון רוים מיט זיינע לעגיאָנערען, באגלייט פון גרויסע מענשענמאסען, וואס האָבען איהם צוגעוואונשען גליק און ערפאָלג.

אין פיער טעג ארום האָט ער דערגרייכט אָטריקולא, וואו ער האָט אויפגעשטעלט זיין לאַגער אויף א שטאַרקער פאָזיציע, כדי דאָ צו ערווארטען דאָס אַנקומען פון די איבעריגע פיער לעגיאָנען, וואָס האָבען זיך געשווינט אַנגעקליבען אין די נאָהענטסטע שטעדט. אוועל מומי האָט ער באשטימט פאַר איינעם פון די הויפט קאָ־מאַנדירען.

פאַר זיין קוועסטאָר האָט ער געמאכט פובלי סקראָפו, וואָס האָט אנטייל גענומען אין עלף מלחמות און אין הונדערט דרייסיג שלאכטען.

ספארטאק, פון זיין זייט, האָט נאָך אויך ניט געקענט ארויס־פיהרען זיין ארמיי פון לאגער, ווייל די ניי־אָרגאניזירטע לעגיאָנען זיינען נאָך ניט געוועזן צוגעגרייט.

אויף אזא'ן אופן זיינעןביידע ארמייען אָפּגעשטאנען א גאנ־צען מאָנאט אין א פאַלשטענדיגער אומטעטיגקייט: די רוימער אין אָטריקול, די גלאדיאטאָרען אין ארעצי.

בעת די צייט צו טאָן עפּעס, לויט ווי ספּארטאק האָט אויס־גערעכענט, איז שוין געקומען, האָט ער אין א פינסטערער און שטורמדיגער נאכט געהייסען ארונטערנעמען דעם לאגער און האָט אומבאמערקט ארויסגעפיהרט זיין ארמיי. די ארמיי איז געגאנגען די גאנצע נאכט און כמעט דעם גאנצען קומענדען טאָג. פון אוועקנט איז די ארמיי אָנגעקומען אין עווגובי. פון דאָרט האָט ספּארטאק זיך געקליבען דורך קאמערין צו געהן אויף רוים, אויסרעכענענדיג אָנצוקומען אהין פריהער, איידער קראָס וועט זיך דערוויסען וועגען זיין צוג.

כדי צו באהאלטען פון שינא זיין אבזיכט, האָט ער אין לאגער אונטער ארעצי איבערגעלאָזט כמעט די גאנצע קאוואלעריע מיט איהר קאָמאנדיר מאמילי, און האָט דערביי אָנגעזאָגט אָנצוזאמלען פון די ארומיגע איינוואוינער שפייז־ארטיקלען פאר אכט און זיבעציג טויזענד מענשען.

קראס'עס אויסזעהער האָבען איהם טאקי ראפּאָרטירט, אז די גלאדיאטאָרען שטעהען אויף אן אָרט. ספּארטאק'ס ביטרעקייט וואָלט אָהן צווייפעל זיך אייגגעגעבען, ווען אין דער איינענער צייט וואָלטען צו קראס'ן ניט אונטערגעקומען די לעצטע צוויי קאוארטען און וואָלטען איהם ניט געגעבען די מעגליכקייט זיך א לאָז צו טאָן אויפ'ן שונא.

פארלאָזענדיג אָטריקול, איז קראָס געשווינט נעגאנגען צו ארעצי, איינגעהענדיג צו פינף און צוואנציג מייל א טאָג.

ער האָט דער ערשטער פארשטאנען, אז אין קאמפּף מיט ספּארטאק'ען מוז מען גענען איהם קעמפּפען מיט זיין אייגענער וואָפע — מיט געשווינדקייט. אויפ'ן פערטען טאָג איז ער שוין געוועזן ארום דעם גלאדיאטאָרשען לאגער.

ווי גרויס איז אָבער געווען זיין פארוואונדערונג, בעת די אויסזעהער האָבען איהם געמאָלדען, אז אין לאַגער איז אַ לעבע־דיגער מענש ניטאָ!

מאמילי, זיך דערוויסענדיג, אז די רוימער געהען, האָט נאָך ביינאכט פארלאָזען דעם לאַגער און האָט זיך איצט געאיילט צו פאראייניגען מיט די הויפט קרעפטען פון דער גלאדיאטאָרשער ארמיי.

מיט אַ שארפען בליק פון אַ גוטען קאָמאנדר האָט קראס דורכ־געטומען די גאנצע לאַגע און האָט פארשטאַנען דעם שונא'ס אב־זיכטען. ער האָט באלד געפונען אַ מיטעל אויף צו פארריכטען דעם פיהלער, וואָס ער האָט געמאכט. ספארטאק איז געגאנגען לענג אויס דעם מזרח אָפּהאנג פון דעם אפעניגישען האלב־אינזעל, פאָלגליך, אז ער האָט זיך דערנעהנטערט צו רוים איבער אַ קרומער ליניע, האָט קראס באשלאָסען צו געהן אהין לענג אויס דעם מערב אָפּהאנג, כמעט איבער אַ גלייכער ליניע.

נאָך אַ פינף טאָגיגען, זעהר אַ האסטיגען אריבערגאנג, איז ער אָנגעקומען אין ריעט, וואו זיין ארמיי האָ טאיין טאָג זיך אָפּגערוהט. . . .

אין דערזעלביגער צייט איז ספארטאק פארהאלטען געוואָרען לעבען דער פוציגישער אָזערע, צוליעב דער פארפלייצונג פון דעם טייך וועלין, וואָס איז פאָרגעקומען גאָר אומגעריכט. אַ גאנצער טאָג איז אוועק אויף איינצואָרדנען אַ שווים־בריק און אַ צווייטער טאָג איז אוועק אויף אריבערצופיהרען איבער איהם די ארמיי.

זיך דערוויסענדיג וועגען דעם שונא'ס גערדיקטער לאַגע, האָט קראס געוואָלט זיך באנוצען מיט דעם. ער האָט מומי'ן אוועק־געשיקט מיט דריי לעגיאָנען איבערצושניידען ספארטאק'ן דעם וועג, און אליין האָט ער זיך אוועקגעלאָזט ספארטאק'ען נאָכיאָגען פון דער הינטער זייט. דערביי האָט ער שטרענג פארזאָגט מומי'ן ניט אָנצופאלען אויף די גלאדיאטאָרען, ביז וואַנען ער אליין וועט זיך ביי זיי ניט באווייזען פון דער הינטער זייט.

מומי האָט פינקטליך אויסגעפיהרט די ערשטע העלפט פון זיין קאָמאנדיר'ס באפעהל און אויפ'ן דריטען טאָג באגינען איז

אָנגעקומען צום אָרט, וואוהין ספארטאַק האָט באַדאַרפט אָריבער־פיהרען זיין אַרמיי.

אַזוי ווי ספּאַרטאַק האָט יעדע מינוט געקענט אָנקומען, האָט מומי ניט געלאָזט זיינע סאָלדאַטען זיך אָפּרוהען און ער האָט זיך מיט זיי באַהאַלטען אין די שפּאַלטען פון די אַפּעניניש בערג. דאָ האָט ער פאַרנומען אַ אומצוגענגליכע פּאָזיציע ביים צופוסען פון אַ משופּע'דיגען באַרג, האָבענדיג בדעה מאָרגען צו געהן ווייטער.

די לעגיאָנען־קאָמאַנדירען, וואָס זיינען געוועזען אונטער זיין קאָמאַנדע, האָבען איהם גענומען איינרעדען זיך צו באַנוצען מיט דער געלעגענהייט און דערלאַנגען ספּאַרטאַק'ען אַ טויט־קלאַפּ, ווייל דער אָרט איז אַ ענגער און ער וועט זיך קענען באַנוצען מיט דעם, וואָס זיין אַרמיי איז גרעסער.

זיי האָבען אַזוי איבערצייגענד באַוויזען די פאָרצוגען פון דער פאַרנומענער פּאָזיציע, אַז מומי אַליין האָט גענומען גלויבען אין דער מעגליכקייט פון אַ זיעג. ער האָט אָפּגעגעבען אַ באַפעהל זיך צו גרייטען צו דער שלאַכט.

אין גיכען האָבען זיך באַוויזען די גלאַדיאַטאָרען אוןביידע צדדים זיינען אַריינגעצויגען געוואָרען אין אַ שלאַכט.

זעהענדיג אַ פאַלשטענדיגע אומעגליכקייט פאַנאַנדערצואוויק־לען גאָר זיינע קרעפטען אויף אַזאַ'ן ענגען שטח, האָט ספּאַרטאַק אַרויסגעשטעלט נעגען די רוימער בלויז צוויי פון זיינע לעגיאָנען, און אַלע פיילען־וואַרפער פון די איבעריגע לעגיאָנען האָט ער גע־הייסען זיך פאַרקלייבען אויף די בערג אָפּהאַנגען און אַרומגעהן דעם שונא פון ביידע פלאַנקען און פון הינטען.

אין אַ שעה צוויי—דריי אַרום האָבען די רוימער, צו זייער גרויסער ערשטוינונג און שרעק, דערזעהען, אַז די שפּיצען פון די אַרומיגע בערג זיינען פאַרנומען פון די גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָבען געוואָרפען וואָלקענס פיילען, שפּיזען און שטיינער.

אַ בייזע מורא איז אָנגעפאַלען אויף מומי'ס אַרמיי, און, אוועקוואַרפענדיג זייערע געוועהר, האָבען די סאָלדאַטען גענומען לויפען וואו זיי האָבען נאָר געקענט. די גלאַדיאַטאָרען האָבען זיי

נאַכגעיאָגט, זיך באוויזענדיג פון הינטער יעדען קוסט, פון הינטער יעדען בארג.

איבער זיבען טויזענד רוימער זיינען געפאלען אין דער דאָ־זיגער שרעקליכער שלאכט.

## 17־טער קאפיטעל.

# די שלאכט ביי גארגאנא.

אבוואהל די מפלה פון די רוימער אין דער לעצטער שלאכט איז געווען א פאלשטענדיגע, האט עס אבער קראס׳ן ניט פיעל געשאדט, פונקט אזוי ווי ספארטאק האט דערפון ניט געהאט קיין באזונדערען פארצוג.

זיך דערוויסענדיג, אז קראס געפינט זיך הינטער איהם, האט ספארטאק, ס׳פארשטעהט זיך, ניט געקענט געהן אויף רוים. ער האט דעריבער באשלאסען זיך אומצוקעהרען צוריק אין קאמפאניען, כדי אפצוציהען זיין געגנער וואס ווייטער פון רוים, פון וואנען ער האט שטענדיג געקאנט צוקריגען נייע פארשטארקונגען.

די מפלה פון מומי׳ן, וואס איז אייגענווילליג אריינגעקראכען אין שלאכט מיט די גלאדיאטארען, און דאס שענדליכע אנטלויפען פון זיינע לעגיאנען האבען קראס׳ן שרעקליך אויפגעבראכט.

כדי איינצושרעקען זיינע סאלדאטען און צו פארהיטען אזא זאך אין דער צוקונפט, האט ער באשלאסען צו באשטראפען די אנטלאפענע מיט דער שטרענגער שטראף — דעצימאליא, וואס נאר אין זעלטענע פעלע פלעגען די קאמאנדירען אנווענדען. דעצימאליא איז באשטאנען אין דעם, וואס פון יעדען צעהנדליג פארזינדיגטע, פלעגט מען אויסקלייבען דורך א גורל איינעם, און איהם פלעגט מען באשטראפען: צוערשט פלעגען די ליקטארען איהם שמייסען מיט ריטער, און דערנאך פלעגען זיי איהם אראפהאקען דעם קאפ.

די דאזיגע שרעקליכע שטראף, וואס ניט זעלטען פלעגען גאנץ אומשולדיגע צו איהר געפרובט ווערען, האט אויף די רוימישע סאלדאטען געמאכט א שווערען איינדרוק. צווישען די ניין הונ־דערט שולדיגע, וואס זיינען צוגע׳משפט געווארען צו דער דאזיגער שענדליכער שטראף, זיינען געווען מומי׳ס פינף לעגיאנען, וואס

האבען ארויסגעוויזען וואונדערליכע גבורות אין דער צייט פון דער שלים־מזל׳דיגער שלאכט. זייער שטראף, וואס האט אויסגעקויפט די שטראף פון אנדערע, האט ארויסגערופען אלגעמיינעם באדויערען.

א באזונדערען רחמנות האט ארויסגערופען דער צוואנציג־יאהריגער יונגער מאן, עמילי גלאבריאן.

ער האט ארויסגעוויזען א מוטיגען ווידערשטאנד געגען די גלאדיאטארען, קעמפפענדיג אין די ערשטע רייהען, און ניט קוּקענדיג אויף די צוויי וואונדען, וואס ער האט געקראגען, איז ער געבליבען אויף זיין ארט און האט ערמוטיגט זיינע חברים.

נאר אין דער מהומה האט איהם די גאנצע מאסע מיטגע־שלעפט מיט זיך אין געלויף. אלע האבען דאס געוואוסט און האבען הויך וועגען דעם געמאלדען פאר דער גאנצער ארמיי. אבער דער גורל איז געפאלען אויף איהם און ער האט געמוזט אומקומען.

אלס באזונדערען חסד האט ער נאר געבעטען, אז פאר זיין העלדישקייט, וואס אלע גיבען צו, זאל דעם ליקטאר׳ס שטעקען ניט באריהרען זיין רוקען, איידער די האק וועט ארונטערהאקען זיין קאפ.

— איך בין מסכים אויף דיין בקשה, נאבעלער יונגער מאן, — האט קראס געענטפערט, — און איך באדויער זעהר שטארק, פארוואס איך קען דיר ניט שענקען דאס לעבען, וואס דו ביזט עס אזוי ווערט.

— שטארבען אויפ׳ן שלאכטפעלד פון שונא׳ס האנט אדער דא פון ליקטאר׳ס האנט איז פאר מיר אלץ איינס, — האט עמילי גלאבריאן געזאגט, — זאל נאר מיין טויט ברענגען נוצען מיין פאטערלאנד. זאלען נאר אלע וויסען, זאל וויסען מיין מוטער אין רוים, זאל וויסען דאס פאלק און דער סענאט, אז איך בין ניט געווען פייג און בין געשטארבען ניט פארפלעקענדיג מיין עהרע.

— ניין, ניין! דו וועסט ניט שטארבען, העלדישער יונגער מאן! — האט אויסגעשריען א סאלדאט פון א יאהר דרייסיג, ארויסטרעטענדיג פון די רייהען פון מומי׳ס לעגיאנען, און, ווענ־דענדיג זיך צו קראס׳ען, האט ער פארטגעזעצט:

— העלדישער קראס! איך בין געווען אין רייהע מיט איהם

און האָב געזעהן, ווי ער, אַ פאַרוואונדעטער, האָט העלדיש זיך פאַר־טיידיגט אין יענער צייט, בעת מיר אַלע האָבען גענומען לויפען, אָבער די גאַנצע מאַסע, לויפענדיג, האָט איהם אויך מיטגעשלעפט מיט זיך. בעסער זאָל מען מיר באַשטראָפען, ווייל איך בין אַנטלאָ־פען, אָבער ניט איהם, וואָס האָט זיך אויפגעפיהרט ווי אַן עכטער רוימער פון די אַמאָליגע צייטען!

דער טאַט פון דעם דאָזיגען סאָלדאַט, הגם ער איז געווען פון די, וואָס זיינען אַנטלאָפען, וואָס האָט אָבער איצט אַרויסגע־וויזען אַזא נאָבעלקייט, האָט אַרויסגערופען ביי אַלעמען גרויס מיטגעפיהל. צווישען איהם און דעם יונגען מאַן איז ענטשטאַנען אַ ריהרענדער ספּאָרט, ווער פון זיי זאָל שטאַרבען.

דאָך איז קראַס געבליבען אומערביטליך, און דעם יונגען מאַן האָט מען איבערגעגעבען צום ליקטאָר.

אַלע זיינען געבליבען ווי פאַרגליווערט פון אימה. אַ סך סאָלדאַטען האָבען געוויינט, אַנדערע האָבען געזיפצט.

— אויב איהר האָט ווירקליך מיטלייד מיט מיר און אויב איהר ווילט פאַרזיסען מיינע לעצטע מינוטען, — האָט עמילי גלאַבריאָן געזאָגט, — שווערט, אַז איהר וועט גיכער שטאַרבען ביז'ן לעצטען, איידער נאָך אַמאָל אַנטלויפען פאַר די פאַרהאַסטע שקלאַפען.

— מיר שווערען! מיר שווערען! — האָבען די שולדיגע לעגיאָנען גענומען שרייען.

— אַלע שווערען מיר! — האָבען די איבעריגע לעגיאָנען אונטערגעכאַפּט.

— די גרויסע געטער וועלען ניט פאַרלאָזען רוים! — איך שטאַרב רוהיג! — האָט דער אומגליקליכער יונגער מאַן אויסגע־שריען, אונטערשטעלענדיג אונטער דער האַק זיין נאַקעטע האַלז.

מיט אַ פלינקען און געשיקטען קלאַפּ האָט דער ליקטאָר אָפּ־געהאַקט דעם בלאָנדען קאָפּ, וואָס איז מיט איין מינוט פריהער נאָך פול געווען מיט'ן געדאַנק וועגען דעם גליק פון זיין פאַטערלאַנד.

קראַס האָט זיך אָפּגעקעהרט, כדי צו באַהאַלטען די צוויי

גרויסע טרעהרען, וואָס האָבען זיך אראָפּגעקייקעלט איבער זיינע באַקען.

נאָך דער הינריכטונג האָט ער געהייסען ווידער פּאַנאַנדער־נעבען געוועהר די פּאַרזינדיגטע לעגיאָנען און ער האָט זיך צו זיי געווענדט מיט אַ קורצער רעדע, אין וועלכער ער האָט אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז זיי וועלען קיינמאָל מעהר זיך ניט אויפיהרען אַזוי, אַז ער זאָל זיין געצוואונגען אָנצואווענדען אַזאַ שרעקליכע שטראָף.

נאָכדעם ווי די קערפּערס פון די הינגעריכטעטע זיינען פאַר־ברענט געוואָרען, האָט קראַס געהייסען ארונטערנעמען דעם לאַגער און האָט זיך אוועקגעלאָזט נאָכיאָגען ספּאַרטאַק׳ן.

ספּאַרטאַק, זעהענדיג, אַז דער וועג צו רוים איז איהם אָפּ־געשניטען, איז געשווינד דורכגעגאַנגען דורך קאַמפּאַניען און סאַמ־ניאום און האָט ווידער זיין אַרמיי געפיהרט אין אַפּוליא, אום צו פאַרנאַרען אַהין קראַס׳ן.

אין צוויי וואָכען ארום איז קראַס צוגעקומען צו סיפּאָנט, וואו ספּאַרטאַק האָט איהם שוין אונטערגעוואַרט. ער האָט זיך פאַר־פעסטיגט אין לאַגער ניט ווייט פון שטאָדט.

קראַס האָט אויך געהייסען אויפשלאָגען אַ לאַגער און, ארומ־רינגלענדיג זיך מיט ברייטע גראָבענס, האָט ער גענומען וואַרטען אויף אַ פּאַסיגע געלעגענהייט, כדי אָנצוהויבען אַ שלאַכט.

דריי טעג זיינען אַזוי אָפּגעשטאַנען ביידע אַרמייען איינע קעגען דער צווייטער.

אויפ׳ן פערטען טאָג, שפּעט ביינאַכט, בעת אַלעס האָט נאָך געשלאָפען אין רוימישען לאַגער, האָט מען קראַס׳ן אויפגעוועקט און איהם איבערגעגעבען, אַז אַ שליח פון די גלאַדיאַטאָרען וויל מיט איהם ריידען וועגען אַ וויכטיגען ענין אויג אויף אויג.

קראַס איז באַלד אויפגעשטאַנען און האָט געהייסען אריינ־פיהרען דעם גלאַדיאַטאָר.

דאָס איז געווען עווטיבידאַ, וועלכע איז געקומען פאַרראַטען איהרע וואַפען־חברים.

אָנפאַנגס האָט קראַס זי ניט דערקענט און ער האָט זיך זעהר געוואונדערט, בעת ער האָט דערזעהן, אַז פאַר איהם, אין זעלנער־

שע קליידער, שטעהט עווטיבידא, די זעלביגע עווטיבידא, וואס האט אמאל מיט איהר שעהנקייט און שארפזין באצויבערט אלע באזוכער פון איהר פראכטפולען פאלאץ.

קראס אליין איז געווען איינער פון איהרע באזוכער.

ווי פאלש און כיטרע די דאזיגע שעהנע פרוי איז, וויסענדיג, שטענדיג געווען, האט ער לאנג ניט געוואלט גלויבען, אז זי וויל שלעכטס טאן די גלאדיאטארן און אז ספארטאק האט זי ניט אונ־טערגעשיקט, כדי צו פארנארען די רוימער אין אוועלכער עס איז אונטערגעשטעלטער פאסטקע.

דאן האט עווטיבידא אפענהערציג דערצעהלט קראס'ן, ווי אזוי און פאר וואס זי האט זיך אנגעשלאסען אן די גלאדיאטארן, ווי זי האט זיך אפגענארט אין איהרע אויסרעכענונגען און האט גענומען האסען ספארטאק'ן.

קראס האט נאר געהערט און סקעפטיש געשמייכעלט.

— מיט וואס ריזיקירסטו, אויב דו וועסט מיר גלויבען! — האט עווטיבידא אויסגעשריען מיט פארצווייפלונג. — הער מיר נאר אויס אויפמערקזאם! מארגען וועסטו זיך איבערצייגען, אז איך האב דיר פאלשטענדיג איבערגעגעבען וועגען דעם, וואס ספאר־טאק פארטראכט קעגען דיר.

— דו ווייסט אפילו, וואס ספארטאק האט פארטראכט קע־גען מיר? — האט קראס שפאטלוסטיג געפרעגט.

— דערפאר בין איך דאך געקומען צו דיר. איך וויל דאך ניט, אז זיין פלאן זאל זיך איהם איינגעבען.

און עווטיבידא האט דערצעהלט ספארטאק'ס פלאן:

מארגען, אין מיטען העלען טאג, וועט ספארטאק לפנים וועגען זיך צוקריגען מיט קריקס'ן און מיט א געראויש וועט ער ארויסטרע־טען פון לאגער מיט אכט לעגיאנען און מיט קאוואלעריע. קריקס וועט בלייבען אין לאגער, פארשפרייטענדיג צווישען די ארומיגע איינוואוינער א קלאנג, אז ער האט זיך אפגעטיילט פון ספאר־טאק'ן. אויב קראס, גלויבענדיג אין די דאזיגע קלאנגען, וועט אנפאלען אויף קריקס'ן, וועט ספארטאק, וואס וועט ליגען באהאל־טען אין טאל, אטאקירען די רוימער פון דער הינטערשטער זייט.

דאָס האָט זיך איהם געלייגט אויפ'ן שכל און ער האָט גענו־מען גלויבען.

— גאָר אזוי, אָט דאָס האָט ער פארטראכט! — האָט קראַס געזאָגט. — אָבער ס'איז נאָך א פראגע, צי איך וואָלט אריינגעפא־לען אין זיין פּאסטקע.

— דו וואָלסט אריינגעפאלען, ווען ניט איך! — האָט עוו־טיבידא געענטפערט, — און אויב דו וועסט מיר גלויבען, קאָנסטו ניט נאָר אויסמיידען זיין נעץ, נאָר איהם אליין פארפלאנטערן אין זיין אייגענער נעץ. ווילסטו פּארטיליגען קריקס'עס זעקס לעגיאָ־נען, און דערנאָך אויך די איבעריגע אכט, וואָס וועלען אוועקגעהן מיט ספּארטאק'ן?

זעהענדיג, אז קראַס גלויבט איהר נאָך אלץ ניט אינגאנצען, האָט עווטיבידא זיך באמיהט איהם צו איבערצייגען אזוי, אז עס זאָל ביי איהם קיין צווייפעל ניט בלייבען. מיט דעם דאָזיגען צוועק האָט זי איהם גענומען ערקלערען וואָס ער דאַרף טאָן.

באלד באגינגען נעהם ארונטער דיין לאגער און געה אויף סי־פּאָנט, — האָט זי איבערצייגענד געזאָגט. — דו וועסט אהין קומען פּונקט אין דער צייט, בעת ספּארטאק וועט שוין זיין ווייט פון דאָרט, א מייל פופצעהן אָדער צוואנציג. ער וועט ווארטען אויף מיין ידיעה וועגען דיין צוג, ווייל איך בין זיכער, אז מיר וועט מען איבערגעבען די שליחות צו ברענגען אָט די ידיעה. איך, פון מיין זייט, וועל איהם מעלדען, אז דו שטעהסט נאָך אלץ אויף אנ'אָרט. דאן וועל איך זיך אומקערען צו קריקס'ען און איהם זאָגען, אז ספּאר־טאק האָט איהם געהייסען געהן צום גארגאנישען בארג און זיך דאָרט פארטיידיגען, אויב דו וועסט אויף איהם אָנפאלען. אויף אזא'ן אופן, וועט קריקס זיך געפינען נאָך ווייטער פון ספּארטאק'ן, און דאָס וועט דיר געבען א מעגליכקייט איהם צו צוקלאפּען א סך פריהער, איידער ספּארטאק וועט זיין אימשטאנד איהם צו קומען צו הילף, ווען אפילו ער זאָל אויף א וועלכען עס איז אופן געוואָהר ווערען וועגען דיין אָנפאל אויף קריקס'ן.

קראַס האָט מיט פארוואונדערונג געהערט, ווי די דאָזיגע אומווירדיגע פרוי האָט מיט אזוי פיעל פארשטענדניס איהם אי־

בערנגעבען דעם גאנצען פלאן, וואָס זי האָט אויסגעארבייט, א פלאן, וואָס ביטרער פון איהם וואָלט אפשר קראס אליין ניט גע־קאָנט אויסטראכטען.

— די ביסט א שרעקליכע פרוי! — האָט ער געזאָגט, בעת זי האָט געענדיגט.

— און ווי געפעלט דיר מיין פלאן? — האָט עווטיבידא גע־פרעגט.

— אין גיהנום אליין וואָלט מען קיין בעסערען ניט געקאָנט אויסטראכטען, — האָט קראס געענטפערט, — און אויב אלץ וועט געהן כשורה אזוי, ווי דו לייגסט אויס, וועט דער סענאט דיר גוט באלוינען.

— וואָס געהט מיר אָן אייער סענאט! וואָס דארף איך א באלוינונג! — האָט עווטיבידא געזאָגט מיט פאראכטונג און איהרע אומנאטירליך בלישצענדיגע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט א בייז פייערל. — איך וויל נקמה נעהמען! פארשטעהסטו ראָס? — האָט זי צוגעגעבען מיט אכריפּענדיגען פליסטער: — איך וויל זעהן ספארטאק'ן א באזיעגטען, א צעוואונדעטען, א שטארבענדען אויפ'ן שלאכט־פעלר.

ביי די לעצטע ווערטער איז איהר פנים געוואָרען אזוי שרעק־ליך, אז קראס אליין האָט דערפיהלט צו איהר שרעק און עקעל.

פונדעסטוועגען האָט ער באשלאָסען זיך צו פארלאָזען אויף דער עצה פון דער דאָזיגער שרעקליכער פרוי, ווייל ער איז ניט גע־ווען קיין איבערקלייבער אויף מיטלען, וואָס האָבען איהם געקאָנט ברענגען א זיעג.

באגינען האָט ער זיך ארונטערגענומען פון לאגער און איז אוועק צו סיפאָנט, אוועקשיקענדיג פאראויס אן אוואנגארד פון פינף הנודערט רייטער מיט א באפעהל אויפמערקזאם אויסצו־פאָרשען די געגענד, צי דער שונא האָט ערגעץ וואו ניט אונטערגע־שטעלט א פאסטקע.

דערווייל האָט ספארטאק מיט אכט לעגיאָנען און מיט דריי־טער זיך פארנומען צו באררפלא, איבערלאָזענדיג קריקס'ן מיט זעקס לעגיאָנען אין סיפאָנט.

פון די ארומיגע איינוואוינער האָבען קראַס'עס אויסזעהער דערהערט, אז צוליעב אינערליכע צאנקערייען איז פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער גלאַדיאַטאָרישער אַרמיי. איין טייל פון דער אַרמיי מיט קריקס'ן אלס אָנפיהרער, האָט געוואָלט ארויסטרעטען קעגען קראַס'ן, דער צווייטער טייל, אונטער ספּאַרטאַק'ס קאָמאַנדע, איז אוועק אויף רוים.

קראַס האָט מיט פארגעניגען אויסגעהערט די דאָזיגע מעלדונג.

„ביז איצט", האָט ער זיך געטראַכט, „וועלען עווטיבידא'ס ווערטער פאַרווירקליכט. דאָס איז א גוטע פּאָרבאַדייטונג פאַר דער צוקונפט".

גאָר אין גיכען זיינען אויך פאַרווירקליכט געוואָרען די איבעריגע פאַרשפּרעכונגען פון דער כיטרער גריכין.

בעת זי איז צוגעפאָהרען צו ספּאַרטאַק'ן, וועלכער איז געלעגען באַהאַלטען מיט זיינע לעגיאָנען אין די וואַלד גראָבענס, ניט ווייט פון יענע, האָט ער מיט אומרוהיגקייט זי געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך?

— קראַס איז נאָך ניט ארויס פון לאַגער, און ביז איצט איז נאָך קיין סיגנאַל ניט געגעבען געוואָרען אויף ארויסצוטרעטען.

— דער דאָזיגער קראַס איז פיעל קליגער, ווי איך האָב געמיינט! — האָט ספּאַרטאַק אויסגעשריען.

ער האָט זיך אויף א ווייל פארטראַכט און צוגעגעבען:

— קעהר זיך אום צו קראַס'ן און זאָג איהם, אז ער זאָל בשום אופן זיך ניט ריהרען פון אָרט. אויב די רוימער וועלען מאַכען אַן אָנפאַל, זאָל ער באַלד צו מיר ארויסשיקען דריי עסטאַפעטען — איינעם נאָכ'ן צווייטען אין פאַרלויף פון יעדער פערטעל שעה. פון דריי וועט לכל הפּחות איינער צו מיר אָנקומען. איך ווייס ניט פאַר וואָס, נאָר מיר דאַכט זיך, אז אזא פאָרזיכטיגקייט פון קראַס'עס זייט איז ניט קיין גוטער סימן.

נאָכדעם ווי עווטיבידא איז אוועק האָט ספּאַרטאַק נאָך לאַנג זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון דער אַנגסטליכער אומרוהיגקייט, וואָס די דאָזיגע ידיעה האָט אויף איהם אָנגעיאָגט, און ער האָט

בשום אופן ניט געקאָנט פארשטעהן, פאר וואָס האָט אזא אומבאַ־דייטענדע מעלדונג איהם געקאָנט אזוי שטארק אויפרודערן.

דערוויילע איז עווטיבידא אוועק אין קריקס'עס לאגער און איהם געהייסען באלד זיך צוגרייטען צו דער ארויסטרעטונג, אום צו געהן צום גארגאנישען בארג.

באגינען האָבען גלאדיאטאָרען זיך ארונטערגענומען פון לאגער, און אין פיער שעה ארום זיינען זיי אָנגעקומען צום צופוּ־סען פון בארג, פון וואנען עס האָט זיך געעפענט א אָנזיכט אויף דער גאנצער ברייטער עבענע פון אדריאטישען ים מיט די זעגלען פון די פישער שיפלאך, וואָס האָבען זיך אויף איהם געבלייכט.

באקוקענדיג די געגענד, האָט קריקס אויסגעקליבען א באקווע־מען און גוט פארטיידיגטען אָרט אויך אויפצושטעלען א לאגער. אָבער איידער מ'האָט נאָך באוויזען אויפצושטעלען דעם לאגער, האָט זיך דורך די גלאדיאטאָרישע רייהען דורכגעטראָגען א גע־שריי:

— די רוימער. די רוימער!...

דאָס זיינען ווירקליך געווען קראַס'עס לעגיאָנען. נאָכפאָל־גענדיג די אָנצייגונגען פון דער געמיינער פאררעטערין, זיינען זיי געגאנגען נאָך קריקס'עס שפורען, וועלכער האָט זיך אלץ מעהר דערווייטערט פון ספארטאק'ן.

פונדעסטוועגען האָט קריקס זיך ניט פארלוירען ביי דעם דאָ־זיגען אומגעריכטען אָנפאל און מיט א מוטיגער רוהיגקייט פון א העלדישען ארמיי־פיהרער האָט ער זיינע לעגיאָנען גענומען בריינ־גען אין א מיליטערישען אָרדנונג, נעמענדיג אין אנבעטראכט די באדינגונגען פון דער געגענד.

אויסשטעלענדיג אין א שלאכט־ליניע פיער לעגיאָנען, האָט ער מיט זיי פארנומען א שטרעקע צווישען צוויי משופע'דיגע בערג. זיך איינשפארענדיג אין זיי מיטביידע פלאנגען. די איבעריגע צוויי לעגיאָנען האָט ער איבערגעלאָזט אין רעזערוו, אום, אין א נויטפאל, צו האָבען מיט וואָס צו פארשטארקען די פונקטען, וואָס זיינען אממייסטען אין געפאהר.

און די רוימישע לעגיאָנען האָבען מיט גרויס אימפּעט זיך א וואָרף געטאָן אויף די גלאַדיאַטאָרן.

די ווילדע געשרייען פון די קעמפּענדע, דער בראַזג פון די וואפען, די קרעכצען און יאָמערן פון די שטאַרבענדע האָבען צו־שטערט די אייביגע שטילקייט פון די דאָזיגע וויסטע בערג, שרע־קענדיג די פויגלען און די וואלד חיות.

קריקס איז ארומגעגאנגען די רייהען פון די גלאַדיאַטאָרען, קראַס — די רייהען פון די רוימער, אוןביידע קאָמאנדירען האָבען ערמוטיגט און באַגייסטערט זייערע סאָלדאטען.

ביידע צדדים האָבען געקעמפּט העלדיש און עקשנות׳דיג.

דער לינקער פלאַנג פון די גלאַדיאַטאָרן איז ניט אטאַקירט געוואָרען, ווייל די רוימישע לעגיאָנען, וואָס זיינען געווען אויסגע־שטעלט אין טיפע רייהען, האָבען איבער׳ן פראָנט פארנומען וויי־ניגער אָרט, ווי די גלאַדיאַטאָרן. אויף אזא׳ן אופן זיינען דריי טוי־זענד מאַן פון פערטען גלאַדיאַטאָרשען לעגיאָן געבליבען איינפאַכע צושויער פון דער שלאַכט.

זעהענדיג, ווי אומגעדולדיג זיינע סאָלדאטען זיינען, האָט דער קאָמאנדיר פון דעם דאָזיגען לעגיאָן, אָנאַצי, זיך א וואָרף געטאָן מיט זיי אויפ׳ן רעכטען פלאַנג פון די רוימער און האָט באלד פאר־ווירט זייער לעגיאָן, וואָס איז געשטאַנען גאָר צום לעצטען.

אָבער דער דאָזיגער טריאומף איז נאָר געווען אויף א ווייל.

דער קוועסטאָר סקראָף, וואָס האָט קאָמאַנדירט מיט דעם דאָזיגען פלאַנג, האָט זיך א לאָז געטאָן צום אָרט, וואו עס איז געשטאַנען דער רעזערוו פון דער רוימישער קאוואלעריע און האָט געהייסען דעם קאוואלעריע־קאָמאַנדיר, קנעי קווינט, א קלאַפּ טאָן מיט זעקס טויזענד רייטער אויפ׳ן לינקען פלאַנג פון די גלאַדיאַטאָרן, וועלכער איז געבליבען אומבאַשיצט צוליעב אָנאַצי׳ס אומפאָרזיכטיגקייט.

אין איין אויגענבליק האָט די רוימישע קאוואלעריע ארומגע־כאַפּט פון הינטען דעם גלאַדיאַטאָרשען לינקען פלאַנג און וואָלט איהם צוהאַקט, ווען קריקס וואָלט ניט ארויסגעשיקט אַנטקעגען איינעם פון די רעזערוו לעגיאָנען. אָבער דער דאָזיגער לעגיאָן האָט נאָך ניט באַוויזען צו פאַרנעהמען דעם אָרט, וואָס אָנאַצי

האָט איבערגעלאָזט, און קראַס האָט שוין אויף איהם א לאַז געטאָן צוויי נייע לעגיאָנען פון רעזערוו. אויסער דעם זיינען נאָך זעקס טויזענד רוימישע וואַרפער ארויסגעשיקט געוואָרען ארומצוגעהן דעם רעכטען גלאַדיאַטאָרשען פלאַנג. העלדיש קלעטערענדיג איבער די משופּע'דיגע בערג, זיך איינדראַפּענדיג אין די ארויסגעשטאַרטשטע פעלזענשטיינער, האָבען די רוימער זיך אריבערגעצויגען איבער'ן באַרג און האָבען אָנגעגריפען די גלאַדיאַטאָרן פון דער הינטערשטער זייט.

נאָר איין לעגיאָן איז קריקס'ן געבליבען אין רעזערוו און ער האָט איהם ארויסגעשיקט אנטקעגען דעם נייעם שונא. איצט האָט שוין אָבער קיין זאך ניט געקאָנט ראַטעווען די גלאַדיאַטאָרן. ניט קוקענדיג אויף זייער וואונדערליכער העלדישקייט און שטאַנדהאַפטיגקייט, האָבען זייערע לעגיאָנען געמוזט פאַלען אונטער דעם אָנדראַנג פון א שונא, וואָס איז געווען כמעט דרייפאַך שטאַרקער, באַגייסטערט מיט דער זיכערקייט פון א נאָהענטען זיעג און מיט'ן דורשט אָפּצואוואַשען פון זיך די שאַנד פון דער פריהערדיגער מפּלה.

אין גיכען האָבעןביידע גלאַדיאַטאָרשע פלאַנגען, אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנגעציעלט די הויפּט קרעפטען פון די רוימער, באַדייטענד אָפּגעטראָטען אויף צוריק, עפענענדיג אויף אזא'ן אופן פון ביידע זייטען א פרייען דורכגאַנג פאַר די רוימישע רעזערווּ־לעגיאָנען. ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, האָבען די גלאַדיאַטאָרן פאַרטגעזעצט די שלאַכט מיט גרויס מוט, באַשליסענדיג זיך צו פאַרטיידיגען ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט.

קריקס האָט נאָך אלץ געהאָפט, אז ספּאַרטאַק וועט אונטערקומען און מיט א פאַרגליווערט האַרץ האָט ער געקוקט אין יענער זייט, פון וואַנען די הילף האָט צו איהם געקאָנט קומען. אָבער ספּאַרטאַק איז ניט געקומען, און די גלאַדיאַטאָרשע רייהען זיינען אלץ שיטערער געוואָרען. שוין צוויי פערד זיינען אונטער קריקס'ן גע'הרג'עט געוואָרען, ער האָט זיך אָבער געזעצט אויף א דריטען און איז געבליבען אויפ'ן זעלביגען אָרט.

— ברידער! ס'איז צייט צו שטאַרבען! — האָט ער אויסגעשריען צו די חברים, פאַרלירענדיג יעדע האָפנונג אויף רעטונג.

פעסט צונויפדריקענדיג דעם שווערד אין זיין מעכטיגער האנט, איינגאנצען אפגעגאסען מיט בלוט פון די רוימער, וואס ער האט אויסגע'הרג'עט, האט דער דאזיגער מוטיגער קאמאנדיר אנ־געשפארט זיין פערד און מיט א ווילדען אימפעט זיך ארויפגעוואר־פען אויף די רוימער, וואס האבען ארומגערינגעלט עטליכע גלא־דיאטארן, וועלכע האבען פארצווייפעלט זיך אפגעוועהרט פון זיי. זיין ביישפיעל האבען נאכגעפאלגט נאך פינף־זעקס העלדען.

— עי, איהר! — האט קריקס הויך געגומען שרייען: — איהר זייט העלדיש נאר ראן, בעת איהר זייט דריי קעגען איינעם! קומט איצט ארויס, האט קיין מורא ניט! איצט זיינען מיר פינף קעגען אייער איינעם.

דערביי האט ער מיט זיינע באגלייטער געקאסעט די רוימער רעכטס און לינקס און זיי געטרעטען מיט די פערד.

די רוימער האבען זיך שוין געהאט א ציה געטאן אויף צוריק, אבער, דערזעהענדיג, ווי אומבאדייטענד עס איז די צאהל פון די אנפאלער, האבען זיי זיך אויף זיי א לאז געטאן און ארומגערינגעלט פון אלע זייטען.

צעוואונדעטע און אראפגעשלאגענע פון די פערד האט קריקס מיט זיינע חברים פארטגעזעצט זיך צו פארטיידיגען, ביז אלע פון זיי זיינען אומגעקומען. אין דער דאזיגער אימה'דיגער שלאכט איז אויך געפאלען קריקס, זיין קערפער האט מיט זיך פארגעשטעלט איין גרויסע וואונד.

שטארבענדיג, האט ער זיך אומגעקערט צום רוימער, וואס האט איהם דערלאנגט דעם טויט־קלאפ און, דורכשטעכענדיג איהם מיט'ן שווערד, איז ער צוזאמען מיט איהם געפאלען אויף דער ערד.

— איך שווער ביי די געטער, — האט אויסגעשריען א וועטעראן, — איך האב נאך ניט געזעהן אזא לעבענסקרעפטיגען מענשען!

— און וויפיעל האט ער אונזערע אויסגעלייגט! — האט א צווייטער רוימער באמערקט, אנווייזענדיג אויף די קופעס הרוגים, וואס האבען קריקס'ן ארומגערינגעלט.

אזוי האָט זיך געענדיגט די שרעקליכע גארגאנישע שלאכט,
אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען דרייסיג טויזענד גלאדיאטאָרן
און צעהן טויזענד רוימער.

נאָר ארום אכט הונדערט מאן, ס'רוב שווער פארוואונדעטע,
האָבען די רוימער גענומען אין פלען.

אויף קראַס'עס באפעהל זיינען זיי אלע געקרייציגט געוואָרען.

## 18־טער קאפיטעל.

# קריקס׳עס לויה.

מיט א אומבאשרייבליכער אומרוהיגקייט האט ספארטאק דעם גאנצען טאג געווארט אויף די ידיעות וועגען דעם אנפאל פון די רוימער. צולעצט, זעהענדיג, אז קיינער באווייזט זיך ניט, האט ער געשיקט צו קריקס׳ן צוויי עסטאפעטען איינעם נאכ׳ן אנדערען. נאך נויטיגער איז דאס געווען דערפאר, ווייל ער האט לייגגער ניט געקאנט בלייבען אין זיין באהעלטענים צוליעב דעם, וואס זיין ארמיי האט אנגעגרייט פראוויזיע נאר אויף צוויי טעג.

בעת דער ערשטער עסטאפעט איז אנגעקומען אויפ׳ן ארט פון דעם פארלאזענעם לאגער, האט ער זיך איינגאנצען פארלארען, ניט וויסענדיג מיט וואס צו דערקלערען פאר וואס די גלאדיאטארן האבען דעם לאגער פארלאזען. ער האט אויך ניט געוואוסט ווי אזוי זיך צו דערקונדיגען עפעס וואס וועגען דעם. ער האט אבער אויפ׳ן וועג אנגעטראפען צוויי רייטער, וואס האבען איהם די גאנצע זאך קלאר געמאכט. דאס זיינען געווען קריקס׳עס שלוחים.

קריקס, נאכדעם ווי די רוימער האבען איהם פלוצלונג אנגע־יאגט, האט באלד ארויסגעשיקט צו ספארטאק׳ן צוויי עסטאפעטען, אז ער זאל זיך באווענען וואס האסטיגער. שטיצענדיג זיך אויף עווטיבידא׳ס מעלדונג, איז ער געווען פאלשטענדיג זיכער, אז ספארטאק געהט שוין איהם ארויסהעלפען.

אט פון זיי האבען ספארטאק׳ס עסטאפעטען זיך דערוואוסט וועגען דער געשעהענים.

עס איז איצט קלאר געווארען, אז עווטיבידא האט פארראטען די גלאדיאטארן.

ספארטאק׳ס עסטאפעטען זיינען געפלויגען צוריק און בעת

זיי האָבען איהם געמאָלדען וועגען דער געפאהר, אין וועלכער קריקס'עס ארמיי געפינט זיך, האָט די שלאכט ביי'ם גארגאנישען בארג שוין געהאלטען ביים סוף.

די ראָזיגע טרויעריגע בשורה האָט ספארטאק'ען ערשיטערט.

באאויפטראגענדיג גראניק'ן האסטיג צו פיהרען די פוסגעהער, איז ער אליין מיט דער קאוואלעריע אוועקגעפלויגען פאָראוים.

ניט ווייט פון סיפאָנט האָט ער אָנגעטראָפען א מאן אכט פון קריקס'עס רעגימענט, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען פון שלאכט־פעלד.

פון זיי האָט ספארטאק זיך דערוואוסט, אז פון קריקס'עס זעקס לעגיאָנען איז קיין זאך ניט געבליבען אויסער קופעס הרוגים.

— אָ, אומגליקליכע ברידער מיינע! מיין געליעבטער קריקס!

— האָט ספארטאק אויסגעשריען און, פארדעקענדיג דאָס פנים מיט די הענט האָט ער הויך זיך פאנאנדערגעוויינט.

פארטרויערטע, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפ, זיינען ארום איהם געשטאנען די גלאדיאטאָרן, און לאנג האָט קיינער פון זיי ביי זיך ניט גע'פועל'ט אָנצוהויבען ריידען מיט איהם.

צולעצט איז מאמילי צו איהם צוגעריטען און מיט א טאָן פון טיפען מיטגעפיהל האָט ער צו איהם געזאָגט:

— זיי פעסט אין דעם ראָזיגען גרויסען אומגליק, נאָבעלער פיהרער אונזערער!

— קריקס מיינער, מיין געליעבטער ברודער! — האָט ספאר־טאק ווידערהאָלט כליפּענדיג.

— זיי מוטיג, ספארטאק! — האָט מאמילי פאָרטגעזעצט,— טראכט בעסער וועגען דעם, ווי אזוי מיר זאָלען ראטעווען די אי־בעריגע אכט לעגיאָנען.

— דו ביסט גערעכט, מאמילי, — האָט ספארטאק געענט־פערט, באמיהענדיג זיך צו דערשטיקען זיינע געפיהלען, — מען דארף בעסער טראכטען וועגען זיי. מיר זיינען אין געפאהר אינ־גאנצען אומצוקומען.

ער האָט זיך פארטראכט, און עטליכע מינוטען האָט מען נאָר געזעהן זיין שווערען אָטעם.

— מען מוז אוועקגעהן אין די בערג, — האָט ער צו לעצט געזאָגט, — נאָך דער דאָזיגער שלאכט וועט קראס ניט זיין אימשטאנד זיך צו ריהרען פון אָרט פריהער, ווי אין צעהן־צוועלף שעה ארום. מען דארף זיך באנוצען מיט דער דאָזיגער צייט, כדי אויסצובעסערען אונזער לאגער.

באלד איז אוועקגעשיקט געוואָרען צו גראניק'ן א שליח מיט א באפעהל ער זאָל זיך צוריק אומקערען מיט די לעגיאָנען. און בעת די אויסגעמאטערטע פערד האָבען זיך אָביסעל אָפגערוהט, האָט די גאנצע אָפטיילונג זיך אוועקגעלאָזט אויף צוריק.

אלע קאָמאנדירען האָבען איינשטימיג מסכים געווען אויף ספארטאק'ס פלאן זיך אריבערצוקלייבען איבער די בערג אין לוקאניען און דאָרט אָנזאמלען נייע לעגיאָנען. אויב נאָך דעם וועט אויך ניט זיין מעגליך אריינצוטרעטען אין אן אָפענער שלאכט אויפ'ס ניי דאָרט אויפבלאָזען דעם פלאם פון שקלאפען אויפשטאנד, מיט קראס'ן, זאָל מען דעמאָלט אריבערציהען אין סיציליען און וואָס איז נאָך ניט אינגאנצען פארלאָרען געוואָרען.

נאָך דעם האָט ספארטאק וויעדער איבערגעגעבען זיין ארמיי גראניק'ן און ער מיט דריי רייטער האָט זיך אוועקגעלאָזט אויפזוכען קריקס'עס קערפער, ניט אכטענדיג אויף דעם, וואָס זיינע חברים האָבען איהם אָפגערעדט פון דער דאָזיגער ריזיקאלישער אונטערנעמונג.

— איך וויל זיין קערפער מקבר זיין מיט אכטונג, — האָט ספארטאק געענטפערט זיינע חברים, — ער האָט עס ביי אונז פארדינט.

איהם איז אויסגעקומען צו ווארטען אין וואלד, ביז וואנען די רוימער זיינען אוועק פון גארגאנישען בארג. דאן איז ער ארויסגעגאנגען פון זיין באהעלטענים און איז אוועק צום שלאכט־פעלד.

איהם איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, און דאָס הארץ האָט איהם פארקלעמט קוקענדיג אויפ'ן שלאכט־פעלד.

דרייסיג טויזענד הרוגים האָבען באדעקט דאָס ברייטע פעלד

כמעט ביז'ן סאמע ברעג פון ים. גרויסע שייטערהויפענס, וואס האבען זיך נאך געראויכערט און פול געמאכט די לופט מיט א גערוך פון געברענטען פלייש, האבען עדות געזאגט, אז ניט וועניג רוי־מער זיינען דא אויך אומגעקומען.

דער אנזיכט פון דעם דאזיגען אימה'דיגען פעלד, וואו ס'האט איצט געהערשט דער טויט, האט ארויסגערופען אין ספארטאק'ס נשמה א פיינליכען צווייפעל: האט ער גוט געטאן, וואס ער האט פון לעבען אוועקגענומען אזוי פיעל מענשען און האט זיי ארייג־געשטויסען אין די ארעמס פון טויט?

די דאזיגע שרעקליכע פראגע האט פול געמאכט זיין הארץ מיט אן אומאויסשפרעכליכען צער. וואס מעהר ער האט געקוקט אויפ'ן פעלד אלץ מעהר האט איהם געענגבערט אט די שרעקליכע פראגע, זיין הארץ איז שיער ניט צושפרונגען געווארען פון פיין און יסורים. עפעס אזוי ווי וועלענדיג אנטלויפען פון זיינע איי־גענע געדאנקען, האט ספארטאק אנגעשפארט דאס פערד און גע־נומען פליהען איבער'ן שלאכטפעלד. אבער דאס פעלד איז גע־ווען אזוי געדיכט באדעקט מיט בערג הרוגים, אז ער האט זיך גע־מוזט אפשטעלען. ער איז אראפגעקראכען פון פערד און איז גע־גאנגען צופוס. אויף יעדען טריט האט ער זיך אנגעשטויסען אויף בלאסע, צוקרימטע, פארקריפעלטע און פארמלאזע פנים'ער פון באקאנטע אדער פריינד.

דער יונגער פעסאלאניק, וואס איז ביי אלעמען געווען בא־ליעבט פאר זיין היימליכקייט און איידעלען כאראקטער, איז גע־לעגען מיט א טיעפער וואונד אין זייט, מיט'ן שווערד פעסט צו־נויפגעדריקט אין דער פארגליווערטער האנט. ניט ווייט פון איהם איז געלעגען מיט א צושפאלטענעם שארבען ברעזאוויר. ווייטער האט ספארטאק זיך אנגעשטויסען אויפ'ן קערפער פון סאמניט ליווי גראנדעני, דער קאמאנדיר פון זעקסטען לעגיאן, און אויפ'ן גאלל קאסט, דער קאמאנדיר פון דריטען לעגיאן, וועלכער האט נאך געהאט א פונק לעבען.

דערהערענדיג זיינע שוואכע קרעכצען, זיינען די גלאדיאטארן צו איהם צוגעלאפען און, אויפהויבענדיג איהם אויף די הענט, הא־

בען זיי איהם אװעקגעטראָגען צו זייערע חברים, װאָס האָבען גע־היט די פערד, און יענע האָבען איהם געגעבען די מעגליכע הילף.

ארומגעהענדיג א פּאָר שעה איבער דעם דאָזיגען טאָל פון טויט, האָט ספּארטאַק צולעצט געפונען קריקס'עס קערפּער, א צו־האַקטען און פארבלוטיגטען. נאָר דאָס פּנים איז געװען אומבא־ריהרט און אפילו נאָכ'ן טויט האָט עס אויסגעדריקט צאָרנדיגע ענטשלאָסענהייט און אומערשיטערליכען מוט, װאָס האָבען איהם אויסגעצייכענט ביים לעבען.

דערזעהענדיג איהם, האָט ספּארטאַק זיך ביטער צעװיינט.

— קריקס מיינער! מיין אומפארגעסליכער קריקס! װייט פון מיר ביסטו געפאלען א קרבן פון א נדיערטרעכטיגען פארראַט, און איך האָב ניט געקאָנט קומען דיר צו הילף! — האָט ער גע־פליסטערט דריקענדיג צו זיין הארצען די קאלטע האנט פון זיין גע'הרג'עטען פריינד, װאָס איהם האָט ער מיט אכט יאָהר צוריק געראַטעוועט פון טויט, בעת ער האָט אין צירק אויסגעבעטען ביים המון באגנאַדיגונג פאר איהם, —אָבער, איך שװער ביי אלע פו־ריעס — האָט ער אויסגעשריען מיט צאָרן — איך װעל נקמה נעה־מען פאר דיין טויט און פאר דעם טויט פון אונזערע דרייסיג טוי־זענד ברידער.

ער האָט קריקס'עס קערפּער אװעקגעטראָגען צום ים און איהם ארומגעוואשען; דערנאָך האָט ער איהם איינגעװיקעלט אין זיין פלאַשץ און פעסט צוגעבונדען צום רוקען פון פערד, װאָס ער האָט מיטגענומען פאר דעם דאָזיגען צװעק.

קאסט'ן, װעלכען מ'האָט ניט געקאָנט פיהרען מיט זיך, װייל ער איז געװען זעהר שװער פארװאונדעט, האָט מען איבערגעלאָזט ביי ספּארטאַק'ס א געהיימען אַנהייננגער, א װעכטער פון א פּאַט־ריצישער װילא.

דערװויסענדיג זיך, אז קראַס מיט זיין גאַנצער ארמיי איז אװעק אין קאַני, איז ספּארטאַק מיט'ן קירצסטען װעג אװעק צו גאָרדאָנעא. אויפ'ן װעג אהין האָט ער דערזעהן א שרעקליכע בילד: אויף יע־דען בוים, װאָס איז געשטאַנען ביים װעג, איז געהאנגען א מענש. דאָס זיינען געװען גלאַדיאַטאָרן, װאָס די רוימער האָבען גענומען

אין פלען ביי דער לעצטער שלאכט, איננאנצען — אכט הונדערט מאן.

א ציטער האט איהם דורכגענומען. ער האט פארדעקט די אויגען מיט דער האנט און, קריצענדיג מיט די ציין האט ער גענומען קרעכצען, ווי א פארוואונדעטער לייב.

— א! איהר הענגט די געפאנגענע. גוט!

מעהר האט ער קיין זאך ניט געזאגט. ער האט נאר געיאגט זיין פערד, כדי וואס גיכער צו אנטלויפען פון דער דאזיגער שרעקליכער בילד, וואס האט ווידער אמאל עדות געזאגט וועגען די גרויזאמקייטען פון די רוימער.

אז ער איז שוין געווען גענוג ווייט פון יענעם ארט, האט ער אפגעשטעלט זיין פערד און, זיך אומקערענדיג צו זיינע חברים, וואס האבען געריטען הינטער איהם, האט ער ארויסגערעדט מיט א דראהענדען טאן:

— פון היינט אן זאל זיין בלוט פאר בלוט און א באליידיגונג פאר א באליידיגונג! איך וועל אויך קרייציגען די רוימער, וואס וועלען אריינפאלען אין פלען. זייערע לעקציאנען וועלען ניט זיין אומזיסטע, מיר וועלען אלץ זיך אפלערנען פון זיי!

אין גארדאניא האט ספארטאק'ן זיך ניט איינגעגעבען צו פאראייניגען זיך מיט די איבעריגע חיל, און ער האט זיי אנגעיאגט ארום אסקול.

כמעט אהן אן אפרוה, האט ספארטאק זיינע סאלדאטען געפיהרט אין די בערג, ער האט זיי ערמוטיגט און איבערצייגט, אז זייער פליכט איז שטאנדהאפט אריבערצוטראגען אלע שווערינקייטען און נויטען, כדי זיך צו רעטען פון קראס'ן.

אין דער איינענער צייט האט קראס האסטיג מארשירט אויף די גלאדיאטארן, נאר מיט א באקוועמען וועג.

אזוי ווי ס'איז געווען פאלשטענדיג אונמעגליך צו פארפיהרען מיט זיי א שלאכט אין די בארגיגע ענגשאפטען, האט קראס גערעכענט אויסצואווארטען, בעת זיי וועלען שוין האבען דורכגעמאכט וויער שווערען אריבערגאנג, כדי אנצופאלען אויף זיי מיט פרישע קרעפטען אויף א גראדען פלאץ. מיט דעם דאזיגען צוועק האט ער

אוועקגעשיקט אין ווערֿאָן דעם קוועסטאָר סקראָף מיט פיער לע־גיאָנען און מיט פינף טויזענד רייטער. מיט די איבעריגע קרעפ־טען האָט ער געהאַט בדעה אליין אָנצופאלען אויף ספארטאק׳ן פון דער קעגענאיבערדיגער זייט.

וועגען זיין נצחון ביים גארגאנישען בארג האָט ער אוועקגע־שיקט אַני רוים אַ באריכט, וואו ער האָט שטארק איבערטריבען די באדייטונג פון דעם דאָזיגען נצחון און די עלענדע לאגע פון די גלאדיאטאָרן, וועלכע זיינען כלומר׳שט איינגאנצען אראָפּגעפאלען פון מוט און אין גרויס שרעק זיינען זיי אנטלאָפען אין לוקאניען. קראַס האָט פארזיכערט דעם סענאט צו ענדיגען מיט די גלאדיא־טאָרן גאָר אומגעזאַמט.

אָבער איידער סקראָף האָט דערגרייכט ווענאזא, איז ספאר־טאַק, וואָס האָט זיך דערוואוסט וועגען זיין צוג, אוועק פון דאָרט און איז אומערווארטעט אָנגעפאלען אויף קראַס׳ן.

באהאלטענדיג זיינע חיל אויפ׳ן דעק פון אַ טיפען טאָל, איז ער צוגעקומען צום שונא׳ס לאגער גאָר אומבאמערקט און איז אויף איהם אָנגעפאלען גאַנץ פלוצלונג.

דורשטענדיג נאָך ראַכע, האָבען די גלאדיאטאָרן זיך געשלאָגען מיט אַזאַ ערביטערנוג, אַז נאָך אַ דריי שעה׳דיגער שלאַכט האָבען די רוימישע לעגיאָנען אָפּגעטראָטען אין אומאָרדנונג, פארלירענ־דיג זעקס טויזענד אין גע׳הרג׳עטע און דריי טויזענד אין גע־פאנגענע.

נאָך אַכט שעה רוה איז ספארטאַק אוועק אין מעטאפאנט, ארויסגעבענדיג אַ באַפעהל צו קרייציגען צוויי טויזענד זעקס הונ־דערט געפאנגענע. לעבעדיג האָט ער אָפּגעלאָזט נאָר פיער הונ־דערט, וואָס כמעט אלע פון זיי האָבען באלאנגט צו פאטריצישע פאמיליען. צוליעב וועלכען צוועק ספארטאַק האָט זיי געשאָנע־וועט, האָט ער אין יענעם טאָג קיינעם ניט געזאָגט.

איינעם פון די דאָזיגע יונגע פאטריציער האָט ער אוועקגע־שיקט צו קראַס׳ן, כדי ער זאָל איהם דערצעהלען, ווי דער פיהרער פון די גלאדיאטאָרן איז זיך באגאנגען מיט די געפאנגענע רוימער, און איהם מעלדען, אַז אַזוי וועט ער זיך אויך ווייטער באַגעהן

מיט די געפאנגענע. אויסער דעם האָט ער געהייסען איבערגעבען קראס׳ן, אז ער איז גרייט צו באפרייען הונדערט פון די אָנגעזוע־הענסטע פאטריציער, אויב מען וועט איהם ארויסגעבען די גריכין עווטיבידא, וועלכע געפינט זיך, אָהן צווייפעל, אין רוימישען לא־גער.

נאָך דעם איז ער אריין אין דער נעהענטסטער שטאָדט און האָט זיך באפעסטיגט אין איהר מיט׳ן צוועק אויסצופילען זיין ארמיי מיט נייע לעגיאָנען.

און ווירקליך, אין פארלויף פון אכט טעג זיינען צו איהם אָנ־געלאָפען איבער זעכצעהן טויזענד שקלאפען און גלאדיאטאָרן פון די ארומיגע לוקאנישע שטעדט. ניט האבענדגי קיין צייט זיי איינ־צומושטירען האָט ער זיי פאנאנדערגעטיילט אויף גלייך צווישען אַלע לעגיאָנען, אזוי, אז יעדער נייער סאָלדאט איז געווען ארומגע־רינגעלט מיט ערפאהרענע סאָלדאטען, וואָס האָבען פאר איהם געקאָנט דינען אלס ביישפיעל.

די גלאדיאטאָרשע ארמיי איז ווידער באשטאנען פון פופציג טויזענד פוסגעהער און אכט טויזענד קאוואלעריע.

אויספילענדיג זיין ארמיי, איז ספארטאק באלד ארויס פון שטאָדט און האָט געהייסען זיינע סאָלדאטען זיך אויסשטעלען אין צירקעל אין מיטען פון א ברייט פעלד, וואו ער האָט אין מיטעל־פונקט אויפגעשטעלט א הויכען שייטערהויפען.

בעת קריקס׳עס איינגעבאלזאמירטער קערפער איז אוועקגע־לעגט געוואָרען אויפ׳ן שפיץ פון שייטערהויפען, האָט ספארטאק געהייסען ברייננגען דריי הונדערט רוימישע געפאנגענע.

איין העלפט פון זיי זיינען געווען אָנגעטאָן, ווי סאמניטען, די צווייטע העלפט, ווי פראקיער, — ווי מען פלעגט געוועהנליך אָנ־טאָן אין צירק די גלאדיאטאָרן, וואָס פלעגען זיך מוזען פעכטען.

בעת מ׳האָט זיי אויסגעשטעלט איינע קעגען די אנדערע, האָט ספארטאק, וואָס איז געזעסען אויף א בימה און איז געווען אָנגע־טאָן אין א אימפעראטאָרשען מאנטעל, זיך געווענדעט צו זיי מיט אזא רעדע:

— נאָבעלע יונגע לייט! איהר, די נאכקומענדע דורות פון די

אנגעזעהענסטע משפחות, וואס האבען זיך באריהמט געמאכט אי־בער גאנצער וועלט דורך נאבעלער רויבעריי, גרויסמוטיגען פאר־ראט, פאלשקייטען און גלענצענדע נידערטרעכטיגקייטען, וואס האבען באשאפען די הערליכקייט פון אומשטערבליכען רוים אויף דעם בלוט און די ביינער פון צודריקטע און צושטיקטע פעלקער! איהר האט זיך באשלאסען צו נעהמען פאר די שווערדען, וואס זיי־נען צו שווער פאר אייערע הענט, און איהר זייט געקומען אויס־מעסטען אייערע קרעפטען מיט נידריגע און פארהאסטע קנעכט. אבער די פארהאסטע קנעכט האבען זיך ארויסגעוויזען שטארקער פון אייך. איהר זעהט, די ראליען האבען זיך געביטען: איצט זיינען מיר אייערע הארען, און איהר אונזערע קנעכט. איהר האט זיך אזוי פיעל מאל אמוזירט אין אייערע אמפיטעאטערן מיט די בלוטיגע געשלעגען פון מענשען, וואס זיי האט געטראפען אן אומ־גליק צו ווערען אייערע קנעכט, איצט אמוזירט איהר אונז כאטש איין מאל, אונז, אייערע הארען. זעהט איהר דעם דאזיגען שיי־טערהויפען? אויף איהם ליעגט דער קערפער פון א געוועזענעם גלאדיאטאר, וועלכען איהר האט באזיעגט א דאנק דעם מיאוס׳ען פארראט פון א געמיינער פרוי. ווען קאן וויסען? אפשר דורשט זיין נאבעלע נשמה צו פארגיסען איהר גערעכטען צארן אויף די רוימער מיט דעם רוימישען בלוט? הויבט זשע אן דעם געפעכט! דער׳הרג׳עט איינער דעם אנדערען, ווי עס פאסט פאר גוטע גלא־דיאטארן! מיר האבען אייך געוויזען, אז גלאדיאטארן קענען זיין אויסגעצייכענטע סאלדאטען. איצט ווייזט איהר אונז, אז איהר קאנט זיין גלאדיאטארען.

ווילדע געשרייען פון ענטציקונג האבען פארהילכט די גלאדיי־אטארישע רייהען, בעת ספארטאק האט געענדיגט זיין רעדע. דאס איז געווען זייער נקמה פאר דעם גאנצען בזיון, פאר אלע ליידען, וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען פון די רוימער.

די רוימישע געפאנגענע האבען זיך פון ארט ניט געריהרט. זיי זיינען געשטאנען מיט אראפגעלאזטע קעפ, די פנימ׳ער צו־קרימט פון טרויער און ענטריסטונג און האבען קיין שום וואונש ניט ארויסגעוויזען צו ערפילען דעם שענדליכען באפעהל.

— וואָס ווארט איהר? — האָט ספּארטאַק צו זיי אויסגע־שריען. — ציהט ארוים אייערע שווערדען און הויבט זיך אָן פעכ־טען. איך וועל אונטערצינדען דעם שייטערהויפען. הויבט אָן.

ספּארטאַק האָט גענומען אָן אָנגעצונדענעם פאַקעל און איהם צוגעטראָגען צום שייטערהויפען. דאָס זעלביגע האָבען געטאָן אַלע טריבונען און צענטוריאנען. אָבער די רוימער זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען אומבאוועגליך.

דערווייַלע האָט די טרוקענע האָלץ פון שייטערהויפען גענומען פלאַקערען.

— א! — האָט ספּארטאַק בייז גענומען שרייען. — איהר האָט נאָר ליעב צו קוקען אויף א געשלעג פון גלאַדיאַטאָרען, אָבער איהר אליין ווילט זיך ניט שלאָגען! גוט! מיר וועלען אייך מיט גוואַלד צווינגען דערצו, פונקט אזוי, ווי איהר האָט אונז אמאָל גע־צוואונגען.

אויף ספּארטאַק׳ס צייכען זיינען פון די גלאַדיאַטאָרשע רייהען ארויסגעטראָטען ניין הונדערט מאַן מיט אָנגעברענטע אייזענס און האָבען גענומען שטעכען און ברענען די רוימישע געפאַנגענע. ארומגערינגעלטע פון אַלע זייטען אזוי ווי מיט א רייף, וואָס האָט זיי אַלץ מעהר צונויפגעדריקט, זיינען די יונגע פּאַטריציער צולעצט געווען געצוואונגען אָנצוהויבען דעם געפעכט צווישען זיך, כדי אין טויט צו געפינען א דערלייזונג פון זייערע יסורים. געשרייען, גע־לעכטער און אפּלאָדיסמענטען האָבען ווי א דונער דורכגעראָלט דורך די גלאַדיאַטאָרשע רייהען.

אין א האַלבע שעה ארום איז פון שייטערהויפען געבליבען נאָר קויהלען, און פון די רוימישע יונגע לייט — א קופּע הרוגים און א טייך בלוט.

## 19-טער קאפיטעל.

# ספאַרטאַק אין לוקאַניען. עווטיבידא'ס טויט.

דער גלאדיאטאָרשער לאגער איז איצט איבערגעטראָגען גע־וואָרען אין דרום לוקאניען, וואו עס זיינען אַנגעלאָפען נייע שקלאַ־פען־מאסען, און די גלאדיאטאָרישע ארמיי האָט איצט דערגרייכט אכציג טויזענד.

איצט האָט מען געקאָנט ארויסקומען אין אן אָפענער שלאכט מיט קראס'ן.

די גלאדיאטאָרן האָבען זיך גענומען גרייטען צו א שלאכט.

די רוימער, פון זייער זייט, האָבען אויך ניט געוואַרט; זיי האָבען אָנגעהויבען די אטאקע און די שלאכט האָט זיך צופלאַ־קערט. פון האלבען טאָג ביז'ן אווענד האָבעןביידע צדדים ניט אָפּגעטראָטען און זיי האָבען זיך געשלאָגען מיט גרויס עקשנות און ערביטערונג. נאָר אווענד־צייט האָט דער לינקער פליגער פון די גלאדיאטאָרן, וואָס איז באשטאנען פון נייע סאָלדאטען, גענומען נאָכגעבען.

דעמאָלט איז ארטאָריקס, וואָס האָט קאָמאנדירט מיט דעם פליגעל, אראָפּגעקראָכען פון פערד און אָהן א שלעם, א פארוואונ־דעטער אין קאָפּ און אין ברוסט, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן פאָר־אויס, וועלענדיג מיט זיין ביישפיעל איינהאלטען די קליינמוטיגע. אָבער אלע זיינע אנשטרענגונגען זיינען געוועזן אומזיסטע, און זיינע לעגיאָנען האָבען אלץ אָפּגעטראָטען.

זעהענדיג דאָס, האָט ספארטאק זיך א וואָרף געטאָן צום לינ־קען פליגעל צו און צאָרנדיג גענומען שרייען צו די סאָלדאטען:

— האָבען דען אייערע פריהערדיגע זיעגען איבער די רוי־מער זיי פארוואנדעלט אין לייבען, און אייך אין פייגע האָזען? שטעלט זיך אָפּ! צוריק! פאָלגט מיר נאָך געמיינשאפטליך, מיר וועלען זיי ווידער פאריאָגען!

זאָגענדיג דאָס האָט ער א וואָרף געטאָן אויף די שונאים זיין פאנצער און, אָנכאפּענדיג מיט דער לינקער האנט דעם שווערד פון א גע'הרג'עטען גלאדיאטאָר, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף די רוימער מיט ביידע שווערדען, ווי ער פלעגט עס טאָן, זייענדיג א גלאדיאטאָר. א דאנק זיין איבערנאטירליכער קונסט זיך צו באנוצען מיט'ן שווערד, האָט ער גענומען פעכטען לינקס און רעכטס מיט ביידע שווערדען, אויסלייגענדיג אויף זיין וועג גאנצע רייהען הרוגים, בעת איהם האָט ניט איין רוימישער שווערד, ניט איין רוי־מישע שפּיץ אָנגעריהרט. אומבאשעדיגט איז ער ארויסגעקומען פון דער דאָזיגער שלאכט, פונקט אזוי ווי ער איז געבליבען אומ־באשעדיגט אין אלע פריהערדיגע שלאכטען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער פלעגט זיך שטענדיג ווארפען אין סאמע ברען.

ספּארטאק'ס גבורה האָט ערמוטיגט די סאָלדאטען און זיי האָבען זיך ווידער א לאָז געטאָן אויף די רוימער. איז ער דאַן אוועק צום דערבייאיגען לעגיאָן, כדי דאָרט צו באגייסטערען די מוטלאָזיגע סאָלדאטען.

אין דער זעלביגער צייט האָט דער צענטער פון דער גאלדיא־טאָרשער שלאכט ליניע זיך געפונען אונטער דעם אָנדראנג פון דעם שונא'ס הויפּט קרעפטען, אונטער קראס'עס קאָמאנדע.

די גלאדיאטאָרן האָבען ניט אויסגעהאלטען דעם אָנדראנג פון דער נעדיכטער קאָלאָנע, וואָס איז באשטאנען פון וועטעראנען, ערפאהרענע נאָך פון סוללא'ס און מאריוס'עס מלחמות, און האָבען גענומען לויפען אין אונאָרדנונג.

פון לינקען פליגעל האָט ספּארטאק דערזעהן די טרויעריגע בילד, ווי זיין צענטער ווערט צושלאָגען און, ארויפכאפּענדיג זיך אויף א פערד, איז ער אוועקגעפלויגען צום רעזערוו, וואו די קאַ־וואלעריע איז געשטאנען. אין איין אויגענבליק האָט ער מיט זעקס טויזענד רייטער זיך א לאָז געטאָן אויפ'ן פלאנג פון די לעי־

ניאָנען, וואָס האָבען פאַרפאָלגט די לויפענדע גלאַדיאַטאָרן. אויף אַזאַ'ן אופן איז די ארמיי, וואָס איז געווען אין געפאהר אינגאַנ־צען פארניכטעט צו ווערען, געראַטעוועט געוואָרען. די גלאַדיאַ־טאָרן האָבען אָבער פאַרלאָרען אכט טויזענד מאַן אין געהרג'עטע און טויזענד מיט צוויי הונדערט מאַן אין פאַרוואונדעטע, בעת די רוימער האָבען נאָר פאַרלאָרען פינף טויזענד מאַן.

דערווייל איז צוגעפאַלען די נאַכט, וואָס האָט קראַס'ן גע־שטערט ארויסצופיהרען די קאַוואַלעריע, און די גלאַדיאַטאָרן האָ־בען אָפּגעטראָטען אין זייער לאַגער.

מיט דער הילף פון גראַניק'ן און פון די אנדערע קאָמאַנדירען האָט ספּאַרטאַק געגומען בריינגען אין אָרדנונג זיינע צורודערטע לעגיאָנען. דערנאָך האָט ער נאָך האַלבע נאַכט שטיל זיך ארונ־טערגענומען פון לאַנד און איז אוועק צו דרום. און כדי אָפּצו־נאַרען דעם שונא, האָט ער געהייסען פאַנאַנדערלייגען גרויסע פעלד־וואַך פייערען.

ער איז געגאַנגען מיט דער גרעסטער געשווינדקייט, האָבענ־דיג ברעה זיך אריבערצוקלייבען אויף דעם זידליכען ענד פון דעם האַלב אינזעל און פון דאָרט אריבערפיהרען די ארמיי אין סיציליען.

אין פּאַנדאָזיען האָט איהם דעריאָגט קראַס'עס אַ שליח. ער האָט איהם פאָרגעשלאָגען, אנשטאָט עווטיבידאַ'ן, וועלכער ער האָט ניט געוואָלט ארויסגעבען, צו באַפרייען צוויי הונדערט געפאַנגענע גלאַדיאַטאָרען פון דער לעצטער שלאַכט פאַר הונדערט רוימישע פּאַטריציער, וואָס האָבען זיך געפונען אין ספּאַרטאַק'ס הענד.

ספּאַרטאַק האָט באַלד אָנגענומען דעם אָנבאָט, און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער אויסטויש וועט פאָרקומען אין ראָס־ציאַנאַ אין דריי טעג ארום.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קראַס האָט איהם געמאַכט דעם דאָזיגען פאַרטיילהאַפטען אָנבאָט מיט'ן ציעל איהם צו פאַרהאַלטען אין וועג, און דערפאַר האָט ער באַשלאָסען אוועקצושיקען די געפאַנ־גענע פּאַטריציער אין ראָסציאַן מיט אַן אָפּטיילונג פון טויזענד צוויי הונדערט גלאַדיאַטאָרשע רייטער, וואָס האָבען מיט זיך

געדארפט מיטפיהרען אזוי פיעל אנגעזאמעלטע פערד פאר די צוקינפטיגע רעקרוטען.

מאמילי'ן, וואס האט געפיהרט די דאזיגע אפטיילונג, האט ספארטאק שטריינג פארזאגט נים ארויסצוגעבען די געפאנגענע רוימער, כל זמן מען וועט איהם נים ארויסגעבען די געפאנגענע גלאדיאטארען, און דערנאך זיי באלד אוועקפיהרען צו טעמעזא, וואו ספארטאק האט גערעכענט צו זיין אין פיער טעג ארום.

אין פאל אויב די רוימער וועלען פארראטען, דארף מאמילי אויס'הרג'ענען די געפאנגענע פאטריציער און פליהען צו ספארטאק'ן, איבערלאזענדיג די געפאנגענע גלאדיאטארען צו זייער איינענעם שיקזאל.

ספארטאק אליין האט ווייטער געפיהרט זיינע חיל מיט דער זעלביגער געשווינדטקייט.

אויפ'ן וועג צו טעמעזא האבען זיינע אויסזעהער זיך אנגעשטויסען אויף א באוואפענטער אפטיילונג, וואס זיי האבען אויפ'ן ערשטען בליק אנגענומען פאר רוימער. האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז דאס איז געוועזען רעכט פינף טויזענדיגער לעגיאן פון די שקלאפען, וואס קאי קאניצי האט אנגעזאמעלט אין דרום לוקאניען.

חרטה האבענדיג אויף זיין אומווירדיגער אויפפיהרונג, האט ער געבראכט ספארטאק'ן פינף טויזענד רעקרוטען און האט געשווארען פון היינט אן און ווייטער צו פאלגען די באפעהלען פון זיין אויבער־קאמאנדיר.

ספארטאק האט ברידערליך איהם ארומגענומען און איהם מוחל געוועזען. די אנגעקומענע רעקרוטען האט ער פאנאנדערגעטיילט אין אלע לעגיאנען, באשטימענדיג קאניצין פאר איינעם פון די קאמאנדירען.

אין דעם זעלבען טאג איז מאמילי אנגעקומען מיט די באפרייטע גלאדיאטארען פון רוימישען פלען.

אין דער אנוועזענהייט פון דער גאנצער ארמיי האט ספארטאק פאר זיי געהאלטען א קורצע רעדע. טאדלענדיג זיי שטארק דערפאר, וואס זיי האבען זיך געלאזט נעמען אין פלען לעבעדיגערהייד, האט ער באמערקט, אז נים אלע מאל וועט ער האבען א הונדערט

רוימישע פּאַטריציער, וואָס מיט זיי זאָל ער קאָנען אויסקויפען די געפאַנגענע גלאַדיאַטאָרען און ווען ניט דער דאָזיגער גליקליכער צופאַל וואָלטען זיי איצט אַלע געהאַנגען אויף די בוימער. דערנאָך האָט ער זיי געהייסען ווידער נעמען געוועהר און פאַנאַנדערגעהן אין זייערע לעגיאָנען.

אָהן שטערונגען האָט ספּאַרטאַק דערגרייכט טעמעזא און האָט אַרום יענע געגענד אויפגעשלאָגען זיין לאַגער, כדי זיך צוצוגרייטען אַריבערצופיהרען זיין אַרמיי איבער'ן ים.

דאָ האָט ער אָנגעקניפּט באַציהונגען מיט די ים־רויבער, וואָס האָבען זיך געפונען ביי די ברעגען פון טירעניישען ים, און האָט זיי איינגערעדט אַריבערצופיהרען איהם מיט זיינע חיל אין סיציליען פאַר דרייסיג טאַלאַנטעס. דער אָפּמאַך איז געווען, אַז צעהן טאַלאַנטעס דאַרפען זיי קריגען פאָראויס.

אָבער די ים־רויבער האָבען ניט געהאַלטען קיין וואָרט. ערב דעם באַשטימטען טאָג זיינען זיי אוועקגעשוואומען אַליין, משמעות, אַז זיי האָבען ניט געוואָלט איינרייסען מיט רוימער, וועלכע וואָלטען פון זיי דערפאַר נקמה גענומען.

בעת ספּאַרטאַק מיט די איבריגע פיהרער האָבען טרויעריג געקוקט, ווי די זעגלען פון די פּיראַטען שיפען פאַרשווינדען אַלץ מעהר הינטערן האָריזאָנט, זיינען די גלאַדיאַטאָרישע אויסזעהער אָנגעקומען מיט דער ידיעה, אַז קראַס געהט אויף זיי מיט זיין גאַנצער הונדערט טויזענדיגער אַרמיי.

ספּאַרטאַק האָט באַלד אויסגעשטעלט זיינע חיל אין שלאַכט אָרדנונג און איידער קראַס האָט באַוויזען צו־צוקומען מיט די הויפּט קרעפטען, איז ער באַפאַלען מיט זעקס לעגיאָנען אויף זיין פאָדערשטען קאָרפּוס און האָט איהם אַזוי האַסטיג אָנגעגריפען, אַז ער האָט גענומען לויפען אין אונאָרדנונג.

ער האָט זיך אָבער ניט געקענט באַנוצען מיט זיין זיעג; די אַנטלאָפענע האָבען זיך באַהאַלטען הינטער די לעגיאָנען פון פרעטאָר גופא.

ספּאַרטאַק האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען וואַרטען.

גאָר אין גיכען האָט גענומען בושעווען די שחיטה איבער דער

גאַנצער ליניע. דריי שעה האָט די שחיטה אָנגעהאַלטען אָהן אַ שום איבערגעוויכט אויף וועלכער עס איז זייט.

אָבער אַזוי ווי ספּאַרטאַק האָט באַשלאָסען אונטער אַלע אומ־שטענדען זיך אַריבערצוקלייבען אין סיציליען, האָט ער דאַרום ניט געוואָלט אויפנעהמען אַ ענטשיידענדע שלאַכט, בעת די רוימישע אַרמיי איז געווען באַדייטענד גרעסער. דערפאַר, בעת קראַס האָט אַרויסגעשטעלט עטליכע נייע לעגיאָנען, האָט ספּאַרטאַק געהייסען זיינע חיל נעשווינד אָפּטרעטען.

די רוימער, אָננעמענדיג דעם דאָזיגען ריקצוג פאַר אַן אַנטלויפען, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן נאָכיאָגען די גלאַדיאַטאָרן, זיי האָבען זיך אָבער באַלד אָנגעשטויסען אויף דעם שונא'ס צווייטער ליניע פון זעקס לעגיאָנען, וואָס גראַניק האָט אויסגעשטעלט אויף ספּאַרטאַק'ס באַפעהל הינטער דער ערשטער ליניע.

די נייע גלאַדיאַטאָרשע קרעפטען האָבען צוטומעלט די רוימער און קראַס האָט געמוזט אַרויספיהרען זיין גאַנצען רעזערוו, כדי אָפּצוהאַלטען דעם שונא'ס ערפאָלג.

אַ נייע שלאַכט האָט איצט גענומען בושעווען.

די גלאַדיאַטאָרשע לעגיאָנען זיינען ווידער אַמאָל געווען גע־צוואונגען אָפּצוטרעטען, מחמת די איבערגעוויכט פון קרעפטען אויפ'ן שונא'ס זייט איז געווען אַ צו גרויסע.

אין דער איינענער צייט האָט ספּאַרטאַק באַוויזען ווידער אויסצושטעלען די ערשטע זעקס לעגיאָנען, וואָס האָבען זיך שוין געהאַט אָפּגערוהט און די רוימער האָבען זיך ווידער אָנגעשטויסען אויף פרישע קרעפטען.

אויף אַזאַ'ן אופן האָט ספּאַרטאַק מיט צוועלף לעגיאָנען אַ גאַנצען טאָג אויסגעהאַלטען דעם דרוק פון קראַס'עס צוואַנציג לע־גיאָנען, ניט געבענדיג איהם קיין מעגליכקייט צו ציהען אַ וועלכע ניט איז נוץ פון דער דאָזיגער שלאַכט.

אוועגדצייט האָבען די גלאַדיאַטאָרן דערגרייכט טעמעזא, וואו זיי האָבען זיך פאַראייניגט מיט דריי לעגיאָנען, וואָס זיינען גע־בליבען אין דער דאָזיגער פעסטונג.

אין דעם זעלבינען אווענד האָבען די רוימער אויפגעשלאָגען

זייער לאנגער אויף איינעם פון די בערגלאך, וואס האבען ארומגע־רינגעלט די שטאדט.

— וואס מ'זאל ניט זאגען, — האט קראס באמערקט דעם קוועסטאר סקראף, — אבער דער דאזיגער פארפלוכטער גלאדיא־טאר קעמפט אזוי גוט, אז מען קאן איהם אננעהמען פאר אן אמת'ן ארמיי פיהרער.

— דעם אמת זאגענדיג, איז ער ווירקליך אן אויסגעצייכענטער ארמיי פיהרער, — האט סקראף מיט א זיפץ געענטפערט.

דאך האט עס קראס'ן ניט געשטערט צו לאזען וויסען דעם סענאט וועגען זיין נייעם נצחון און ער האט פאראיינס דעם סענאט צוגעזאגט אין צעהן טעג ארום אינגאנצען פארטיג צו ווערען מיט ספארטאק'ען.

ספארטאק, פון זיין זייט, האט געמאכט דעם אנשטעל, אז ער גרייט זיך כלומר'שט צו א לאנגער און עקשנות'דיגער פארטיידיגונג אין טעמעזא. ער האט געהייסען אפרייניגען די פעסטונג־גראבענס, פארריכטען די ווענט און די טורעמס און אנגרייטען פארטיידיגונגס וואפען.

די בירגער האט מען שטרייננג פארזאגט בשום אופן ניט ארויס־צוגעהן פון שטאדט, אלע שטאדט טויערען זיינען טאג און נאכט געווען באוואכט פון גלאדיאטארן.

אט די אלע צוגרייטונגען האבען ארויסגערופען אין שטאדט א שרעקליכע מהומה. די איינוואהנער האבען זיך שוין פארגע־שטעלט אלע שרעקען פון א גלאדיאטארישער הערשאפט, פון א לאנגער באלאגערונג און פון הונגער, וואס איז דערביי אומפאר־מיידליך.

מ'האט צו ספארטאק'ן געשיקט שלוחים מיט א בקשה צו פארלאזען די שטאדט, ארויפלייגענדיג אויף איהר א קאנטריבוציע, וואס ער אליין וועט באשטימען.

אט דאס האט טאקע ספארטאק געוואלט.

ער האט די שלוחים אויפגענומען זעהר ליבענסווירדיג, ווי זיין שטייגער איז געווען, און האט זיי געלאזט וויסען, אז ער וועט גערן ערפילען זייער בקשה, אויב מען וועט איהם נאר ארויסגעבען

אַלע שיפען, וואָס די שטאָדט פאַרמאָגט, אַלע לאָדקעס און באַרזשעס; און אויב די דאָזיגע וועלען ניט זיין גענוג אויף אַריבערצופיהרען זיינע חיל, מוז די שטאָדט איהם פאַרשאַפען אַזוי פיעל, וויפיעל ער וועט דאַרפען.

דער שטאָדט־ראַט, די פּאַטריציער און דאָס פאָלק האָבען דאַרויף איינגעשטימט, ווייל קיין אַנדער אויסוועג האָבען זיי ניט געהאַט, כדי דערלייזט צו ווערען פון די גלאַדיאַטאָרען. עס האָט לאַנג ניט געדויערט — און דער גאַנצער ים ברעג איז באַדעקט געוואָרען מיט לאָדקעס, מיט באַרזשעס און מיט אַרבייטער, וואָס האָבען געבויט אַ פלאָטילע פאַר ספּאַרטאַק׳ן.

קראַס האָט דערווייל אויסגעשיקט עסטאַפעטען איבער אַלע אַרומיגע שטעדט מיט דער פאָדערונג באַלד איהם אַרויסצושיקען אַלע באַלאַגערונגס־וואָפען, וואָס געפינען זיך אין יעדער שטאָדט, אָהן וועלכע די באַלאַגערונג וואָלט צו לאַנג זיך פאַרצויגען.

אין דער צייט וואָס קראַס האָט זיך געגרייט צו דער באַלאַגערונג, און ספּאַרטאַק — אַריבערצופיהרען זיין אַרמיי אין סיציליען, האָט יעווטיבידאַ, ברענענדיג מיט אומגעדולד און פאַרדרוס, אַלץ געקלערט, צו קאָן מען ניט פאַרגיכערען ספּאַרטאַק׳ס מפּלה. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז אין די געמויערטע ווענט, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט די שטאָדט, האָט געדאַרפט זיין ערגעץ־וואו אַ שוואַכער פּונקט, פון וואַנען מ׳האָט געקאָנט מאַכען אַ פלוצלינגען אָנפאַל, און זי האָט באַשלאָסען גוט צו באַקוקען די ווענט.

מיט דעם דאָזיגען צוועק האָט זי זיך באַשמירט די הענד, די האַלז און דאָס געזיכט מיט אַ טונקעלער שמירעכץ, וואָס זי האָט ספּעציעל דערפאַר צוגעגרייט, כדי אויסצוזעהן, ווי אַ נעגרין, האָט זיך אָנגעטאָן ווי אַ שקלאַפין און מיט אַ כלי אויף דער פּלייצע איז זי באַגינען אַוועק כלומרשט נאָך וואַסער. זי האָט געוואוסט, אַז ניט ווייט פון שטאָדט איז דאָ אַ קוואַל, פון וואַנען די אַרומיגע איינוואָהנער שעפּען טרינק־וואַסער. אָבער אַזוי ווי דער דאָזיגער קוואַל איז געווען באַוואַכט פון גלאַדיאַטאָרען, האָט יעווטיבידאַ ניט געוואָגט צוצוגעהן צו איהם און זי האָט זיך דאַרום פאַרנומען צום טעמפּעל צו, וואָס איז געשטאַנען אויף איינעם פון די בערגלאַך.

דערזעהענדיג א פריסטער, וואס איז געשטאנען אונטער'ן פארטיק פון א טעמפעל, איז זי צו איהם צוגעגאנגען און טיעף פארנייגענדיג זיך, האט זי ביי איהם גענומען בעטען ערלויבנים אנצושעפען וואסער פון יענעם ברונעם, ווייל אלע קוואלען זיינען באוואכט פון די גלאדיאטארען.

דער פריסטער האט זי צוגעפיהרט צום ברונעם, קלאגענדיג זיך אויף די שלעכטע צייטען, אויף די גלאדיאטארען, וואס לאזען קיינעם אין שטאדט ניט אריין, אפילו יענע, וואס קומען מיט קרבנות פאר די געטער.

—יעדען טאג פלעגען זיך דא דרענגען גאטבעטער. וויפיעל מתנות פלעגען זיי ברייננען! — האט דער פריסטער געזאגט מיט א זיפץ, — און פאר די גאנצע צוואנציג טעג, זינט די גלאדיאטארען האבען פארנומען די שטאדט, איז נאר צוויי מאל אהער געקומען עפעס א מיידעל, פון זייער לאגער, וואס האט געבראכט א קרבן צו אונזער גאט.

„מירדזא!“. האט יעווטיבידא א טראכט געטאן, און איהרע אויגען האבען אויפגעגלאנצט מיט א העלישער פרייד. זי האט געוואוסט, ווי ספארטאק האט ליעב געהאט זיין שוועסטער; פאלג־ליך, אומברענגענדיג מירדזא'ן, קאן מען דערמיט אנטאן ספארטאק'ן די גרעסטע יסורים. און זי האט באשלאסען ניט דורכצולאזען די געלעגענהייט אומצוברענגען מירדזא'ן און דערמיט נעהמען פון ספארטאק'ן א דאפעלטע נקמה.

די ווענט ארום שטאדט, ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזען, זיינען געווען גוט ארומגעזעהען, אזוי, אז אין דעם פרט איז ספארטאק געווען זיכער. האט עווטיבידא געזוכט אויסצופיהרען דעם צוויי־טען פלאן — אומברענגען מירדזא'ן.

פון יענעם טאג אן האט עווטיבידא טעגליך גענומען קומען אין טעמפעל מיט רייכע מתנות, — ווי זי האט געזאגט, — פון איהר האנרענטע.

דער פריסטער, וואס איז פון איהר געווען אונטערגעקויפט,

איז געוואָרען נעשפּרעכינגער און האָט איהר געזאָגט, אין וועלכער שעה עס דאַרף קומען אין טעמפּעל דאָס מיידעל פון גלאַדיאטאָרי־שען לאַגער.

עוואטיבידא האָט נאָך פון אוועגד באהאלטען אין וועלדעל, ניט ווייט פון טעמפּעל, צוויי פון קראס'ער שקלאַפען, וועלכע זי האָט אָנגעזאָגט צו שיסען פון בויגענס אין א יונג מיידעל, וואָס וועט באַגינען זיך באוויזען אין זעלנערשע קליידער, אויף דעם שטעג, וואָס פיהרט צום טעמפּעל.

פון פּריסטער'ס ווערטער האָט עוואטיבידא געוואוסט, אז מירדזא קומט אין טעמפּעל אָנגעטאָן אין זעלנערשע קליידער. דעם דאָזיגען קאָסטיום האָט ספּארטאַק באשטעלט פאר דער שוועסטער לויט דעם מוסטער פון עוואטיבידא'ס קאָסטיום, בעת יענע איז נאָך געוועזן אין זיין לאַגער.

אין יענער נאכט האָט עוואטיבידא אַן אויג ניט צוגעמאַכט. עס האָט נאָך ניט אָנגעהויבען צו טאָגען, בעת זי איז ארויסגעגאַנגען פון לאַגער, אָנגעטאָן אין איהר געוועהנליכען פעלד־קאָסטיום. זי האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, צו די שקלאַפען, וואָס זי האָט אוועקגעשטעלט אין וועלדעל, געפינען זיך אויף זייערע ערטער.

די וואַך אפּטיילונג פון די גלאַדיאטאָרען, וואָס זי האָט גע־טראָפען איופ'ן וועג, האָט זי געצוואונגען צו נעהמען אַן אנדער ריכטונג און צו זוכען א באהעלטעניס אין וועלדעל.

רעטענדיג זיך פון די גלאַדיאטאָרען, וואָס האָבען זיך א לאָז געטאָן נאָך איהר, האָט עוואטיבידא איגגאַנצען פארגעסען וועגען די שקלאַפען, וואָס האָבען אין דער טונקעלהייט געקאָנט ניט דער־קאָנען זי און אָנגעהמען פאר מירדזא'ן. די שקלאַפען, דערזעהענ־דיג זי לויפענדיג איבער יענעם שטעג, אויף וועלכען מירדזא האָט זיך געדאַרפט באוויזען, האָבען געמיינט, אז דאָס איז יענע איבער־געטאָנענע מיידעל, וואָס אין איהר דאַרפען זיי שיסען, און זיי האָבען אין איהר אויסגעשאָסען.

זייערע פיילען האָבען געטראָפען אין ציעל.

אָנכאַפּענדיג זיך פאַר'ן הארצען, האָט עווטיבידא זיך גענומען שאָקלען און איז געפאַלען אויף דער ערד אָפּגעגאָסען מיט בלוט.

דער בלינדער צופאַל האָט באַשערט, אַז זי זאָל אַריינפאַלען אין איהר אייגענער נעץ, וואָס זי האָט אַזוי געשיקט אויסגעשפּרייט פאַר אַן אַנדערער.

## 20־טער קאפּיטעל.

# די לעצטע שלאַכטען. די בראַנדישע נידער־לאַגע.

בעת די שיפען זיינען שוין געווען פארטיג, האָט ספּארטאַק, אין אַ פינסטערער נאַכט, אויף זיי אַוועקגעשיקט דריי לעגיאָנען מיט גראַניק'ן בראש.

ס'איז געווען פינסטער און טויט־שטיל, בעת זיי זיינען אָפּגע־שוואומען פון טעמעזא, און די רוימער האָבען זיי ניט באַמערקט. נאָר בעת די שיפען זיינען ארויסגעשוואומען אין אָפענעם ים, איז דער ווינד, וואָס האָט געבלאָזען פון די אַפריקאַנישע ברעגען, שטאַרקער געוואָרען און האָט זיי געשטערט צו שווימען אין סיצי־ליען. וויפיעל די רודער־לייט האָבען זיך ניט אָנגעשטרענגט, האָ־בען זיי ניט געקאָנט גובר זיין די כוואַליעס: דער ווינד און די כוואַליעס האָבען געיאָגט די לאָדקעס צוריק צום ברעג. נאָך האַל־בער נאַכט האָבען ביידע נאַטור־קרעפטען אינגאַנצען זיך צולאָזען, און די שוואַכע פלאָטיליע איז געווען אין גרויס געפאַהר.

גראַניק איז געווען געצוואונגען זיך ארויסצוזעצען אויף אַ וויסטען ברעג, לעבען ניקאָטעראַ, פון וואַנען ער האָט אַוועקגעשיקט צו ספּאַרטאַק'ן אַ לאָדקע מיט צעהן גלאַדיאַטאָרען, כדי איהם צו לאָזען וויסען וועגען זיין מיסערפאָלג.

ספּאַרטאַק'ן האָט די דאָזיגע ידיעה זעהר געקלעמט און ער האָט קיין בעסערען מיטעל ניט געהאַט, ווי אריבערצושיקען אין ניקאָטעראַ אויף די איבריגע חיל. דאָרט, אין די בערג, איז איהם פאָרגעשטאַנען אַ קלענערע געפאַהר, ווי אין טעמעזא.

אין פאַרלויף פון אַכט נעכט האָט ער אריבערגעפיהרט זיין גאַנצע אַרמיי, ניט אויפהערענדיג צו מאַכען קליינע איבערפאַלען, כדי צו באַהאַלטען פון שונא זיין טעטיגקייט.

אָבער באַלד ווי ער אַליין מיט די לעצטע דריי לעגיאָנען זיינען אָפּגעשוואומען פון ברעג, האָבען די איינוואָהנער פון טעמעזא באַלד געלאָזט וויסען קראַס'ן, וועגען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען.

קראַס איז ווילד געוואָרען, בעת ער האָט זיך דערוואוסט, אז דער שונא האָט זיך אָפּגעטראָגען. ער האָט די גאַנצע צייט גע־מיינט, אז ער האָט איהם שוין אין די הענט.

שארף אויסזידלענדיג די בירגער פאר זייער קליינמוטיגקייט, האָט ער אויף זיי אריפגעלייגט א שווערע שטראף און אין דעם זעלביגען טאָג האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אין ניקאטערא.

אָבער אזוי ווי ספארטאק האָט פארכאפּט אַלע שיפען, וואָס מ'האָט געקאָנט באַנוצען, האָבען די רוימער געמוזט זיי נאכפאָל־גען איבער דער יבשה, איבער שלעכטע באַרגיגע וועגען, וואָס האָט געשטערט זיין ארמיי צו געהן גיך.

בעת קראַס איז צוגעקומען צו ניקאטערא, איז ספּארטאק שוין דאָרט ניט געווען. ער איז אוועק ווייט צו דרום צו, אויפפאָדערנדיג די שקלאַפען צום אויפשטאנד און זאַמלענדיג נייע קרעפטען.

צוגעהענדיג ביז סיציליען, האָט ער באַשלאָסען זיך צו באַ־פעסטיגען און ערוואַרטען די רוימער. ער האָט פארנומען א אויסערגעוועהנליך שטארקע פּאָזיציע, האָט אַרומגערינגעלט זיין לאַגער מיט אזא הויכען צוים און אויסגעגראָבען ארום איהם אזא טיעפען גראָבען, אז קראַס האָט איהם באַטראַכט פאַר ניט־צוגענגליך.

דאַן האָט קראַס אונטערגענומען א ריזיגע ארבייט, וואָס וואָלט זיך אונז אויסגעוויזען אומוואַרשיינליך, ווען אַלע היסטאָרי־קער וואָלטען וועגען דעם ניט עדות געזאָגט איינשטימיג.

דעם גאַנצען פּאַס פון האַלב־אינזעל, וואָס ספּארטאק האָט פאַרנומען, האָט ער פארטראַכט איבערצושניידען מיט א גראָבען פון אכטצעהן טויזענד פוס לאַנג און דרייסיג פוס טיעף, איבער וועלכען עס זאָל אויפגעשטעלט ווערען א אויסערגעוועהנליכע שטאַרקע און הויכע וואַנט.

אוועקנעהמענדיג, אויף אזא'ן אופן, די מעגליכקייט ביי די גלאַדיאטאָרען צו באַקומען פּראָוויזיע, האָט ער אויסגערעכענט דורך הונגער זיי צו צווינגען זיך אונטערצוגעבען.

אין דער צייט וואָס די הונדערט טויזענדיגע רוימישע ארמיי האָט געארבייט אויף דעם דאָזיגען גראנדיעזען בנין, האָט ספּאר־טאק איינגעמושטירט און געבראכט אין אָרדנונג זיינע נייע לעגיאָ־נען פון עלף טויזענד שקלאפען, וואָס ער האָט ווידער אָנגעזאמעלט.
אין דער זעלביגער צייט האָט ער באקלערט א מיטעל אויף ארויס־צוגעהן פון דער פאסטקע, וואָס קראס האָט מיט אזעלכע אומוואר־שיינליכע אנשטרענגונגען פאר איהם אָנגעשטעלט.

און ער האָט צולעצט געפונען א מיטעל.

אין א רעגענדיגער, פינסטערער נאכט האָט ער געהייסען, ווי געוועהנליך, אָנצינדען פעלד פייערען, און אליין מיט גאָר זיינע חיל האָט ער זיך שטיל ארונטערגענומען פון לאגער און איז אוועק צום ברעג פון טירענישען ים, וואו די מורא'דיגע וואנט איז שוין געווען גענענדיגט און דערפאר איז דאָרט קיין זאך ניט געשטאנען.

דאָ האָט ער געהייסעןווארפען אין גראָבען שוין פון פריהער אָנגעגרייטע בינט צווייגען, וואָס האָבען געבילדעט א בריק, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען ביז'ן סאמע אויבען פון דער וואנט און האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער צווייטער זייט. אויף די צווייגען האָט מען דיק אָנגעשאָטען זאמד, וואָס איז אויך נאָך פון פריהער געווען אָנגעגרייט אין זעק, אזוי, אז די ארבייט האָט קיין סך צייט ניט געפאָדערט.

אז דער בריק איז שוין געווען פארטיג, איז די גאנצע ארמיי איבער איהם אריבער בשלום און איז אומבאמערקט ארויס פון פאסטקע.

אלע זיינע פוס־געהער, אונטער גראניק'ס קאָמאנדע, האָט ספּארטאק אוועקגעשיקט אין קאוולאָניען און האָט זיי געהייסען געהן וואָס גיכער.

אין צווייטען טעג ארום, בעת א רוימישער לעגיאָן איז געגאנגען נאָך פּראָוויאנט, האָט ספּארטאק איהם פּלוצלינג אטאקירט און אין א האלבע שעה צייט האָט ער אויסגעה'רג'עט איבער פיער טויזענד רוימער, נאָכיאָגענדיג די איבריגע ביז'ן רוימישען לאגער.

קראס האָט נאָך ניט באוויזען צו קומען צו זיך פון ערשטוינונג,

בעת ער האָט פּלוצלונג דערזעהן דעם שונא, וועלכען ער האָט אַזוי פעסט געהאַלטען פאַרשפּאַרט אין פּאַסטקע, און ספּאַרטאַק האָט שוין צוריק אומגעקעהרט זיינע לעגיאָנען און איז געפלויגען איבער'ן וועג אין קאַוואַלעריע.

— דאָס איז אַ העלישע גבורה! — האָט קראַס ווילד געגור־מען ברומען, — ווער זשע איז ער, אָט דער דאָזיגער מענש? רינגעל איך איהם אַרום, גליטשט ער זיך אַרויס; צושלאָג איך איהם, זאַמעלט ער אָן נייע חיל; וואַרט איך, אַז היינט־מאָרגען זאָל ער זיך אונטערגעבען פון הונגער, באַפאַלט ער גאָר אויף מיר פון הינטען. דאָס איז אַן אמת'ער כישוף־מאַכער אָדער דער בייזער גייסט אַליין.

— ניין, ער איז גאָר פּשוט אַ גרויסער אַרמיי־פיהרער, — האָט באַמערקט דער יונגער קאַטאָן, וועלכער האָט שוין באַוויזען זיך אויסצוצייכענען מיט זיין גבורה און אויסדויער.

קראַס האָט געוואָרפען אַ בייזען בליק אויף דעם עזות'דיגען יונגען מאַן און, ווי ס'האָט אויסגעזעהן, האָט ער איהם געוואָלט מאַכען אַ שטרענגען פאָרוואורף פאַר זיין אַריינמישען זיך, ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען און רוהיג געענטפערט:

— דאַכט זיך, אַז דו ביזט גערעכט, דרייסטער יונגער מאַן.

— אויב דו רופסט מיך דרייסטער דערפאַר, וואָס איך זאָג דעם אמת, איז קיין דרייסטערער פון מיר ניטאָ אויף דער וועלט!

— האָט דער יונגער מאַן שטאָלץ באַמערקט.

קראַס איז אנשוויגען געוואָרען. עס האָבען אויך געשוויגען סקראָף, מומי און די אנדערע קאָמאַנדירען, זיי זיינען געווען פאַר־טיפט אין שווערע געדאַנקען. צולעצט האָט קראַס געזאָגט:

— זיך יאָגען נאָך איהם קאָן מען, אָבער דעריאָגען איהם וועט מען סאַי ווי ניט קאָנען. ער טראָגט זיך, ווי אַ ווינד, און ער איז אַ סך וויימער פון אונז. ער האָט אַן אַרמיי פון אכטציג טויזענד. וואָס וועט זיין, אויב ער וועט זיך אַ וואַרף טאָן אויף רוים?... און איך האָב נאָך נעכטען געשריבען דעם סענאַט, אַז די מלחמה קאָן מען רעכענען פאַר געענדיגט!... וואָס זשע זאָלען מיר איצטער טאָן?

אלע קאָמאַנדירען זיינען געקומען צום באַשלוס, אז מען דאַרף באַלד וועגען מעלדען דעם סענאַט און בעטען ער זאָל ארויס־שיקן קעגען ספּארטאַק'ן פּאָמפּעי'ס ארמיי, וואָס קעהרט זיך אום פון שפּאַניען נאָך דער מלחמה מיט סערטאָרי'ען, און לוקולא'ס ארמיי, וואָס האָט באַזיעגט מיטרידאַט'ן און וועלכע געפינט זיך אויפ'ן וועג קיין איטאַליען. אויף אַזאַ'ן אופן, זיך געפינענדיג צווישען דריי ארמייען, וואָס וועלען אין אלעמען אויסמאַכען דריי הונדערט טויזענד, וועט ספּארטאַק צולעצט אָהן צווייפעל פאַר־ניכטעט ווערען. אנדערש וועט די מלחמה זיך פאַרציהען אויף גאַנץ לאַנג, ווייל קראַס אליין איז ניט אימשטאַנד פאַרטיג צו ווערען מיט ספּארטאַק'ן.

ווי ביטער ס'איז ניט געווען קראַס'ן צו שרייבען צום סענאַט אַזעלכע זאַכען, האָט ער אָבער אין דעם זעלביגען טאָג אוועקגע־שיקט אַ בריעף צום סענאַט, בעטענדיג איהם אונטערצואיילען פּאָמפּעי'ן און לוקולא'ן. ער אליין האָט דערווייל זיך אוועקגע־לאָזט נאָך ספּארטאַק'ן.

דעריאָגענדיג זיינע לעגיאָנען אין קאַוולאָניען, האָט ספּאַר־טאַק זיי ווייטער געפיהרט צו צפון צו. אָבער אין גיכען האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלען, ווייל אין דער ארמיי האָבען ווידער אַמאָל אויסגעבראָכען אומרוהען, וואָס קאַי קאַניצי האָט ארויס־גערופען.

האָבענדיג פינף לעגיאָנערען אויף זיין זייט, האָט ספּארטאַק געשריען, אַז פריהער דאַרף מען צוקלאַפּען קראַס'ן און דערנאָך געהן אויף רוים.

אָבער ספּארטאַק'ס געבעטען און סטראַשונקעס האָבען ניט געקאָנט איינהאַלטען די בונטאָווישציקעס, וואָס האָבען באַשלאָסען אויפצושלאָגען אַ באַזונדער לאַגער מיט אַ צעהן מייל ווייטער פון הויפּט לאַגער. צו קאַניצי'ן איז אויך קאַסט צוגעשטאַנען.

ספּארטאַק האָט געשיקט גראַניק'ן און ארטאָריקס'ן איבער־צוציינגען קאַניצי'ן זיך אומצוקעהרען. אָבער דער לעצטער האָט זיך

געהאלטען ביי דאָס זייניגע: די געגענד איז דאָ א זעהר גינסטיגע און אָט דאָ האָט מען קראַס'ן דערלאַנגען דעם ענטשיידענדען קלאַפּ.

ערביטערט פון דער פארברעכערישער אויפפיהרונג פון זיינע לעגיאָנען, האָט ספּארטאַק פונדעסטוועגען ניט געוואָלט זיי פארלאָזען אויפ'ן שיקזאַל'ס באַראָט, וויסענדיג, אַז זיי זיינען באדראָהט פון א אומפארמיידליכער געפאהר. ער האָט באַשלאָסען אָפּצוּוואַרטען, ביז זיי וועלען זיך באַזינען. אויף אַזאַ'ן אופן האָט ער פארלאָרען צייט און האָט קראַס'ן געגעבען א מעגליכקייט צו געווינען צייט.

אויפ'ן פערטען טאָג האָט קראַס זיך באַוויזען פאַר די בערגלאַך, וואָס קאַניציי'ס לעגיאָנען האָבען פארנומען.

ס'איז פאָרגעקומען א שלאַכט. קאַניציי'ס דרייסיג טויזענדיגער קאָרפּוּס האָט שטאַנדהאַפט אויסגעהאַלטען דעם אַנדראַנג פון דער רוימישער אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען כמעט פון הונדערט טויזענד, ער וואָלט אָבער אָהן צווייפעל פארטיליגט געוואָרען, ווען ספּארטאַק וואָלט ניט באַוויזען צו קומען איהם צו הילף.

מיט ספּארטאַק'ס אָנקומען האָט די שלאַכט זיך צוברענט מיט א פארדאָפּעלטער ערביטערונג און האָט אָנגעהאַלטען ביז אַכט. די גלאַדיאַטאָרען האָבען פארלאָרען צוועלף טויזענד מאַן, די רוימער צעהן טויזענד, אָבער ניט איין צד און ניט דער צווייטער צד האָט נאָכגעגעבען אַפילו אויף איין טריט.

אין יענער נאַכט האָט ספּארטאַק זיך אַרונטערגענומען פון לאַגער און האָט אָפּגעטראָטען, איינריידענדיג די בונטאָוושציקעס איהם נאָכצופאָלגען. קראַס האָט זיי געהיט די טריט.

ספּארטאַק האָט פארנומען א פעסטע פּאָזיציע אויף א הויכען און אָפּגעריסענעם באַרג. דאָ האָט ער זיך באַמיהט איבערצוצייגען קאַניציי'ן און קאַסט'ן אין דער נויטיגקייט פון א געמיינשאַפטליכער טעטיגקייט.

אין א שרעקליך שטורעמדיגער נאַכט, בעת ס'האָט געגאָסען א שלאַגס רעגען און דונערן האָבען געקראַכט, האָט ספּארטאַק ווידער אָפּגעצויגען פון קראַס'ן.

אין א וואך ארום האט קראס ווידער דעריאגט זיי גלאדיאטאָ־רען: קאניצי און קאסט האבען ווידער זיך אפגעטיילט פון ספארטאק׳ן מיט זייערע צוויי לעגיאנען, און ספארטאק האט זיך ווײ־ער אפגעשטעלט.

צוויי טעג איז קראס געשטאנען און האט געציעלט אויף די צוויי אפגעטיילטע לעגיאנען, באטראכטענדיג די פאזיציע און גרייטענדיג זיך צו א שלאכט. אויפ׳ן דריטען טאג, בעת די נאכט איז צונעפאלען, האט ער ארויסגעשיקט אײנעם פון זיינע לעגיאנען, וואס האט געדארפט ארומגעהן קאניצי׳ס לאגער און זיך באהאלטען הינטער א בארג, ביז וואנען סקראף מיט דריי אנדערע לעגיאנען וועט אויף איהם ניט אנפאלען פון פראנט.

דערמיט האט קראס נעהאפט צו פארטיליגען די צוויי אפגע־טיילטע לעגיאנען, אײדער ספארטאק וועט באוויזען צו קומען זיי צו הילף. דערנאך וועט ער צוקלאפען ספארטאק׳ן גופא, וואס ביי איהם וועט נאך אזא פארלוסט בלייבען נאר אכט און פופציג טויזענד מאן, בעת ער, קראס, וועט האבען ניינציג טויזענד.

ליווי מאמערק, דער קאמאנדיר, וואס איז געשיקט געווארען ארומצוגעהן קאניצי׳ס לעגיאן, האט דורכגעפיהרט דעם פלאן מיט א״א קונסט, אז די גלאדיאטארען האבען גארנישט באמערקט. כדי די זעלנערשע שלעמען און פאנצערן, גלאנצענדיג אויף דער זון, זאלען ניט ציהען די אויפמערקזאמקייט פון די גלאדיאטארען, האט מאמערק געהייסען זיינע לעגיאנערען זיך פארוויקלען דעם קאפ און די ברוסט מיט גראז און מיט צווייגלאך. אט אזוי זיינען די רוימער שטיל געלעגען הינטער׳ן בארג, פארשטעקט צווישען די יוסטען און בוימער.

אבער צו זייער אומגליק איז אויפ׳ן שפיץ בארג געשטאנען א קליינער טעמפעל, געווידמעט צו יופיטער׳ן.

די גאטספארכטיגע מירדזא, וואס איז אהן א ברעג געווען איבערגעבען דעם ברודער, האט קיין געלעגענהייט ניט דורכגעלאזט צו ברייננען פאר איהם א קרבן צו די געטער.

אין יענעם טאג איז זי אויך געגאנגען אין טעמפעל בעטען די געטער.

ארויפגעהענדיג אויפ׳ן שפיץ בארג, האָט זי דערזעהן די רוי־מישע סאָלדאטען ליגענדיג פארשטעקט אין גראָז ; זי האָט אָבער מיט קיין זאך ניט ארויסגעוויזען, אז זי האָט זיי באמערקט, און האָט אָפּגעריכט די צערעמאָניע פון ברייננגען א קרבן. אָפּזאָגענדיג די תפילות איז זי באלד אוועקגעלאָפען צו קאניצי׳ן און האָט איהם דערצעהלט, וואָס זי האָט געזעהן, דאן האָט זי זיך געזעצט אויף א פערד און האָט אוועקגעריטען אַנזאָגען ספארטאק׳ן.

קאניצי און קאסט האָבען זיך באלד א וואָרף געטאָן מיט זייע־רע לעגיאָנען אויף ליווי מאמערק.

דער לעצטער האָט מוטיג באגעגענט דעם אומערווארטעטען איבערפאל און האָט באלד אוועקגעשיקט צו קראס׳ן נאך הילף.

קראס האָט איהם צוגעשיקט צוויי לעגיאָנען.

און ספארטאק האָט אויך צוגעשיקט צוויי לעגיאָנען.

דער צוזאמענשטויס האָט זיך ענטוויקעלט אין א שלאכט, וואָס האָט אָנגעהאלטען ביז נאכט.

פון די רוימער זיינען געפאלען איבער עלף טויזענד מאן, פון די גלאדיאטאָרען — איבער צוועלף טויזענד. צווישען די גע־הרג׳עטע זיינען געוועזן קאניצי און קאסט.

ספארטאק האָט זיך ארונטערגענומען פון לאגער און האָט זיך באהאלטען אין די בערג.

קראס האָט געהייסען פארברענען די רוימישע הרוגים. באטראכ־טענדיג דאָס שלאכט־פעלד האָט ער צו זיין באוואונדערונג פון אלע חיל באמערקט, אז פון אלע אויסגע׳הרג׳עטע גלאדיאטאָרען זיינען נאָר צוויי געוועזן פארוואונדעט אין רוקען, אלע איבריגע זיי־נען אומגעקומען, קעמפענדיג פנים אל פנים מיט׳ן שונא.

איצט, בעת די גלאדיאטאָרישע ארמיי איז געוועזן אזוי אָפּגע־שוואכט, האָט קראס חרטה געהאט, פארוואָס ער האָט ביים סענאט געבעטען הילף פון פאָמפעי׳ען און לוקולא׳ן. אין דער ווירקליכ־קייט איז אויף זיין גורל אויסגעפאלען די גאנצע שווערקייט פון דער־דאָזיגער מלחמה, און איהם האָט זיך איינגעגעבען אויף אזוי פיעל אָפּצושוואכען ספארטאק׳ן, אז ער האָט שוין ניט געקאָנט אונטער־

געמען אן אָפּענע שלאכט מיט די רוימער. אין דער אייגענער צייט האָבען צוויי אנדערע ארמיי־פיהרער געקאָנט זיך צושרייבען דעם כבוד פון נצחון.

און קראס האָט באשלאָסען פארטיג צו ווערען מיט ספּאר־טאק׳ן, איידער פּאָמפּעי וועט אָנקומען.

מיט דעם דאָזיגען ציעל האָט ער געהייסען דעם קוועסטאָר סקראָף נאָכיאָגען ספּארטאק׳ן און ער מיט צוואנציג טויזענד סאָל־דאטען איז אַוועק אין דער ריכטונג צו פּאָטענציא, זאמלענדיג איבער׳ן וועג רעקרוטען.

די גרויסע באלוינונגען, וואָס ער האָט צוגעזאָגט די פריי־ווילינגע, האָבען אין א קורצער צייט געבראכט אונטער זיין קאָמאנדע דריי נייע לעגיאָנען.

ספּארטאק האָט ניט געוואסוט, אז קראס האָט צוטיילט זיינע קרעפטען און האָט זיך געדרעהט איבער די לוקאנישע בערג, וועלענ־דיג דערמיט איהם אויסמאטערען דורך שווערע אריבערגאנגען און דערנאָך אויף איהם פּלוצלינג אָנפאלען, ביי געלעגענהייטען, וואָס זיינען פאר איהם פּאַרטיילהאפט. און סקראָף, פאָלגענדיג דעם באפעהל פון זיין קאָמאנדיר, האָט ניט אויפגעהערט צו פארפאָלגען די גלאדיאטאָרן, אָנפאלענדיג אויף זיי פון הינטען ביי יעדער באקוועמער געלעגענהייט.

ביי איין טייכעל, וואָס איז איבער די רעגענס ארויס פון די ברעגען, האָט זיך איינגעגעבען סקראָפ׳ס קאוואלעריע אפצושניידען פון די הויפּט קרעפטען עטליכע הונדערט גלאדיאטאָרן.

ספּארטאק האָט באלד געגעבען דעם סיגנאל אָנצוהויבען די שלאכט. אויסשטעלענדיג זיינע לעגיאָנען, האָט ער זיי געזאָגט, אז זיי בלייבט נאָר ענטוועדער זיעגען, אָדער שטארבען; הינטער זיי איז א טייך, און זיי וועלען קיין רעטונג ניט געפינען, אויב זיי וועלען פארלירען די שלאכט.

די רוימער זיינען אנטלאָפען.

אומזיסט האָט סקראָף זיך געוואָרפען אין די סאמע געפעהר־ליכסטע ערטער, כדי אָפּצוהאלטען די לויפענדע. אומזיסט האָבען די טריבונען מיט א הייפעלע העלדישע יונגען זיך באמיהט איינ־

צוהאלטען דעם דרוק פון די גלאדיאטארען. די גלאדיאטארען האבען אויף די רוימער אנגעווארפען אן אימה און זיי זיינען געלאפען אהן אן אטעם. דער קוועסטאר אליין, וואס איז פארוואונדעט געווארען אין פוס און אין פנים, איז מיט גרויס מיה געראטעוועט געווארען פון פאלען.

די מפלה פון די רוימער איז געוועזן א פאלשטענדיגע. איבער צעהן טויזענד פון זיי זיינען אויסגעהרג'עט געווארען. די גלאדיאטארען האבען נאר פארלארען אכט הונדערט מאן.

ערמוטיגט פון ערפאלג, האבען די גלאדיאטארען גענומען בעטען ביי ספארטאק'ן ער זאל זיי פיהרען אויף קראס'ן.

אבער ספארטאק האט עס ניט געקאנט. קראס'עס ארמיי איז ווידער באשטאנען פון הונדערט טויזענד און אפשר פון הונדערט מיט צעהן טויזענד, בעת די גלאדיאטארישע ארמיי איז באשטאנען נאר פון זעכציג טויזענד.

אין צעהן טעג ארום נאך סקראפא'ס מפלה זיינען צו ספארטאק'ן געקומען פון רוים דריי גלאדיאטארען, פארקליידט פאר פויערים. זיי האבען איהם געבראכט א בריעף פון וואלעריא'ן.

זי האט ספארטאק'ן געמאלדען, אז פון רוים געהט אויף איהם פאמפעי מיט זיין גאנצער ארמיי, און אז די טעג דארף קומען צוריק פון אזיען לוקול, וועלכער, לויט ווי ס'הערט זיך, וועט אויך צושטעהן צו קראס'ן.

נעמענדיג דאס אין אנבאטראכט האט זי זיך ביי איהם געבעטען ער זאל וואס גיכער שליסען פרידען מיט קראס'ן, ווייל אין געגענפאל איז די גאנצע גלאדיאטארישע ארמיי אין געפאהר אומצוקומען.

איבערלייענענדיג דעם דאזיגען בריעף, האט ספארטאק לאנג ניט געקומען צו זיך. די ידיעה האט אויף איהם געמאכט אזא'ן איינדרוק, אז ער איז געבליבען שטעהן, ווי אן אפגעשטארבענער.

וואס פאר א באדייטונג האט איצט געהאט זיין גבורה, זיין אויסדויער, זיין מיליטערישע געשיקטקייט, בעת ער איז געוועזן באדראהט פון דריי ארמייען, וואס איטליכע איז געוועזן כמעט צוויי מאל אזוי גרויס ווי זיין ארמיי.

ער איז געבליבען שטעהן א ענטווישטער, א פארקלעמטער, מיט אן אראפגעלאזטען קאפ, באדריקט פון שווערע געדאנקען.

צולעצט האט ער אזוי ווי ערוואכט. ער האט אנגעטאן א פאנצער און א שלעם, האט אנגעגארטעלט דעם שווערד און צוזא־מען מיט מאמילי׳ן האט ער ערגיץ־וואו אוועקגעריטען, אין דער באגלייטונג פון דריי הונדערט רייטער.

אין דער אפגעזונדערטער ווילא פון פאטריצי טיט גאסטילי, וועלכע איז געלעגען א צעהן מייל פון גלאדיאטארשען און אויך פון רוימישען לאגער, זיינען אויפ׳ן צווייטען טאג צונויפגעקומעןביידע ארמיי־פיהרער.

קראס האט גערן אנגענומען ספארטאק׳ס איינלאדונג און אין דער באשטימטער שעה איז ער געקומען אין ווילא.

ביידע ארמיי־פיהרער האבען זיך באגריסט און שווייגענדיג האט איינער דעם אנדערען אפגעמאסטען מיט׳ן בליק.

דער גלאדיאטאר ספארטאק איז געוועזען מיט א קאפ העכער פון דעם פאטריצי קראס. די גראדע פארמען פון ספארטאק׳ס אטלעטישער פיגור האבען נאך שארפער געמאכט דעם אונטערשיעד צווישען איהם און דעם קליינגעוואקסינגען און דיקען קראס׳ן. און בעת ספארטאק האט אויפמערקזאם באטראכט די שארפע און שטרייננגע שטריכען פון קראס׳עס טונקעלען פנים, האט קראס זיך ניט געקאנט אפוואונדערען פון ספארטאק׳ס שעהנער און העלדישער פיגור, וואס האט ארויסגערופען אכטונג.

מעהר פון אלץ האט קראס׳ן געוואונדערט דאס, וואס ער קאן ניט באהערשען זיינע געפיהלען פון אומווילליגער אכטונג, וואס דער דאזיגער מענש דערוועקט אין איהם.

דער ערשטער האט גערעדט ספארטאק.

— דאכט זיך דיר ניט, קראס, אז די דאזיגע מלחמה האט זיך צו לאנג פארצויגען? — האט ער געפרעגט.

— יא, א סך לענגער, וויפיעל ס׳האט געדארפט געדויערען.

— איז ניט צייט אויפצוהערען?

— ווי אזוי?

— נאטירליך, שליסען פרידען.

— פרידען ? ווי אזוי וועלען מיר שליסען פרידען ?

— אַט אזוי ווי געוועהנליך, אזוי ווי ס'איז אָנגענומען אין דער וועלט.

— ווי מיט אניבאל'ן, אנטיאָכ'ן אָדער מיטרידאט'ן ? — האָט קראס גיפטיג געפרעגט.

— נו, יא, אזוי ווי צוויי קעמפענדע פעלקער שליסען געוועהנליך פרידען.

— פעלקער ? זייט איהר דען א פאָלק ?

— מיר זיינען זאָגאר עטליכע פעלקער, וואָס האָבען זיך פאראייניגט.

— גאָר אזוי ! און איך האָב געמיינט, אז איהר זייט א באַנדע פארהאסטע קנעכט, וואָס האָבען זיך צובונטעוועט קעגען זייערע געזעצליכע הארען, — האָט קראס ווידער שפּאָטלוסטיג געענטפערט.

— אמת, די רוימישע מוטוויליגקייט האָט אונז געמאכט פאר קנעכט, — האָט ספּארטאַק געענטפערט געלאַסען און מיט ווירדע, — און אויף וויפיעל מיר זיינען פארהאסט, דאָס האָבען מיר אייך באוויזען מיט אונזערע נצחנות איבער אייך אין פארלויף פון די דאָזיגע דריי יאָהר. וואָס אנבעלאַנגט דער געזעצליכקייט פון אייער הערשאפט איבער אונז, וועלען מיר איצט וועגען דעם ניט ריידען : די געשיכטע וועט בעסער פון אונז זיך פאנאנדערקלייבען אין דעם און וועט בעסער פון אונז אורטיילען וועגען דעם.

— וויפיעל פראָווינצען פאָדערסטו ? און וויפיעל קאָנטריבוציע וועסטו הייסען באצאָהלען ?

אזוי פיעל שפּאָט האָט ספּארטאַק ניט געקאָנט אריבערטראָגען. זיינע אויגען האָבען גענומען ברענען מיט צאָרן, און ער האָט זיך געמוזט אנשטריינגען, כדי איהם ניט אָנצוקומען גראָב.

— מארק קראס ! — האָט ער געזאָגט, — מיר דאכט זיך, אז מיר זיינען דאָ צונויפגעקומען ניט דערפאר, כדי צו באליידיגען איינער דעם צווייטען.

— באליידינסטו דען ניט רוים מיט דיין פרידענס פאָרשלאָג ? פרידען מיט גלאדיאטאָרען און קנעכט !

— פונדעסטוועגען האָסטו אָנגענומען מיין פאָרשלאָג און

בינסט אהער געקומען. הייסט דאָס, אַז דו האָסט יאָ צוגעלאָזט א מעגליכקייט צו שליסען פריעדען מיט מיר.

— וואָסערע באדינגונגען שלאָגסטו פאָר? — האָט קראס גלייכגילטיג געפ־עגט. — איך וועל מיר ערלויבען צו באמערקען, אז פאָמפעי געהט אויף דיר, און לוקול וועט היינט־מאָרגען אָנ־קומען אין ברונדוזיען און וועט דיר אטאקירען פון מזרח.

— און אייך שטעהט ניט אָן צו שליסען פריעדען מיט מיר, א שונא, קענען וועלכען די רעפובליק איז געצוואונגען ארויסצושי־קען אלע איהרע ארמייען? דו דארפסט אבער ניט פארגעסען, אז די ארייננמישונג פון לוקול'ן און פאָמפעי'ן וועט זיי מאכען פאר די זיעגער אין דער דאָזיגער מלחמה, בעת אלע שווערינקייטען זיי־נען אין דער ווירקליכקייט אויף דיר געפאלען!

איצט האָט ספארטאק קראס'ן ארייננעזאָגט ביז אין ביין אריין, ער האָט אָנגעריהרט זיין שוואכסטען אָרט.

— איז וועלכע באדינגונגען שלאָגסטו פאָר? — האָט קראס אונגעדולדיג ווידערהאָלט.

— אלע מיינע סאלדאטען וועלען פרידליך זיך פאנאנדער־געהן, אויב דער סענאט וועט זיי שענקען דאָס לעבען און וועט זיי אלעמען ערלויבען, ניט אויסשליסענדיג די קנעכט, אריינצו־טרעטען אין די גלאדיאָטאר־שוהלען; זייערע קאמענדירען, די צענ־טוריאנען אריינגערעכענט, וועלען באטראכט ווערען פאר רודיא־רען.

— וועל איך בעסער טיילען דעם כבוד פון זיעג מיט פאָמ־פעי'ן און לוקול'ן, — האָט קראס ניפטיג באמערקט.

— און וואָס זיינען דיינע באדינגונגען? — האָט ספארטאק געפרעגט ניט אָהן אויפרעגונג.

— דיר און הונדערט מענשען, וואס דו וועסט אויסקלייבען, וועלען מיר שיינקען דאָס לעבען און די פרייהייט. די איבריגע מוזען אוועקלייגען די וואפען און זיך אונטערגעבען אָהן שום בא־דינגונגען. דער סענאט וועט זיך מיט זיי באגעהן אזוי ווי ער וועט געפינען פאר נויטיג.

— וועל איך בעסער אומקומען מיט אלע מיינע לעגיאָנען! —

האַט ספּאַרטאַק אויסגעשריען. — וועלען מיר זיך זעהן אין שלאַכט?

— מיר וועלען זיך זעהן, — האַט קראַס געענטפערט.

— צום ווידערזעהן! — איך וועל װאַרטען אויף דער באַ־געגעניש!

מיט די דאזיגע ווערטער איז קראַס אוועקגעגאַנגען.

נאָך ספּאַרטאַק'ס פאַרצאָגטען פּנים האָט מען געקאָנט דער־קאָנען, אַז די פאַרהאַנדלונגען מיט קראַס'ן האָבען קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דעם גאַנצען וועג האָבען זיי צווישען זיך אַ וואָרט ניט אויסגערעדט, און קיינער האָט ביי זיך ניט גע'פּועל'ט אָנצו־הויבען ריידען מיט'ן פיהרער.

קומענדיג אין לאַגער האָט ספּאַרטאַק זיך דערוואוסט, אַז לוקול איז שוין אָנגעקומען אין ברונדוזיע און ער געהט זיך פאַראייניגען מיט קראַס'ן.

איצט איז פאַרשוואונדען יעדע האָפנונג אויף אַ רעטונג.

ספּאַרטאַק האָט אויפגעשלאָגען זיין לאַגער אויפ'ן לינקען ברעג פון טייך בראַנדאַן און האָט באַשלאָסען ארויסצוטרעטען קעגען קראַס'ן איידער פּאָמפּעי און לוקול וועלען אָנקומען.

קראַס האָט זיך אויך אַריבערגעקליבען אויפ'ן לינקען ברעג און ער האָט געהאַט בדעה אויפצושלאָגען זיין לאַגער אינגאַנצען צוויי מייל ווייטער פון דעם גלאַדיאַטאָרשען לאַגער. אָבער די רוימער האָבען נאָך ניט באַוויזען זיך אַרומצוריינגלען מיט אַ גראָ־בען, און די גלאַדיאַטאָרען זיינען אויף זיי אָנגעפאַלען.

און די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבען.

פאַרביינגעהענדיג דעם פראָנט פון זיינע לעגיאָנען, האָט ספּאַרטאַק געזאָגט:

— ברידער! פון דער היינטיגער שלאַכט העננט אָפּ אונזער שיקזאַל. פון דער הינטערשטער זייט געהט אויף אונז לוקול, וואָס געפינט זיך אין ברונדוזיען, פון פלאַנג דראָהט אונז פּאָמפּעי און געגען אונז שטעהט קראַס. מיר מוזען ענטוועדער אויקלאַפּען קראַס'ן, כדי דערנאָך זיך אַ לאָז צו טאָן אויף פּאָמפּעי'ן, אָדער שטאַרבען אויפ'ן אָרט, ווי עס פּאַסט פאַר העלדען. ברידער!

לאַמיר זיין פעסט ביז'ן סוף. מיר ווע‍לען ענטוועדער זיעגען אָדער שטארבען!

מ'האָט איהם צוגעפיהרט דעם שווארצען נומידישען פערד, וואָס ער האָט זעהר ליעב געהאט. ספּארטאק האָט ארויסגעצויגען דעם שווערד פון שייד און איהם אריינגעשטאָכען אין ברוסט פון זיין געליעבט פערד.

— היינט דארף איך ניט קיין פערד, — האָט ער געזאָגט מיט אויפרעגונג. — אויב איך וועל זיין דער זיעגער, וועל איך אויס־קלייבען דעם בעסטען פון דעם שונא'ס פערד, אויך אויב וועל באזיעגט ווערען, וועל איך קיין פערד ניט דארפען ניט היינט, ניט מאָרגען און קיין מאָל ניט.

די גלאַדיאטאָרען האָבען פארשטאנען די בייזע באדייטונג פון זיינע ווערטער און פון זיין טאט און זיי האָבען גענומען שרייען ער זאָל זיי וואָס גיכער פיהרען אויף די רוימער.

קראס'עס לעגיאָנען האָבען זיך צומישט און האָבען האסטיג גענומען אָפּטרעטען. דאן האָט ספּארטאק געהייסען אויסשאלען דעם סיגנאל, וואָס איז שוין פון פריהער אָפּגעמאכט צווישען איהם און מאמילי'ן. מאמילי האָט באלד אטאקירט מיט דער גאנצער קאוואלעריע דעם רעכטען פלאנג פון די רוימער.

באמערקענדיג דאָס, האָט קראס, וואָס האָט באָבאכטעט די שלאכט פון בארג, געשיקט פיער נייע לעגיאָנען אויף צו פאר־שטארקען דעם צובראָכענעם צענטער און אין דער זעלבינער צייט האָט ער באפוילען קווינט'ן צו אטאקירען מיט דער קאוואלעריע, וואָס איז באשטאנען פון ניין טויזענד, די גלאַדיאטאָרשע קאוואַ־לעריע, וואָס איז באשטאנען פון אכט טויזענד. מומי מיט פיער רעזערוו לעגיאָנען האָט זיך פארנומען קעגען דעם ערשטען אומבאַ־שיצטען פלאנג פון די גלאַדיאטאָרען.

גראניק איז ארויס אנטקעגען מומי'ן מיט צוויי לעגיאָנען, די לעצטע, וואָס זיינען נאָך געבליבען אין רעזערוו, און האָט אָפּגע־שטעלט דעם שונא, וואָס איז געווען צוויי מאָל אזוי שטארק.

די איבערגעוויכט אויף דער רוימישער זייט איז אָבער געווען א צו גרויסע. אין דער צייט, וואָס זייערע פאָדערשטע לעגיאָנען,

וואָס ספּאַרטאַק האָט געדריקט, האָבען זיך אַלץ מעהר גערוקט אויף צוריק, ביז זיי האָבען גענומען לויפען, האָט קראַס בראַש פון פיער לעגיאָנען פון זיין רעזערוו אַלץ פאַרנומען די ליידיג־געוואָרענע ערטער. די גלאַדיאַטאָרען האָבען זיך אַלץ אָנגעשטויסען אויף נייע קרעפטען, און די שלאַכט אין צענטער האָט אויפגעפלאַקערט מיט אַ דאָפּעלטער ערביטערונג.

די איבריגע פינף טויזענד רוימישע רייטער האָט זיך דערווייל איינגעגעבען ארומצורינגלען דעם פלאַנג פון דער גלאַדיאַטאָרשע קאַוואַלעריע, וואָס איז געווען אריינגעצויגען אין אַ שלאַכט מיט קווינט'ס קאַוואַלעריע און זיי זיינען אָנגעפאַלען אויף איהר פון דער הינטערשטער זייט. אין איין פערטעל שעה איז די גלאַדיאַטאָרשע קאַוואַלעריע צוקלאַפּט געוואָרען. אויך האָט זיך מומין איינגעגעבען ארומצוגעהן דעם רעכטען פלאַנג פון שונא, ניט קוקענדיג אויף דער געשיקטקייט און ענערגיע פון גלאַדיאַטאָרשען קאָמאַנדיר, גראַניק, וואָס האָט, ווי געוועהנליך, געקעמפט העלדיש.

פון אָט דער מינוט אָן האָט ניט די האָפנונג אויף אַ זיעג באַגייסטערט די גלאַדיאַטאָרען, נאָר דער דורשט פון ראַכע און דער וואונש וואָס טייערער צו פאַרקויפען זייער לעבען. זייער לינקער און רעכטער פלאַנג האָבען באַדייטענד זיך אָפּגעצויגען אויף צוריק. נאָר דער צענטער, וואו ספּאַרטאַק האָט געקעמפט, האָט זיך נאָך געהאַלטען קעגען שונא.

גראַניק, זעהענדיג די נידערלאַגע פון זיינע לעגיאָנען, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אהין, וואו ס'האָט געווילדעוועט די שוידערליכסטע שחיטה. אוועקלייגענדיג איין טריבון, צוויי דעקוריאָנען און אַ צעהן סאָלדאַטען, איז ער ענדליך אַליין געפאַלען, ווי אַן אמת'ער העלד, דורכגעשטאָכען פון צוואַנציג שווערדען.

אין שלאַכט איז אויך געפאַלען דער אומדערשראָקענער פיהרער פון דער גלאַדיאַטאָרשער קאַוואַלעריע, דער העלדישער מאַמילי, דורכגעלעכערט פון צעהן פיילען.

ספּאַרטאַק האָט ניט נאָר גיט אָפּגעטרעטען, נאָר מיט אַ טויזענד גלאַדיאַטאָרען, וואָס האָבען איהם ארומגערינגעלט, האָט ער זיך אריינגעשניטען ווי אַ קלין אין די רייהען פון דעם זעקסטען

רוימישען לעגיאָן און האָט אויפ'ן קול קראס'ן ארויסגערופען אויף א קאמף, דערמאָנענדיג איהם זיין צוזאָג.

דער טריבון מאמערעק מיט א קאָמפּאניע העלדישע לעגיאָנע־רען האָט זיך א וואָרף געטאָן אויף ספּארטאק'ן, אָבער ספּארטאק האָט איהם באלד אוועקגעלייגט. אזוי איז אויך געווען דאָס שיק־זאל פון צוויי צענטוריאנען און אכט דעקוריאנען, וואָס האָבען געוואָלט ווייזען זייערע סאָלדאטען, ווי אזוי מען דארף זיך אָפּוועה־רען. אָבער פון ספּארטאק'ס צויבער שווערד האָט קיין מענשליכע קונסט ניט געקאָנט באשיצען, און די העלדישע לעגיאָנערען האָבען נאָר געוויזען, ווי העלדען דארפען שטארבען.

אין רייהע מיט ספּארטאק'ן האָט ארויסגעוויזען וואונדערליכע גבורות דער נומידיער, וויבסאלד, דער קאָמאנדיר פון עלפטען לעגיאָן, וואָס ער האָט מיט זיין הערקולעסישער קראפט און ריזיגען וואוקס דערמאָנט ענאמאי'ען.

עטליכע אנדערע העלדען, וואָס זייערע נעמען זיינען ניטאָ אין דער געשיכטע, האָבען געקעמפּט ווי לייבען, אויסלייגענדיג ארום זיך קופּעס פון הרוגים.

די נאכט האָט זיך שוין פארשפּרייט איבער'ן שלאכטפעלד, און די שלאכט איז נאָך אלץ אָנגעגאנגען. די לבנה איז אויפגע־גאנגען און מיט איהרע בלאסע שטראהלען האָט זי באלויכטען די דאָזיגע שרעקליכע בלוטיגע בילד.

איבער דרייסיג טויזענד גלאדיאטאָרען זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען. זיי זיינען געלעגען אויפ'ן פעלד פארגאָסען מיט זייער אייגענעם בלוט און מיט'ן שונא'ס בלוט. אויך ניט ווייניג רוימער זיינען אויסגעהרג'עט געוואָרען.

נאָר אין איין אָרט פון פעלד האָט זיך נאָך געהערט דער בראזג פון שווערדען און די ווילדע געשרייען פון די קעמפּענדע.

עטליכע הונדערט מענשען, וואָס האָבען זיך צונויפגעדרענגט ארום ספּארטאק'ן, האָבען פּאָרטנעזעצט מיט עקשנות זיך צו פאר־טיידיגען. און זיי האָבען ניט געקאָנט בייקומען דעם דאָזיגען העלד, וואָס איהם האָט נאָר דער טויט אליין געקאָנט בייקומען

— קראס ! וואו ביזטו ? — האָט ספּארטאק פון צייט צו

צייט געשריען. — דו האָסט צוגעזאָגט זיך צו שלאָגען מיט מיר ! פאר וואָס קומסטו ניט ארויס ?

די לבנה האָט זיך הויך אויסגעהויבען, בעת די שלאכט איז שוין געווען געענדיגט.

וויסבאלד און ארטאריקס, ספארטאק׳ס לעצטע צוויי חברים, זיינען געפאלען אין שלאכט, און ער איז געבליבען אליין. ארומגע־רינגעלט פון אלע זייטען מיט שונאים, אינגאנצען באדעקט מיט וואונדען, אָהן א שלעם, האָט ער נאָך אלץ פאָרטגעזעצט זיך צו פארטיידיגען. ווי א בליץ האָט געגלאנצט זיין שרעקליכער שווערד אונטער וועלכען עס איז געפאלען איטליכער, וואָס האָט זיך אויף איהם פארמאָסטען.

א וואָרף־שפיז, וואָס אימיצער האָט אין איהם א וואָרף געטאָן אויף א שטרעקע פון צעהן טריט האָט איהם שווער פארוואונדעט אין דער לינקער פוס.

ספארטאק איז געפאלען אויף דער לינקער קני און, זיך צושפא־רענדיג מיט׳ן רוקען צו א קופּע הרוגים, האָט ער אָנגעטאָן דעם פאנצער און האָט פאָרטגעזעצט זיך צו פארטיידיגען. אכט וואָרף־שפיזען, וואָס מ׳האָט אין איין צייט אויף איהם א וואָרף געטאָן פון פארשיעדענע זייטען, האָבען ענדליך איהם אוועקגעלייגט.

אזוי איז אומגעקומען דער דאָזיגער מערקווירדיגער מענש, וואָס האָט אין זיך פאראייניגט די העלדישקייט פון א גרויסען ארמיי־פיהרער, קלוגשאפט מיט גרויסע גייסטיגע אייגענשאפטען, וואָס האָבען איהם געשטעמפּעלט פאר דעם בעסטען מענשען פון זיין צייט.

מירדזא האָט איהם איבערגעלעבט נאָר מיט עטליכע שעה. בעת די שונאים האָבען פארלאָזט דאָס פעלד, האָט זי ווי א שאָטען זיך פארקליבען אהין, כדי אויפצוזוכען איהר ברודער — א לעבע־דיגען אָדער א טויטען.

ניט אָהן מיה האָט זי איהם אויפגעזוכט צווישען די הרוגים. איבערצייגענדיג זיך, אז ער איז טויט, האָט זי מיט זיין שווערד זיך דערשטאָכען . . .

זיבען טויזענד אומגליקליכע גלאדיאטאָרען, וואָס זיי האָט זיך

איינגעגעבען צו אנטלויפען פון שלאכט־פעלד אונטער דעם צודעק פון דער נאכט, זיינען אריינגעפאלען אין פאמפעי'ס הענד און זיי זיינען געקרייציגט געוואָרען.

אזוי טרויעריג האָט זיך געענדיגט דער גראנדיזיער פארטראכט פון דעם דאָזיגען מערקווירדיגען מענשען, וואָס איז אומגעקומען, דערהויפט, צוליעב דער אייגענזיניגקייט פון זיינע סאָלדאטען. ווען קיינער פון זיי וואָלט איהם ניט פאררא‏טען, וואָלט אָפגעגאָלטען די גלאדיאטאָרען אוועקצוגעהן פון איטאליען און אָנצוזאמלען אין זייער היימאט נייע חיל. אָבער די פארגרעבטע שקלאפען האָבען ניט געוואָלט נאכפאָלגען זייער ווייטזעהענדען פיהרער, און זיי האָבען זיך אומגעבראכט צוזאמען מיט איהם.

ספארטאק איז געשטאָרבען, אוועקטראָגענדיג מיט זיך זיינע נאָבעלע שטרעבונגען. די פרייהייט, וואָס ער האָט געוואָלט שענקען די פעלקער, וואָס רוים האָט צוטראָטען, איז ווידער דערשטיקט געוואָרען אונטער דעם רוימישען יאָך. ווידער האָבען די רוימישע אדלערס געקאָנט הערשען איבער דער וועלט, און נייע מאסען קריגס־געפאנגענע זיינען פארוואנדעלט געוואָרען אין שקלאפען און גלאדיאטאָרען. ווידער זיינען אין די צירקען באנייט געוואָרען די גלאדיאטאָרשע געפעכטען, און דאָס בלוט פון בארבארען האָט זיך ווי וואסער געגאָסען, כדי די וועלט־הערשער זאָלען האָבען מיט וואָס זיך צו פארוויילען.

און דאָך פארקלענערט דאָס ניט די באדייטונג פון ספארטאק'ס העראָאישען פארזוך. ער האָט מיט זיין פארזוך באוויזען, וואָסערע וואונדערליכע זאכען עס קאָן אויפטאָן דער אייזערנער ווילען פון איין מענשען, וואָס איז באגייסטערט מיט ליעבע צו זיינע ליידענדע ברידער. ער האָט איבערגעלאָזט פאר די צוקינפטיגע דורות אביישפיעל פון אומצושטערבארער מוט און צודירנגליכקייט. זיין נאמען וועט קיינמאל ניט שטארבען, ער וועט איבערגעהן פון דור צו דור, אלס דער נאמען פון איינעם פון די העלדישסטע און נאָבעלסטע קעמפער פאר פרייהייט.

ע נ ד ע.

# אַ קורצער ערקלערונגס ווערטערבוך

## א.

אליגארכיע. א מלוכה ארדנונג, ביי וועלכער די העכערע שטאַט געפינט זיך אין די הענט פון עטליכע אַריסטאָקראַטען.

אווגורן. אַ פריסטער אין אַלטען רוים, וואָס פלעגט פאָראויס־זאָגען די צוקונפט.

אמפיטעאטער. די פאָלקס־געביידע אין אַלטען רוים, רונד גע־בויט מיט רייהען פלעצער איינער איבער'ן צווייטען, וואו עס פלעגען פאָרקומען פאָרשטעלונגען פון גלאַדיאַטאָר קאַמפען, אויך אַנדערע פאָר־שטעלונגען.

אפאלאן. דער גאָט פון דער זון ביי די רוימער און די אַלטע גריכען.

ארענע. דער שפּיעל־פּלאַץ אין אַ צירק.

אכעראן. אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע דער נאָמען פון אונ־טערערדישען טייך, דורך וועלכען עס פלעגען אָוועקגעפיהרט ווערען די שאטענס פון די געשטאָרבענע.

אימפעראטאר. אַ עהרען טיטעל, וואָס מיט איהם פלעגט גע־וועהנליך באלוינט ווערען דער הויפט קאָמאַנדיר פון דער רוימישער אַרמיי נאָך דעם ערשטען גרויסען זיעג.

## ב.

באזיליקא. פראכטפולע לענגליכע געביידען, אינוועניג פאַנאַנ־דערגעטיילט לאַנג אויס דורך זיילען.

## ג.

גלאדיאטארן. קעמפער (פייטער), וואָס מען פלעגט ערציהען אין ספעציעלע שוהלען און זיי צווינגען זיך צו פעכטען צווישען זיך, אָדער מיט ווילדע חיות אין די רוימישע צירקען.

## ד.

דעקוריאן. זעה לעגיאָן.

דיקטאטאר. דער העכסטער בעאַמטער אין דער רוימישער מלוכה, וועלכער פלעגט ערוועהלט ווערען אין פעלען פון גרויסער געפאַהר נאָר אויף זעקס מאָנאַטען, זיין מאַכט איז געווען כמעט אומבאַשרענקט.

## וו.

וועסטאַלקעס. די פּריסטערינס פון דער געטין וועסטאַ, וואָס פלעגען אָפּהיטען אַז די הייליגע פייערן אין די טעמפּלען זאָלען ניט פארלאָשען ווערען.

וועטעראַן. אַ ערפאַהרענער סאָלדאַט, איינער, וואָס איז שוין לאַנג אין דיענסט.

## ז.

זעוועס אדער זעווס. דער הויפּט גאָט פון די אַלטע גריכען.

## ט.

טריבון. זעה לעגיאָן.

טאלאנט. אַרום 750 דאָלאַר.

טאָגע. אַזאַ מין פּלאַשץ.

טאָר. דער גאָט פון דונער אין דער מיטאָלאָגיע פון די פעלקער פון צפון אייראָפּאַ.

טוניק. אַ בגד, וואָס מען פלעגט טראָגען אויפ׳ן היילען לייב.

## י.

יוגורטאַ. דער קעניג פון נומידיען, געגענדען, וואָס האָבען אַמאָל פאַרנומען די גרעניצען פון היינטיגען אַלזשיר. די רוימער האָבען יוגורטען באַזיעגט און גענומען אין פּלען.

## כ.

כאַראָן. אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע דער אַריבערפיהרער פון די שאָטענס פון די געשטאָרבענע.

כלאַמידע. אַזאַ מין קורצער פּלאַשץ, אָדער פּעלערינע.

## ל.

לעגאַט. זעה לעגיאָן.

לעגיאָנער. איינער, וואָס האָט געדיענט אין לעגיאָן.

לאַטן. פּאַנצערס.

ליקטאָרן. אַ ספּעציעלע עהרען־וואַך פאַר די דיקטאַטאָרס, קאָנסולען און פּרעטאָרן. זיי פלעגען טראָגען מיט זיך אַ בינטעל ריטער מיט אַ האַק איננווייניג.

לעגיאָן. אַ רוימישער לעגיאָן איז באַשטאַנען פון צעהן קאָגאָרטען. אַ קאָגאָרט האָט זיך געטיילט אויף צוויי מאַניפּולען; אַ מאַניפּול — אויף צוויי צענטוריאָנען (מאות). דערצו אַן אַפּטיילונג פון לייכט באַוואפענטע סאָלדאַטען און 300 רייטער = 10 טורמאַס = 30 דעקוריאָנען

(צעהנדליגע). אינגאנצען איז א לעגיאָן באשטאַנען פון זעקס טויזענד מאַן. די הויפט קאָמאַנדע איבער אַ לעגיאָן האָבען געהאַט: אַ לעגאַט און זעקס מיליטערישע טריבונען. מיט דער צענטוריע האָט קאָמאַנדירט אַ צונטוריען, מיט דער דעקוריע — אַ דעקוריאָן.

## מ.

מאריוס. אַ באַוואוסטער רוימישער ארמיי פיהרער און פּאָליטי־שער טוער, דער ערשטער קאָנסול פון די פּלעבעיער, דער פאָרשטעהער פון דער דעמאָקראַטישער פּארטיי, האָט געקעמפט געגען סוללאַ'ן, האָט באַ־זיעגט אַ סך פעלקער. (86—157 פאר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג).

מאטראָנאַ. אַ פאַרהייראַטע אָנגעזעהענע רוימערין.

מיטרידאַט. דער פאָנטישער קעניג (פאָנט — דער צפון־מזרח ראַיאָן פון קליינאַזיען) די רוימער האָבען מיט איהם געפיהרט דריי מלחמות און באזיעגט.

## ס.

סאַמניטען. אַ פאָלק פון פאַסטוכער, וואָס האָבען געוואוינט אויף די בערג פון איטאַליען. די רוימער האָבען מיט סאַמניטען געפיהרט אַ סך מלחמות און האָבען זיי אינגאַנצען באַזיעגט.

סענאַטאָר. זעה סענאַט.

סענאַט. דער מלוכה־ראַט, די העכסטע מלוכה־אינסטאַנציע אין אַלטער רוים. די מיטגליעדער פון סענאַט האָבען זיך גערופען סענאַ־טאָרען, וואָס האָבען געבילדעט אַ באַזונדערען סענאַטאָר־שטאַנד.

סערטאָרי. אַ באַוואוסטער רוימישער ארמיי פיהרער, וואָס האָט זיך אָפּגעריסען פון רוים, און האָט אַ לאַנגע צייט געקעמפט אין שפּאַ־ניען פאר זיין אומאפּהענגיגקייט.

סעסטערציע. אַ מטבע = 3 סענט.

סטיל. אַזאַ סאָרט אייזערנער גריפעל, מיט וואָס די רוימער פּלע־גען שרייבען.

## פּ.

פּאַלאַטין. איינער פון די זיעבען בערגלעך, אויף וועלכע דער אַלטער רוים איז געשטאַנען.

פּאַפּירוס. אַזאַ סאָרט פּאַפּיר, וואָס פלעגט געמאַכט ווערען פון אַ פלאַנצונג מיט'ן זעלביגען נאָמען, וואָס האָט געוואקסען אין מצרים.

פּאטריציע. אַ רוימישער אַריסטאָקראַט.

פּלעבעי. אַ מענש פון פּראָסטען המון, פון נידריגען שטאַנד. די פּלעבעיער אין רוים זיינען אַ לאַנגע צייט געווען באשרענקט אין זייערע רעכטען.

פארטיק. אזא מין וועראנדע, א אפענע גאלעריע.

פרעטאר. א פארוואלטער פון א ראיאן.

פערפעקט. א בעאמטער, וואס האט פארוואלטעט מיט א געוויסען דעפארטמענט אין א ציווילען אדער מיליטערישען געריכט.

פראסקריפציע. א עפענטליכע מעלדונג וועגען דעם, אז דאס אייגענטום פון דער אדער יענער פערזאן ווערט קאנפיסקירט פון דער רעגירונג פאר א פארברעכען, וואס די פערזאן איז באגאנגען.

פאמפעי. א בארימטער ארמיי פיהרער און פאליטישער טוער, א געגנער פון יולי צעזאר, מיט וועמען ער האט צולעצט געפיהרט א בירגער קריעג (49—105 פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג.)

## פ.

פארום. א שטענדיגער פלאץ פאר פאלקס־פארזאמלונגען.

פראקיען. א געגענד אויפ'ן דרום־מזרח ענד פון באלקאנישען האלב־אינזעל; דער הויפט טייל פון דער היינטיגער אייראפעאישער טערקיי.

פוריען. די געטינס פון נקמה, וועלכע, ווי די רוימער האבען געגלויבט, פלעגען אין גיהנום פייניגען מערדער מיט שרעקליכע גייס־טיגע יסורים.

## צ.

צענטוריע, צענטוריאן. זעה לעגיאן.

צערערא. די געטין, וואס פלעגט באשיצען ערד ארבייט.

ציצעראן. א בארימטער רוימישער אראטאר און פאליטישער טוער; געבארען אין'ם יאהר 106, געשטארבען אין יאהר 43 פאר דער קריסטליכער צייטרעכענונג.

## ק.

קאנארט. זעה לעגיאן.

קאנסול. דער העכסטער בעאמטער אין רוים. אין רוים זיינען געווען שטענדיג צוויי קאנסולען, וואס פלעגען ערוועהלט ווערען אויף א יאהר.

קוועסטאר. א בעאמטער, וואס האט געהאט צו טאן דערהויפט אין דער טרעזשורי.

## ר.

רעגאליען. סמנים פון אויסצייכענונג, ארדענס.

רודיארי. א גלאדיאטאר, וואס איז באפרייט געווארען פאר זיין העלדישקייט אויפ'ן פארלאנג פון פובליקום און פלעגט מעהר ניט אנטייל נעמען אין די גלאדיאטארשע קאמפען.

# אינהאַלט־פאַרצייכניס:

